מאָרים ווינטשעווסקי

# געזאמלטע ווערק

רעדאַקטירט פון קלמן מרמר

פאַרלאַג „פרייהייט“
ניו יאָרק, 1927



מאָרים ווינטשעווסקי ביי זיין אָנקום אין אַמעריקע

# פֿאָרוואָרט

דער צווייטער טייל פֿון מאָריס ווינטשעווסקי'ס „עראינערונגען“ איז צוזאַמענגעשטעלט פֿון מאַטעריאַלן, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין פֿאַרשידענע צייטשריפֿטן.

די ערשטע עלף קאַפּיטלען (זייטן 9—121) זיינען צוערשט געדרוקט געווען אין דער „צוקונפֿט“ (1908—1909), פֿון וועלכער מ. ווינטשעווסקי איז דעמאָלט געווען רעדאַקטאָר. די פֿיר קאַפּיטלען וועגן „פּוילישן אידל“ (זייטן 122—187) זיינען געווען געדרוקט אין דעם דריי־מאָנאַטלאַכן זשורנאַל „די נייע וועלט“, רעדאַקטירט פֿון יעקב מילך, ניו יאָרק, 1909. די זייטן 9—187, מיט אַ טייל פֿונם נייגטן באַנד, זיינען אויך אַרויס אין בוך־פֿאָרם, אינם פֿאַרלאַג „שול און בוך“, מאָסקווע, 1926. די דריי קאַפּיטלען „דער אַרבעטער פֿריינד“ (זייטן 188—232) זיינען געווען פֿאַרעפֿנטלאַכט אין דר. זשיטלאָווסקי'ס חודש־זשורנאַל „דאָס נייע לעבן“, ניו יאָרק, 1910. דאָרט איז אויך געווען אַ פֿערטער קאַפּיטל, אַ ריין טעאָרעטישער, וועלכער קומט דאָ צווישן די „ביילאַגן“ (זייטן 253—327).

דעם פֿאָדים פֿון זיינע „עראינערונגען“ האָט דער זיידע וויטער אויפֿגענומען ערשט 17 יאָר שפּעטער, אין דער „פֿרייהייט“, 1927. נאָר ער האָט איבערגעהיפּט זיינע זכרונות פֿון די לאָנדאָנער יאָרן (1887—1894) און אָנגעהויבן פֿון זיין פֿאַרלאָזן ענגלאַנד און זיין אָנקום אין אַמעריקע סוף 1894. ליידער איז דער זיידע באַלד קראַנק געוואָרן און ניט געקענט פֿאָרטזעצן מער ווי די 19 זייטן (223—252), וואָס זיינען דאָ פֿאַרעפֿנטלאַכט.

אין די „ביילאַגן“ גייען אַריין אַזוינע קאַפּיטלען פֿון די „עראינערונגען“, וואָס האָבן אַן אינטערעס בלויז פֿאַר אַ ספּעציעלן קרייז לייענער, ווי „דער סאָציאַליזם פֿון די אַכציקער יאָרן“, און „די לאָנדאָנער העברעאישע שרייבער אינם סוף פֿון די זיבעצי־

קער יאָרן". ס'ווערן דאָרט אויך געגעבן יענע זכרונות, וואָס דער זיידע האָט פון צייט צו צייט פאַרעפנטלאַכט אויסערהאַלב זיינע סיסטעמאַטישע, כראָנאָלאָגישע „עראינערונגען", ווי „מיין אַר־בעטער מוזע" און „יאָהאַן מאָסט אין לאָנדאָן".

פון די „צוגאָבן" (זייטן 328—330) איז מחמת אַן אויסער־לאָכער סיבה אויסגעבליבן אַ צוגאָב צו זייט 101, וואָס דער־ציילט, ווי אזוי אהרן ליבערמאַן האָט געזאַמלט אונטערשריפטן אויף אַ פּראָטעסט קעגן דער אַרעסטירונג פון לעאָן האַרטמאַן און אַן אויפרוף צום פראַנצויזישן פאָלק, ניט צוצולאָזן, אַז די רעגירונג זאָל אים איבערענטפערן אין די צאַרישע הענט. דער דאָזיקער פּראָטעסט האָט געזאָלט קומען פון די לאָנדאָנער רוסן, וועלכע זיינען אַלע געווען אידן, אַ חוץ איינעם, אַ געוויסער ליניאָוו, אַן עלעקטריקער.

אַלע באַמערקונגען, וואָס שטאַמען פון ווינטשעווסקי'ס פע־דער, זיינען אונטערגעצייכנט מיט די אותיות מ. וו. אַלע אַנדע־רע באַמערקונגען זיינען מיינע. די אינהאַלטן איבער די קאַפּיט־לען זיינען ווינטשעווסקי'ס. די פון זייטן 233, 269, 275 און 282 האָב איך אַליין צוגעגעבן.

די בילדער פון ווינטשעווסקי'ן, זיין פרוי, זיין חבר הור־וויטש, זיינע תלמידים הילעלזאָן און וועס, די לאָנדאָנער צייט־שריפטן און ווינטשעווסקי'ס פאַרטיי־ביכל פון דער רוסלענדי־שער קאָמוניסטישער פאַרטיי (באָלשעוויקעס) זיינען געמאַכט גע־וואָרן פון אָריגינעלע בילדער און צייטונגען. די איבעריקע זיינען קאָפּירט פון פאַרשידענע ביכער און זשורנאַלן.

אויף זייט 49 האָט געזאָלט קומען אַ בילד פון קלאַראַ העס. נאָר ניט קריגנדיק עס, האָב איך אין דער לעצטער מינוט אַריינגע־געבן אויף דעם פּלאַץ דאָס בילד פון משה העס.

**קלמן מרמר.**

ניו יאָרק, 28טן דעצעמבער, 1927.

**פאַרן אַרויסגיין אין גלות. — אידישע שרייבערייען. — אומשולדיקער פעליעטאָן. — אליקום צונזער. — די מלחמה צווישן דעם „הקול“ און דעם „המליץ“**

דריטהאַלבן חדשים זיינען פאַרגאַנגען פון דעם טאָג, ווען איך בין אַרויסגעקומען דאָס ערשטע מאָל אַף ערבות, ביז מיר האָבן זיך געזעצט אַף דער שיף צו פאָרן קיין דענעמאַרק. אין די דריטהאַלבן חדשים בין איך ליידיק ניט געזעסן.

פאַרבאָטן איז נאָר געווען דער „אספת-חכמים“. דער „הקול“ און דער אידישער בלאַט „קול לעם“ האָבן, למשל, זיך געהאַלטן גוט און פרום, דאָס הייסט, ריין פון סאָציאַליזם און אַנטי-בים־מאַרקיזם, אָבער עקזיסטירט האָבן זיי פונדעסטוועגן פאָרט. איך האָב אויסגענוצט די צייט פון איין אַרעסט ביז דעם צווייטן ווייטער צו שרייבן. נאַטירלאַך, איז דער טאָן איצט געווען אַן אַנ־דערער און די טעמאַס פון די אַרטיקלען כמעט אומשולדיקע.

און געשריבן האָב איך ניט נאָר העברעאיש אין דעם „הקול“, נאָר אויך אידיש אין דעם אידישן בלאַט. דורכבלעטערנדיק דעם „קול-לעם“ פון 1879, געפין איך דאָרטן אַ פעליעטאָן אין נומער 3 („ווען איך וואָלט ראָטשילד געווען!“) און נאָך איינעם אין נומער 4 פון 31 יאַנואַר.

דער לעצטער האָט געמעגט געשריבן ווערן פונם ערשטן בעסטן „הומאָריסטישן“ אָרים-בחור, וועלכער האָט אין זיין גאַנצן לעבן ניט געהערט ניט פון מאַרקס, ניט פון זיין תורה.

---

חוץ דיביידע פעליעטאָנען (אונטערגעשריבן „יגלי איש הרוח“) געפין איך בלעטערנדיק אין דעם „קול לעם“ פון 1879 אַ

לאנגן ארטיקל אלס קאָרעספּאָנדענץ פון קעניגסבערג אין די נו־מערן 11, 12, 13 און 14 געדרוקט אין מערץ, אונטערגעשריבן „בן נץ", און שפּעטער אין נומער 22 (פון 20 יוני 1879) אַ קאָרעספּאָנדענץ פון פּאַריז מיט דערזעלביקער אונטערשריפט.

דאָס איז, אַזוי ווייט ווי איך געדענק, מיין גאַנצע אידיש־שרייבעריי פון יענער צייט, אָנגעפאַנגען אין 1877 און געענדיקט אין 1879.

דער לשון איז ווי אַ מאָל. אין דעם דערמאָנטן פעליעטאָן איז די אידיש, דאַכט זיך, ניט שלעכט. דאגעגן געפינט זיך אויף דעם סאַמע קעפל פון דעם פעליעטאָן, געדרוקט אַ וואָך פריער, די הויך־דייטשישע פראַזע: „ווינשע איינעם מלמדות צום נייעם יאָר".

איינער פון מיינע קאָלעגן אין דעם „קול לעם", מער ניט אַ פיל אַפּטערער שרייבער ווי איך, איז געווען אליקום צענזור. ער האָט אויך אָנגעהויבן צו שרייבן אין ראָדקינסאָנ'ס אידישן בלאַט אין 1877 און האָט, דאַכט זיך, אויך אויפגעהערט אין 1879. שרייבן פלעגט ער מייסטנס קאָרעספּאָנדענצן פון מינסק, וואו ער האָט דעמאָלט געוואוינט. זיינע ארטיקלען זיינען גע־ווען פול מיט דערזעלביקער ליבע צום אידישן פאָלק, מיט דער־זעלביקער אמת'ער ליבע, אַ ליבע, וועלכע ווייזט זיך אָפט אין די שמיץ, וואָס זי גיט און וועלכע איר געפינט אין זיינע לי־דער, איבערהויפּט ווען ער אליין זינגט זיי, ער מיט זיין זיסן ניגון, האַלב געזאַנג — האַלב קלאָג, האַלב גערעדט — האַלב געזונגען, אַמאָל שטייגנדיק און פאַלנדיק ווי כוואַליעס אין אַ שטורעם, אַמאָל גלאַט זיך גיסנדיק ווי דער פלוס פון אַ שטילן קוואַל און שטענדיק ארויסקומענדיק פון אַ גרויסן ליבעספולן האַרץ, שטענדיק דערגרייכנדיק די הערצער פון זיינע צוהערער.

איך האָב געזאָגט „מייסטנס קאָרעספּאָנדענצן", מחמת אונ־זער אליקום פלעגט דאָרטן שרייבן געדיכטן אויך.

אין דעם „קול לעם" פון 1877 געפין איך אין צוויי נומערן זיינע עפּיגראַמען אַ שטיקלאַך 10 (אין אכט־פערזיקע סטראָפן),

וועלכע ער האט אונטערגעשריבן „קונא רוזיל מאץ“, פארדריי־
ענדיק די אותיות אין אליקום צונזער.

צווישן מיינע קאלעגן פון יענער צייט איז אויך געווען מיכל גארדאן, יהודה לייב גארדאנס ברודער, און א געוויסער שלמה ראבינאוויטש, וועלכער האט געשריבן א סאטירישן ראמאן (דאכט זיך) אונטער דעם נאמען „דער געפריצעוועטער איידעם“.

---

דאס איז געווען אין „קול לעם“.

אין דערזעלבער צייט איז אין דעם „הקול“ אנגעגאנגען א מלחמה קעגן אלעקסאנדער צעדערבוים, דעם רעדאקטאר פון דעם „המליץ“.

דר. קאמינער האט זיך אנגענומען מיין קריוודע — צע־
דערבוים האט עפעס געשריבן קעגן מיר, בשעת איך בין גע־
זעסן אין ביסמארקס קעניגלאכן האטעל — און ער האט אויך פארטיידיקט דעם „הקול“ בכלל.

אנדערע שרייבער האבן זיך אריינגעווארפן אין דער מלחמה ווי ערנסט דערדאזיקער קריג איז געווארן, קאן מען זעען פונם פאלגנדן טרויעריקן פאקט:

מיט פיר מאנאטן שפעטער (אין מאי 1879) איז ראדקינסזאן ארעסטירט געווארן אין קאוונע דורך א מסירה, וועלכע איז גע־
ווען געדרוקט אין דעם „המליץ“ אין אן ארטיקל („בגבורה ולא בשתי“) און דורך דעם, וואס א געוויסער אידישער ליטעראט האט, אום זיך אן ראדקינסזאנען נוקם צו זיין, געלאזט איבערזעצן אין רוסיש און עס דערלאנגט „ווענען מע דארף און וואו ס דארף“. ווען ניט דערזעלביקער שלמה פיינבערג, ארום וועלכן עס איז שוין גערעדט געווארן, וואלט מען ראדקינסזאנען גע־
משפט מיט צעדערבוימען אלס דעם אומדירעקטן מוסר און אן אנדער אידישן ליטעראט*) אלס דעם דירעקטן. און ווי זאגט די מגילה? — „וכדי בזיון וקצף“.

---

*) א געוויסער, אדיר, וועמען א בריוו אין „אספת חכמים“, נומערן 4־5 טבת־שבט, 1877, האט דערקלערט פאר א שארלאטאן. —ק. מ.

**ווידער א שינוי השם. — מיין ערשטער ליטעראַרישער מסחר. וועלט־פּאָליטיק. — וועלט־מארק און נודנעס. — אונזער אריסטאָקראַט. — אן איבעראַשונג אפן שיף. — אין דער פּאָליציי. באם פּרעזידענט. — ענדלאך פריי! — שוילאָק.**

פאר מיין ארויספאָרן פון פרייסן האָב איך געשריבן, חוץ די אידישע פעליעטאָנען, ארום וועלכע עס איז גערעדט געוואָרן אין דעם פאָריקן קאַפּיטל, דריי פעליעטאָנען אין העברעאיש. ווי די אמאָליקע אינם „אספת-חכמים“, זיינען דידאָזיקע דריי און צוויי אנדערע אין דעמזעלביקן יאָר (1879) געווען אונטערגעשריבן „יגלי איש הרוח“. אליין אָבער האָבן זיי איצט געהייסן ניט „חזיונות“ נאָר „לקוטים“, וואַרשיינלאך מבלבל צו זיין דעם שטן (דעם צענזאָר).

אף דידאָזיקע פעליעטאָנען האָט זיך מיין טעטיקייט ניט באַשרענקט.

איך האָב אָנגעהויבן אין „הקול“ א נייע סעריע אַרטיקלען אונטער דעם נאָמען „על האבנים“ (אפן ברעכשטול) — א נאָמען, וועלכער האָט געזאָלט אָנדייטן די קומענדיקע געבורט פון א נייער צייט.

אין די אַרטיקלען זיינען דיסקוטירט געוואָרן, אזוי ווי דער סאָציאַליזם איז איצט שוין געווען אין דייטשלאַנד אויך פאַרבאָטן, ווילנס-פרייהייט, די פרויען־פראַגע און אנדערע זאכן. די ברייטקייט, מיט וועלכער איך האָב געזוכט צו באַווייזן, אז דער מענטש איז ניט קיין בן בחירה, ד. ה., אז ער האָט ניט קיין פרייע וואַל צו טאָן וואָס ער וויל און צו האַנדלען אזוי אָדער אַנדערש, — אָט די ברייטקייט מיינע איז פּיליכט געווען א בי־

סעלע ניט נאך מיין וואוקס אין יארן און בילדונג, אבער די אר־טיקלען גופא זיינען געווען ניט שלעכט. שפעטער האבן זיי אפילו ארויסגערופן אינטערעסאנטע דיסקוסיעס צווישן א גע־וויסן נפתלי הלוי, ארום וועלכן איך וועל אין קורצן ריידן, און מיר.

דאס זיינען געווען אינגאנצן זיבן ארטיקלען, געדרוקט אין 6 נומערן „הקול“ צווישן דעם 16טן מערץ און דעם 11טן מאי.

משמעות האט דער צענזאר אין ווילנע דערשמעקט אין זיי טרפה׳ס, מחמת הער ראדקינסזאן האט גענומען משנה־שם זיין גלייך באם דריטן ארטיקל. פון „בן־נץ“ איז געווארן „בן-ציון“ און „על האבנים“ איז פארוואנדלט געווארן אין „שאלת־הנשים“.

איך געברויך דעם ווארט „ווארשיינלאך“, ווייל גענוי ווייס איך דאס ניט. דעם טאג, וואס דער ערשטער ארטיקל („על האבנים“) איז געדרוקט געווארן, האב איך זיך געזעצט אפן שיף קיין דענעמארק.

---

אין פרט פון פרנסה בין איך געווען א געבראכענער מענטש.

פארנדיק קיין פראנקרייך מיט ניט מער פראנצויזיש, וויפיל א מענטש קאן דערגיין כמעט אן א לערער אין קאוונע, האב איך נאטירלאך ווייניק וואס אויסזיכט געהאט צו מאכן א לעבן אין פאריז. עס איז אמת, דער אלטער פיינבערג האט מיר מיטגע־געבן 400 מארק (100 דאלאר) און קליידער האב איך געהאט מער און בעסערע ווי א סאציאליסט פון יענע צייטן, ווען אלע זיינען געווען אידעאליסטישער ווי היינט, האט געהאט א רעכט צו האבן. אבער ווי לאנג קאן מען לעבן מיט אזא קאפיטאל? און דא רעדט מען שוין גארניט דערפון, אז מע איז ניט געפארן אליין און מע האט ניט געקאנט לעבן פאר זיך אליין... וואס הייסט דאס „איך האב“, ווען פארן — פארן מיר זאלבעפערט? און ווידער אמאל איז אמת, אז צוויי פון אונז האבן רייכע, דאס הייסט, כמעט רייכע עלטערן, אבער איידער וואס ווען... און באם ארויספארן איז בא מיר (דעם קאסירער פון די פיר ארויסגעטרי־

בענע) טאָקע מער ניט געווען ווי א געמיינשאַפטלאַכער פאַר־
מעגן פון 600 מאַרק, שוין אַריינרעכנדיק פיינבערגס פיינקייט.
שלעכט!

ראַדקינסזאָן האָט דאָס איינגעזען.

— „ווייסט איר וואָס?", — זאָגט ער צו מיר א טאָג אָדער צוויי פאַרן אוועקפאָרן.

— ניין, — זאָג איך.

— „איך וועל אייך זאָגן, — מאַכט ער, — מהיום והלאה, פון היינט מאָל אָן, דאַרפט איר קריגן באַצאָלט פאַר אייער שרייבן. יאָ, באַצאָלט... פון וואַנען דען וועט איר דאַרטן לעבן אין פאַ־ריז?... באַצאָלט!"

איך האָב אים אָנגעקוקט זיך צו איבערצייגן, אז ער רעדט דאָס ניט פון היץ, ביז איז ער ניט חלילה אַראָפּ פון זינען... מילא, זאָל ער צאָלן — לאָז שוין זיין, הגם דאָס איז אויך ניט נאַטירלאַך. מ י ר צאָלן און פאַר שרייבן — נו, מאַלע וואָס עס פּאַסירט אף דער וועלט, עס גייט דאָך ניט אַלץ כדרך הטבע... ניט אַלץ, ניט שטענדיק, ניט אונטער אַלע אומשטענדן... טרעפט זיך! אָבער ער — מיר, אי ער, אי מיר, צאָלן... ביידע אינײנעם, דאָס אין א נס בתוך נס, דאָס איז וואונדערבאַרער ווי דער „צבת בצבת" — דער צוואַנג אין דעם צוואַנג פון „בריאת עולם", פון וועלכע דער פּרק רעדט.

הער ראַדקינסזאָן האָט פאַרשטאַנען, אז דאָ בעט זיך אַן ערקלערונג, א „ויש לישב בדוחק".

— „אָט הערט זשע, — זאָגט ער, — איר וועט מיר שרייבן דעם „על האבנים", שיינע עטלאַכע פאָרזעצונגען און אַמאָל א „יגלי" (אזוי פלעגט ער רופן מיינע פעליעטאָנען אונטערגעשריבן „יגלי איש הרוח" — „משוגעת" בלע"ז) און.. איר פאַרשטייט..."

ער האָט זיך, געדענק איך, א ווײַלינקע געקווענקלט און האָט דאַן אומגעפּער אזעלכע ווערטער אַרויסגעבראַכט:

— „און.. הייסט עס... צוויי קראַספּעדענציעס אַלע וואָך..." — דער „הקול" פלעגט דערשיינען צוויי מאָל א וואָך

און הער ראדקינסזאָן, זאָל עס אים צו קיין גנאי ניט זיין, האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט אויסצולייגן אָדער אויסצושפּרעכן ריכטיק דאָס וואָרט קאָרעספּאָנדענט אָדער קאָרעספּאָנדענץ.

— „יאָ, יאָ!“ — האָב איך אונטערגעכאַפּט, ווערנדיק ניי־געריק צו הערן זיין פאָרשלאַג אויסגעדריקט אין מטבעות.

— „וועל איך אייך שיקן 20 מאַרק אחודש...יאָ... אין פּאַריז, — האָט ער אויסגערעכנט אויף דער שטעל — איז דאָס 25 פראַנק“.

דאָס הייסט, לויט דעמאָלטיקן חשבון, 9 מיט עפּעס רובל אַ חודש.

פאַר צוויי „קראָספּעדענציעם“ מיט אַן אַרטיקל און אַמאָל אַ „משוגעת“ נאָך דערצו צוויי רובל מיט עפּעס אַ וואָך! איך האָב אַ שמייכל געטאָן.

מיינט איר דאָך אפשר, אַז מיר האָט זיך דאָס געדאַרפט אויסווייזן לעכערלאַך ווייניק און, הייסט עס, דערפאַר האָב איך דאָס אונטערגעשמייכלט. אַ טעות, רבותי, איך האָב פשוט ניט געגלויבט, אַז ער וועט מיר, ריכטיקער: אַז ער — מיר וועט אפילו אַזוי פיל געבן.

און דאָ גלייך צו ענדיקן מיין ערשטן ליטעראַרישן מסחר מעג איך אייך זאָגן, אַז געשריבן האָב איך פאַרן „הקול“ דורכן גאַנצן יאָר, אָבער געקראָגן האָב איך דעם ערשטן חודש, צום סוף פון דעם חודש, נאָך דעם חודש, 20 אַנשטאָט 25 פראַנק, דאַן נאָך אַ פינפערל און דערמיט האָט זיך די ערד צוגעשלאָסן.

---

אויף דער שיף האָבן מיר זיך געזעצט דעם 16טן מערץ. באַ גלייט האָבן אונז, חוץ אייניקע פון מיינע פילע גוטע פריינט, שיינע עטלאַכע דעטעקטיווס מיט דעם קרימינאַל־אינספּעקטאָר בראש. מיט עטלאַכע טעג פריער האָט מען אונז אַלע פיר פאָ־טאָגראַפירט אין פאַרשיידענע פאָזעס אויף דעם חשבון פון דער קייזערלאַך־קעניגלאַכער רעגירונג. .. ....

די פאָרטרעטן זיינען געבליבן באַ דער פּאָליציי בעת די

אָריגינאַלן זיינען זיך לאַנגזאַם געשוואוּמען צו דענעמאַרק צו.

יאָ, לאַנגזאַם, — מחמת מיר זיינען געפאָרן אויף אַ פּראַכט־שיף, דאָס האָט, אַשטייגער, פּרייסן עקספּאָרטירט איר איבער־פּראָדוקציע אין דעם אַרטיקל סאָציאַליזם, אַ „פאַבריקאַט“, פון וועלכן עס איז, אפנים, געווען אין ביסמאַרק׳ס אויגן צופיל אין דייטשלאַנד און צו ווייניק אין ענגלאַנד: די פּאָליטיק רעגולירט דעם וועלט־מאַרק.

אונזער פאָרן איבער דענעמאַרק אַרום און אַרום דעם צפון פון אייראָפּע דורך עטלאַכע ימים איז נאַטירלאַך געווען אַן אומזין פון דעם שטאַנדפּונקט פון שנעלן טראַנזיט, אָבער ווי איך האָב שוין דערקלערט, האָבן מיר ניט געטאָרט פאָרן דירעקט, ניט, למשל, איבער האַמבורג קיין לאָנדאָן, אָדער איבער בערלין קיין פּאַריז. מע האָט אונז געפירט אַרום און אַרום, זעקס טעג איבערן ים, ווי דער אויבערשטער האָט געפירט אונזערע אבות אבותנו אַרום און אַרום דורכן מדבר אַנשטאָט דירעקט איבער ארץ פלשתים, הגם בא אונז איז ניט געווען וואָס מורא צו האָבן, אַז מיר וועלן חרטה האָבן אויף דער גאולה און וועלן צוריקגיין קיין פּרייסן, ווי אונזערע עלטערן קיין מצרים. אונז וואָלט באַגלייט אפן וועג ניט אַ ניטאָ־וואָס־אָנצוטאַפּנדיקער פייער־זייל מיט אַ וואָלקן־זייל, נאָר אַ קעניגלאַך פּרייסישער קאָנוואָי, אַ ממשות׳דיקער באַגלייטער, אָנגעפילט ניט מיט רוח הקדש, נאָר מיט גרונטאָוונער דאַרער קישקע, קאַרטאָפל און ביר.

אַלזאָ, מיר פאָרן אויף אַ פּראַכט־שיף, מיר פאָרן לאַנגזאַם. איך פאַר׳חלום זיך. ..

אַ שיף מיטן ים אַרום און אַרום — „והמים להם חמה“, רעכטס און לינקס, פון פאָרנט און פון הינטן — איר קאָנט ניט גיין ווייטער ווי די פאַרענצעס, איר האָט רק דעם שרעקלאַכן וואַסערדיקן מויער פאַר די אויגן: אַ טורמע כ׳לעבן! אַ שווימענדיקער אַסטראָג!

אָבער איך חלום ניט לאַנג. מיין פּראָזאַאישער מאָגן מאַכט

א מרידה און צעשטערט די גאנצע שיינע פאנטאזיע. איך בין איגגאנצן אין די אייזערנע לאפעס פון דער ים-קראנקהייט...

---

און אויף מארגן בין איך שוין טאקע ווידער א מענטש מיט אלעמען צוגלייך. נאך בלייבט אביסל איבלקייט אין מויל, עפעס ווי נאך א מחלוקה מיט א גראבן יונג, אבער עס ווילט זיך שוין ווידער ניט נאר לעבן, נאר אויך שרייבן.

און איך זעץ זיך אוועק און הויב אן צו שרייבן מיין ערשטע „קארעספאנדענץ" פארן „הקול" וועלכע דערשיינט אין נומער 23.

אף דער שיף פילט זיך שוין דער טעם פון דעם קומענדיקן זיין אין דער פרעמד, צווישן מענטשן, וועלכע ריידן אן אומפארשטענדלאכן לשון. מיר פרובירן זיך אונטערהאלטן מיט די דײַטשישע מאטראסן און עס גייט ניט. מיינע פריינט קויפן בא זיי ליימענע פיפקעס, אבער מיר פרובירן פון זיי רויכערן טערקישע טאבאק, און מיר, וויניקסטנס, ווערט פון דאסניי נודנע.

און פארלאזנדיק די מאטראסן, קומען מיר פיר זיך צונויף אין אונזער קאבינע. איינער לייענט טשערנישעווסקיס „אנטראפאלאגישן פרינציפ", אן אנדערער האקט אין מוח אריין ענגלישע ווערטער, קאנקורירנדיק מיט א דריטן, וואס האט שוין אין טורמע אנגעפאנגען צו שטאפן זיך מיט ווערטער-ביכער; א פערטער פאבריצירט א ציגנוואלף צו שפילן באטאג.

---

צווישן אונז פיר איז הורוויטש אין פילע באציאונגען דער אינטערעסאנטסטער.

ער האט זיך געהאדעוועט אין „טיף-רוסלאנד", איז א שיינער בלאנדין, מיט א זעלטן פיינער בארד, וועלכע וואלט דערגרייכט דעם לעצטן קנעפל פון דער וועסט, ווען מע זאל זי לאזן וואקסן, און ער האט בלויע אויגן. זיין נאז איז עפעס צו אידיש לענגלאך, און דאס איז מיין פריינטס „אומגליק", ניט קלענער ווי בא לארד באיראנען דער הינקענדיקער פוס.

הורוויטש איז אן אסימיליאטאר. מער ה׳ דאָס, ער איז זייער אומצופרידן מיט זיין אייגענער אידישקייט און שטאָל־צירט דערמיט, וואָס ער איז במעט א גוי אין פרט פון ניט וויסן די נפקא מינא צווישן תשליך און גומל בענטשן, ער קאן זיך אויף אידיש ניט אונטערשרייבן און דאָס מאכט אים זיין לעבן זיס. ער וואָלט שוין געווען אינגאנצן פריי פון דעם פארפלוכטן „צלם־אלקים“, האָט ער אָבער א נאָז!

ער איז אונזער „אריסטאָקראט“. דלות איז פאר אים ניט,



הורוויטש, דער „אריסטאָקראט“.

ווי פאר אונז, שרעקלאך אומבאקוועם, נאָר ניט שיין, ניט עס־טעטיש, ער ליבט צו עסן גוט און איז א מבין אף מאכלים. זיינע אַלטע בגדים בלאָזן נאָך פון זיך, געדענקנדיק זייער רייכע אפשטאמונג, זייער אמאָליקן פרייז און זייער באשאפער, זיינע

שטיוול מעג פעלן גאנצקייט און דריי פערטל קנאפל, אבער ניט דער גלאנץ.

ער האט ליב פרויען אויך ווי אן אריסטאקראט. ער פאר־געסט קיינמאל ניט אן זיך. ער קאן ניט ליידנשאפטלאך ליבן, אבער אפילו ווען ער וואלט זיין גענוג פארליבט אום זיך אויפ־צואפערן, וואלט ער דער ליידנשאפט פונדעסטוועגן ניט דערלויבן, אז זי זאל אים פארדרייען אן א זייט זיין האלזקע, אדער צע־דרומשקענען די בארד דורך א צו ענטוזיאסטישן קוש.

מיך האט ער, דאכט זיך, ליב, אבער ער קאן מיר ניט פאר־צייען מיין שרייבן העברעאיש און אידיש, די פלעקן אף מיין ראק און מיינע אידישע חברים.

איז ער אן איבערגעגעבענער סאציאליסט? שפעטער האב איך אין דעם געצווייפלט, ווארשיינלאך מיט אומרעכט. איצט אבער, דא אף דער שיף, גלויב איך נאך, אז ער דארף זיין אזוי איבערגעגעבן ווי ערגעץ־איינער, אבער צום גיין אף א באריקאדע וואלט אים געווים שטערן די ווארשיינלאכקייט פון פארשטויבן דעם אויבעראק. בנוגע צו דער סאציאלער רעוואלוציע, דארף זי נאר קומען אין אן עסטעטישער פארם, עפעם אזוי מיט א פריגישע מיצקע אויפן קאפ, מיט א גאלדענעם גארטל ארום די לענדן, מיט א שילד און א פאנצער בא זיך, מיט א העראלד פאראויס און א פאזש ביי איר שלעפ, און ניט ריידנדיק, חלילה, קיין אידיש, ווען ער זיך מיט איר פרייען, ווען ער זי, די רעװ־וואלוציע, הערצלאך באגריסן.

ווען אים וואלט איך געהאט זייער פיל צו דערציילן, ווען איך וואלט ניט געשריבן פאליטיש־ליטעראַרישע ערינערונגען, נאר אן אויטאביאגראפיע.

יעדנפאלס, וועלן מיר זיך מיט הורוויטשן נאך טרעפן.

---

דער צווייטער און דער לעצטער טאג אף דער שיף איז דער 18טער מערץ!

מיר שטייען אויף גאנץ פרי. די מאטראסן ארבעטן, זיי

גרייטן משמעות פאַר די אויסלאַדונג פון דער פרייסישער סחורה און זייער ניגון וועקט אונז אויף.

דאָס איז אַן אומבאַשרייבלאַכער „ניגון" און אַן אומבאַשרייבלאַכע קאָמיש־שרעקלאַכע שטימע. ער איז קורץ און מאָנאָטאָן, הויבט זיך אָן אין א מין מעאויעמדיקן יללה־קול און ענדיקט זיך אין אַ שטילן קוויטש. ער ווידערהוילט זיך אלע ווײַלע און גרילצט אין די אויערן, ווי אַ כאָר פון, כאַפּט איין אָן, „בת־היענות", וועלכע רופן די רשעים צוריק אין גהינום אריין אַ שבת פאַרנאַכט, נאָכאַנאַנד שרייענדיק „ישובו רשעים לשאולם; ישובו רשעים לשאולם!"

עס איז זעקס אזייגער אינדערפרי און דער שוידערהאַפטער מאַטראָסן־פזמון אַנאָנסירט דאָס איצט דעם 18טן מערץ 1879; דעם 8טן גערענק־טאָג פון דער פאַריזער קאָמונע, דעם 31טן געדענק־טאָג פונם בערלינער אויפשטאַנד, דעם טאָג וועלכן מ'האָט מיט אַ יאָר צוריק געפייערט אין דער קעניגסבערגער בירגער־רעסורסע מיט האַרמאָניש־שיינער מוזיק, אין אַ באַגייסטערטער פאַרזאַמלונג, אין אַ פייערלאַך־יום טוב'דיקער שטימונג מיט אַ וועלט פאַר זיך, וועלכע וואָרט, אַז מע זאָל זי דעראָבערן.

און מיר טוען זיך אָן און קומען אַרויס אַפן דעק און זופן זיך אָן מיט דער ריינער פרישער מאָרגנלופט, פון וועלכער עס פילט זיך דאָס זאַלצוואַסער אַרום, דער קומענדיקער פרילינג, דער אָקאָרשט פון שלאָף אויפגעוואַכטער טאָג און דער צופלוס פון ענטוזיאַזם, וואָס קומט פון דעם 18טן מערץ.

און באַלד הויבן זיך אָן צו באַוועגן אונזערע צינגער און אפשר וואָלט עפעס געזאָגט ווערן וועגן דער באַדייטונג פונם טאָג, אָבער עס באַווייזט זיך אָן אומדערוואַרטעטער גאַסט.

די צינגער ציען זיך צוריק, אָבער דערפאַר עפענען זיך גרעסער אונזערע פאַרוואונדערטע אויגן.

אונז פאָרשטעלנדיק דעם גאַסט, זאָגט דער קאַפּיטאַן, זיין אונטערפירער:

— „דערדאָזיקער הער איז רעפּרעזענטאַנט פון דער דעני־שער רעגירונג; ער וויל מיט אייך ריידן".

דער אונטערפירער גייט אוועק צו זיין ארבעט און דער גאַסט ווענדעט זיך צו אונז מיט פאָלגנדן קורצן און העפלאַכן וואָרט:

„מיינע הערן, מיר וועלן באַלד זיין אין קאָפּענהאַגן. איך בין צוגעקומען אהער אויף א קליינעם דאַמפּער. ווען מיר קומען צום ברעג, וועט איר אזוי פריינטלאך זיין מיך באַגלייטן צו דער פּאָליציי".

מיר פּרובירן אים אויספרעגן, און דער העפלאַכער פּאָלי־ציי־אַגענט דערקלערט, אז ער האָט אונז געזאָגט אלץ וואָס ער ווייס.

נישקאָשע פון א קבלת־פּנים אין דער הויפּט־שטאָט פון קליין־דענעמארק!

מיר זיינען ניט קיין גרינע און פאַרשטייען, אז דאָס האָבן מיר צו פאַרדאַנקן דעם הערן אָטטאָ ביסמאַרק פון שענהויזן.

און דאָ קומט די שיף אָן צום ברעג. עס איז ארום זיבן אזייגער אין דער פרי.

---

מיט א נייעם קאָנוואָי מאַרשירן מיר צו א נייעם פּאָליציי־ביוראָ, פּיליכט צו א נייער טורמע.

דער פרימאָרגן איז נאָך צו קאַלט פאַרן פריי־יאָר, אָבער שיין גענוג. די זויבערע גאַסן פון קאָפּענהאַגן, נאָך שטיל פון יעדן גע־שעפטס־גערויש, נאָך כמעט פּוסט און פאַרלאָזן, שיינען אונז צו עמפּפאַנגען פאַרשלאָפענערהייט.

מיר מאַרשירן, זיך אונטערהאַלטנדיק (אויף דייטש) מיט אונ־זער באַגלייטער. מיר באַגעגענען אַן ארבעטער, וואָס גייט צו דער ארבעט. איז ער, ווער ווייסט, א סאָציאַליסט? מיר באַגעגענען א דינסטמיידל מיט א קערבל אין האַנט—ביידע, דאָס מיידל און דאָס קערבל, זעען אויס נעט און זויבער, ווי די גאַסן אליין... דאָס גייט מען אין מאַרק. אָבער פאַרוואָס אזוי פרי? מיר באַגעגענען עטלאַכע סאָלדאַטן מיט רויטע יאַקן מיט שפּאַגעס ביי דער זייט,

מיט דריי־עטאַזשיקע פּעלצענע היטלען, וואָס זעען אויס ווי אַ קאָמבינאַציע פון פוראַזשקעס מיט קוגל־טעפּ אויף זיי, פון וועלכע עס וואַקסן אַרויס לאַקשענע פעדערן. דאָס, דערקלערט אונז דער באַגלייטער, זיינען לייב־גוואַרדייער, זיי קומען איצט פון דעם קעניגלאַכן שלאָס.

באַלד גייען מיר פאַרביי אַ שיינעם בנין און מיר דערפאַרן, אַז דאָס איז דער דענישער פאַרלאַמענט, דער „פאָלקעטינג".

דאַן קומען מיר צו אַן אַלטן בנין, וועלכן מען שטעלט אונז פאָר אַלס דעם קאָפּענהאַגענער פּאָסט־אַמט, און אונז דאַכט זיך, אַז שטאַרק זיך איבערצונעמען האָבן זיי דאָ ניט מיט וואָס. אַ פּאָסט־אַמט, קלער איך, דאַרף זיין עפּעס אַ שיינע זאַך אַפּילו אויפן פּנים.

מיר מאַרשירן ווייטער, טרעפנדיק אויפן וועג וואָר־ניט־וואו אַ סטאַטוע אָן אַ זייט, אָדער אַ פּאָליציאַנט אויף זיין „פּאָסט", אָדער אַ פּראַנט, וואָס גייט מסתמא שלאָפן נאָך אַ פריילאַכער נאַכט צוגעבראַכט אין דעם פּאַראַייניקטן טעמפּל פון דעם גאָט באַקכוס און דער געטין ווענוס...

מיטאַמאָל גיט אונז אונזער פירער צו פאַרשטיין, אַז מיר זייגען אָנגעקומען, אַז מיר זיינען דאָ—דאָס איז די פּאָליציי.

מיר קומען אריין אין אַ גרויסן זאַל. מען לאָזט אונז וויסן, אַז מיר זיינען אַרעסטאַנטן, אָבער וואָס עס זאָל ניט זיין „פויל אין דער מדינה דענעמאַרק", היינט ווי אין פּרינץ האַמלעט'ס צייטן, העפלאַך איז מען דאָרט יעדנפאַלס און כמעט גאַסטפריינטלאַך.

— איר האָט נאָך ניט געפרישטיקט? — זאָגט מען צו אונז מיט אַ פראַגע־צייכן אין דער שטימע.

מיר ענטפערן — ניין.

עס נעמט ניט לאַנג, ברייננגט מען אונז אַ פרישטיק, וועלכער איז זייער איינפאַך, אָבער ער שמעקט זייער גוט. הורוויטש, אַ מבין פון דערהיים אויף קאַפע און זעמעלאַך, דריקט אויס זיין פולקומע צופרידנהייט. מיר אַלע שטימען איין מיט אים.

דערווייל קומט צו אונז צו אַ מאַן, וואַרשיינלאַך אַ דעטעק־

טיוו, און ווייזט אונז די סאציאליסטישע טעגלאכע ציימונג פון קאפענהאגן („סאציאל דעמאקראטן").

ביסלאכווייז דערווייסן מיר זיך, אז מען וועט אונז ארויסשיקן פון דענעמארק, אויב מיר האבן ניט פון וואנען צו לעבן; אז מען וועט אונז ארויסשיקן אלס „וואגאבונדן" (בראדיאגעס), כדי מיר זאלן ניט פאלן דענעמארק צו לאסט!

„ארויסשיקן פון דענעמארק" איבערזעצט זיך אין אונזערע מוחות מיט די ווערטער: „ארײנשיקן אין רוסלאנד". עס ווערט זויער אויפן הארצן.

זייער זויער. דא זיינען מיר נאך אינגאנצן פרעמד. דא האבן מיר ניט קיין געקאסן און קיין פריינט, קיין קרוב און קיין גואל. דא קען מען מיט אונז אפטאן אלץ, וואס מען וויל—און כאטש שרייט חי־וקים.

---

דער מאן, וואס האט אונז צוגעטראגן די סאציאליסטישע צייטונג, דרייט זיך ארום אונז ווי א שמעטערלינג ארום א פייער און פארברענט זיך, נעבאך, אלע וויילע די פליגעלאך. עפעס וויל ער, אבער ער ווייסט ניט ווי צו אונז צוצוקומען, זיך ניט מאכנדיק צום נארן. ער פארלירט ניט די געדולד און איז ניט קיין בעל־מפונק: ער שלינגט אראפ אפילו די ברעקטע באליידיקונג. מיר זיינען דא פונדעסטוועגן אזוי איינגעהאלטן ווי מעגלאך. דערווייל פירט מען אונז אריין אין א קאמער איבערן הויף.

ארום 2 אזייגער נאך האלבן טאג קומט א טשינאווניק און איז אונז מודיע, אז באלד קומט אן דער פאליציי-פרעזידענט און מען וועט אונז צו אים אריינברייננגען.

— וויפיל האט איר געלט? — פרעגט ער.

— גענוג,—ענטפערן מיר,—אום צו קומען קיין ענגלאנד—600 מארק.

— געהערט דאס אייך אלעמען?

— יא,—ענטפער איך,—אלעמען צו גלייכע חלקים. נאר איך בין דער קאסירער.

ער טוט אַ שאָקל מיטן קאָפּ און גייט אוועק.

זיי האָבן, משמעות, געהאָפּט, אַז מען וועט ביי אונז קיין געלט ניט געפינען, וויניקסטנס, ניט גענוג, און דאַן וועט מען אונז אַרויסשיקן אַלס טרעמפּס.

דער הער פּאָליציי־פּרעזידענט האָט אויך זיך געלאָזט וואַרטן ביז 4 אַזייגער נאָכמיטאָג.

אַרום דער צייט דערשיינט דער אויבנדערמאָנטער שמעטער־לינג און נעמט אונז צום אדון־הגדול אין צימער אַריין.

דאָס איז געווען אַ באַיאָרנטער טשינאָווניק, ניט אַזוי אַלט ווי צעקראָכן, און ער האָט גערעדט אַ לשון—דייטש, וועלכער איז ניט אַזוי שלעכט ווי געבראָכן (מען וועט אַנטשולדיקן דעם צופעליקן גראַם).

ער ווענדט זיך צו אונז און, האָבנדיק צורעכטגעמאַכט זיינע שפּאַקולן, וועלכע זיינען עפּעס ניט געווען אין ערגיץ אַ פּרט „אין אָרדענונג“, זאָגט ער:

— מיינע הערן, איך... איך הער, דאָס זי געלד האָבע... גוט, זאָ ווען זי פערספּרעכען צו רעספּעקטיר אונזער געזעץ, זי קען היר אין אונזער לאַנדע בלייבע“.

מיר באַדאַנקען זיך פאַר דער פריינטלאַכקייט, אָבער, דער־קלערן מיר, נאָך דער ערשטער פּראָבע פון דענישער הכנסת־אורחים, וועלן מיר שוין בעסער בלייבן ביי אונזער באַשלוס צו פאָרן ווייַ־טער — קיין ענגלאַנד.

מיר גייען אַרויס פון אים פריי.

מאָרגן פרי וועט מען אונז וויזירן אונזערע פּאַספּאָרטן, וועלכע פּרייסן איז פריינטלאַך גענוג געווען אונז צו געבן, און מיר וועלן קענען גיין ווייטער.

פּאָרט אַ יום־טוב, אונזער 18טער מערץ! מיר זיינען ענד־לאַך פריי.

עפּעס שלעפּט זיך נאָך אונז פונדעסטוועגן נאָך. דאָס איז אונזער שמעטערלינג. ער איז מיט אונז נאָך ניט פאַרטיק.

— מיינע הערן! — זאָגט ער.

מיר קערן זיך אום און ער דערקלערט אונז, אז אזוי ווי מיר זיינען פרעמדע אין דענעמארק, קען ער אונז אויסהעלפן. ער וועט אונז גערן ווייזן אלע מערקווירדיקע זאכן אין שטאט. און — דער־לאנגט ער זיך א כאפ — כמעט אינגאנצן פארגעסן! דא ליגט אינם האפן א רוסישע פאנצערשיף... איר וועט געוויס עס וועלן זען, ניין?

מיר האבן, נאטירלאך, אזוי פיל פאטריאטיזם ניט געהאט. עס איז געוויס ניט נויטיק אויסצוטייטשן, אז דער בחור איז געווען נאאיוו גענוג צו האפן, אז מיר וועלן זיך לאזן אריינפירן דירעקט אין פאסטקע אריין.

זיך האבנדיק אפגעסמאליעט די פליגעלאך צום לעצטן מאל, האט ער געהאט דעם שכל צו פארשווינדן.

---

איצט האבן מיר זיך א לאז געטאן איבער דער שטאט.

מיר האבן זיך געפונען א גאסט־הויז, וואס איז ענדלאך שוין ניט מער געווען א טורמע, און פון דארטן איז מען געגאנגען זען אלץ, וואס איז געווען צו זען. אין דעם פאסט־אמט, וועלכן איך האב פריער נאר געזען פון דרויסן, האב איך געענדיקט מיין ערשטן רייזע-בריוו צום „הקול“ און האב אוועקגעשיקט עטלאכע אנדערע בריוו און פאסטקארטן.

„פריי!“ איז געווען דער אינהאלט פון אלע. ענדלאך פריי!

אזוי גרויס איז געווען די שמחה, אז איך בין מיט איינעם פון מיינע חברים אוועק דעם אוונט אין טעאטער, וואו מען האט געשפילט שעקספיר'ס „קויפמאן פון ווענעדיק“ (שיילאק). פונם שפילן בין איך, אזוי ווייט ווי איך געדיינק, זייער נתפעל ניט געווארן.

דעם נאענטסטן טאג זיינען מיר אויף דער זעלביקער שיף ארויסגעפארן און זיינען אין א טאג פיר ארום אנגעקומען אין לאנדאן.

פון לאנדאן האבן מיר געזאלט קומען אין פאריז.

לאנדאן. — איצע קרעאם. — נפתלי הלוי'ס הויז. — דער פשרה־מאכער. — איך ווער באקאנט מיט יאהאן מאסט. — ווער א שרייבער אין זיין „פרייהייט". — דער קאמוניסטן־קלוב. — זי כאלעמט!

דער אריינפאר אין לאנדאן האט אויף אונז אלעמען געמאכט א שווערן איינדרוק. דער פרילינג, וועלכער איז כמעט אומעטום מער אדער ווייניקער א פאעטישער הומבוג (געגנארעריי), איז אין לאנדאן אן אפענער, אומפארדעקטער, גאטספארדאמטער ליגן.

די ענגלעדער זאגן:

מערץ־ווינטן און אפריל־רעגנס
ברענגען מיט זיך מאי־בלומען.

אבער איידער מען דערלעבט דארטן די מאי־בלומען, קען מען אריינקומען אין אויסצערונג און א האלב טוץ אנדערע ווייניקער לעבנס־געפערלאכע, אבער דאך זייער חשוב'ע, באלעבאטישע חלאים רעים ונאמנים — פון די דאזיקע געבענטשטע מערץ־ווינטן און אפריל־רעגנס, איבערהויפט, ווען אליין שטאמט מען פון דער ליטא, וואו די גאנצע יארן זיינען אפשר טאקע חושכ'דיקע, אבער יעדער פון זיי האט זיך פונדעסטוועגן זיין פרילינג, ווי ווייניק פאעטיש ער זאל ניט זיין — אפילו דארטן.

דער 23טער מערץ, 1879, דער טאג, ווען מיר זיינען אנגעקומען אין דער בריטישער הויפט־שטאט, נאך א פירטאגיקער רייזע איבער אלערליי ימים פון קאפענהאגן, איז געווען א זונטיק, אן ענגלישער, פייכטער, פרומער, שבת'דיקער זונטיק. דאס האט דעם שווערן איינדרוק אונז'ערן געמאכט נאך שווערער, נאך דריקנדיקער. די גרויסע שטאט, די גרעסטע אין דער וועלט, פון וועלכער מיר

האָבן פאַר זיך געזען דעם טייל ביים ברעג טעמזע, אַלזאָ אַ קליינעם טייל, האָט אויסגעזען אומפּריינטלאַך, כמעט ברוגז און ניט איבע-ריקס זויבער.

דאָס, וואָס האָט זיך פריער ווי אַלץ געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען די מאַסע קליינע, קיילעכדיקע, רויטע, ליימענע קוימענס אויף יעדער פון די אָרומיקע הייזער. דאַן די הייזער גופא: קליי־נע, צוויי־דריי-גאָרנדיקע, אָן די גרויסע הויפן ווי, למשל, אין רוס־לאַנד, אין פראַנקרייך און אַנדערש-וואו. שפּעטער האָבן מיר פאַר־שטאַנען, אַז די דאָזיקע אָפּגעזונדערטע, גרעסערע ווי קלענערע פאַ־מיליען-וואוינונגען האָבן צו באַדייטן — ענגלישע פּערזענלאַכע פרייהייט, דאָס שטאָלצע וואָרט: „דעם ענגלענדער'ס הויז איז זיין שלאָס", אויסגעדריקט אין ציגל מיט וואַפּנע. אויך האָבן מיר שפּעטער אַרויסגעפונען, אַז די פילע קוימנס אויף די דעכער שטעלן פאָר די פילע אויוונס (קאַמינען) אין די צימערן פון די הייזער, ווייל יעדער צימער האָט זיך זיין קאַמין, און יעדער קאַמין קוקט אַרויס צום הימל דורך זיין אייגענעם לעכערלאַכן קוימען, אַרויפלאָזנדיק דעם אייגענעם ספּעציעלן רויך, אַ שטייגער, ווי דאָס טוט דאָרטן יעדע איינציקע פון די הונדערטער קריסטלאַכע סעקטן, וועלכע האָבן זיך אויך יעדע פון זיי איר אייגן הייליק ווינקעלע, מיט זיין ספּעציעלן קאַמין — מזבח, וואו עס שמילקעט זיך אַ שטענדיק רעליגיעז פייערל, וואָס לאָזט זיך אויס אין רויך שטייגנ־דיק צו די וואָלקנס צו...

---

סיין לאָנדאָן זיינען מיר געקומען מיט איינאיינציקן אַדרעס. דאָס איז געווען דער אַדרעס פון נפתלי הלוי, וועלכן ראַדקינסזאָן האָט מיר געהאַט מיטגעגעבן. איבערלאָזנדיק מיינע דריי פריינט אין אַ האָטעל ביים טייך, משמעות, פאַר מאַטראָסן, וואו מיר האָבן זיך מיט קיינעם ניט געקענט צונויפריידן, האָב איך זיך אַ לאָז גע־טאָן איבער לאָנדאָנער גאַסן, פריער קלאָר אויסשרייבנדיק הלוי'ס אַדרעס אויף אַ שטיקל פּאַפּיר.

איך בין באַלד געווען אינם אידישן קוואַרטאַל, אָבער יעדער

האָט מיט מיר, עפּעס ווי אויף להכעיס, גערעדט דוקא ענגליש. צו גליק האָט מען צום ריידן געברויכט די הענט ניט ווייניקער, ווי דעם צונג, און איך האָב פאַרשטאַנען, וואוהין איך דאַרף גיין.

אַרונטער ווייטשעפּל דורך מאַיל־ענד ראוד בין איך לאַנג־זאַם געגאַנגען צו העקניי צו, אַגב־אורחא אַרויסגעפינענדיק, אַז אין לאָנדאָן געהערן אַלע אידישע רעסטאָראַנען צו איין שטיינ־רייכן מאַן, אַ געוויסן „קרעאַם“. אַז די רעסטאָראַנען זיינען געוועזן אידישע, האָבן מיר דייטלאַך געזאָגט דערציילט די דריי אותיות „כ ש ר“ און חוץ דעם דער אידישער נאָמען „איצע“—„איצע קרעאַם“.

„דער „איצע“ מוז זיין אַן עושר גדול!“—האָב איך ביי זיך באַשלאָסן, זעענדיק זיין נאָמען מיט די זעלביקע ווייסע פאַרצע־לאַיענע אותיות אויף די פענסטער־שויבן פון די עס־הייזער. אָבער און ווידער און נאָכאַמאָל. עס איז אַ גליק, וואָס איך האָב יענעם טאָג ניט געשריבן קיין קאָרעספּאָנדענץ צום „הקול“, ווייל איך וואָלט געוויס אויף דעם געבויט אַ גאַנצע געלערנטע שרייבעריי וועגן דער לאָנדאָנער קאָנצענטראַציע פון קאַפּיטאַל, אין וועלכער אפילו פּראָסטע „איצעס“ האָבן שוין אַ גרויסן חלק.

איך זאָג: צום גליק האָב איך ניט געשריבן, ווייל נאָך דעם זעלביקן אָוונט האָב איך געקראָגן צו וויסן, אַז די אותיות Ice Cream לעזן זיך „איים קריעם“, ניט איצע קרעאַם, און באַ־דייטן גאָר מאָראָזשענע, ניט קאַפּיטאַליסטישע אידישקייט.

---

גייענדיק און בלאָנדזשענדיק... מחשבות'ן, דער לעזער דאַרף פאַרשטיין, אַז אפילו יענעם טאָג, און אפשר טאַקע גראַד יענעם טאָג, בין איך געגאַנגען איבער די גאַסן ניט ווי אַ געוויינטלאַכער בשר־ודם, וואָס דאַרף עמיצן אויפזוכן. ניט אויף אַ רגע האָב איך פאַרגעסן, אַז איך בין אַ לאָנדאָנער קאָרעספּאָנדענט פון אַ קעניגס־בערגער (אמת טאַקע ניט מער, ווי אַ אידישע, אָבער פאָרט אַ) צייטונג, וואָס דערפאַר איז, הייסט עס, געוועזן מיין פליכט צו קוקן און באַטראַכטן אַלץ אויף מיין גאַנג. נו, באַטראַכטנדיק, האָב איך

זיך, כדרך הטבע, פארטראכט, און האָב, פארשטייט זיך, געבלאָנ־דזשעט.

אלזאָ, גייענדיק און בלאָנדזשענדיק, בין איך ענדלאַך אָנגע־קומען צו נפתלי הלוי׳ס הויז.

האָט זיך ארויסגעשטעלט, אַז ער איז ניטאָ אין דער היים, אַז זיין פרוי ליגט אין קינפעט און אַז זיינע קינדער ריידן אידיש ווי גוים, הגם זייער הויך, כמעט שרייענדיק.

בן-נץ איז ,משמעות, געווען אין הויז אַ באַקאַנטער נאָמען, אָבער די קינדער האָבן, קענטיק, בשום אופן ניט געקענט זיך פאָר־שטעלן, אַז בן־נץ זאָל זיין אַ יונגער מאַן גאָר אָן אַ באָרד, אפילו אָן וואָנצעס, ניט זייער פיל עלטער פאַר זיי אליין, וויינצעסטנס, פאַר דעם עלטערן פון זיי. זיי האָבן מיך דערפאַר אָנגעקוקט מיט מיסטעריעזע אויגן, קלערנדיק, אַז איידער וואָס ווען איז גלייכער צו באַהאַלטן די זילבער.

נפתלי הלוי אליין האָט דעם זעלביקן חשד ניט נאָר געהאַט, נאָר אים אַזוי אויסגעדריקט, אַז איך האָב זיך געמוזט פאַנאַנדער־לאַכן.

ווען ער איז נעמלאַך געווען אָנגעקומען אַ שעה אנדערהאַלבן שפּעטער און האָט פון די קינדער דערפאַרן, אַז דאָס יונגערמאַנ־טשיקל, וואָס ער האָט דערזען פון ווייטן, זיצנדיק אין זאַל, איז „מיסטער״ בן-נץ, איז ער צו מיר צוגעלאָפן, האָט מיך גוט באַ־טראַכט פון קאָפּ ביז די פיס, האַסטיק עקזאַמענירנדיק דעם פּנים, די קליידער, די שטיוול אויף מיר, און האָט דאַן אויפן קוויטש אויס־געשריען:

— מיסטער, עץ זאָגט ניט בן־נץ!

עס האָט, נאַטירלאַך, לאַנג ניט געדויערט און ער, ווי די קינ־דער זיינע, זיינען געווען איבערצייגט, אַז איך בין דער אמת׳ער בעל-דבר. איך האָב צו אים געהאַט אַ לאַנגן בריוו פון ראַדקינסזאָן, פול מיט שבחים און זמירות, וועלכן נפתלי הלוי האָט געלייענט מיט גרויס דבקות. דאַן האָב איך גערעדט „טייטש״ און טאַקע גאָר ניט שלעכט, און דאָס האָט מיין נייעם פריינט אַזוי פיל בושה

איינגעגעבן, אז ער האָט אַלע ווײַלע עפּעס געהאַט צו זאָגן זײַנע בני-בית, מיט זיי ריידנדיק ענגליש און מיר אויף דעם אופן ווייזנ־דיק, אַז „מיר, אַ שטייגער, זײַנען אויך ניט עפּעס אַבי־ווער... מיר ריידן אויך ניט אידיש, ווײַל מיר מוזן.. מיר קענען ענגליש!"

אַ פּאָר ווערטער וועגן נפתלי הלוי גופא.

ער איז צו יענער צייט געווען אַ מאַן פון עטלאַכע און פערציק יאָר, אפשר עלטער, שטאַרק געבויט, אָבער נידעריק אין וואוקס לויט נאָך זײַן ברייטקייט.

ער האָט אויסגעזען ווי אַ היימישער סוחר, וואָס האָט געהאַט בעסערע צייטן און געפינט זיך דאָ איצט אין לאָנדאָן צוליב דעם „פינסטערן שלים־מזל", דאָס הייסט, צוליב פּוילישע קרעדיטאָרן.

דאָ אין לאָנדאָן האַנדלט ער מיט שוכוואַרג, שרייבט אַרטיקלען און „ספרים" און פאַרדינט אַ גרויסן טייל פון זײַן חיונה, קוילנדיק בהמות און עופות פאַר אידישע קינדער, מחמת ער איז ניט נאָר אַ שוך־הענדלער און אַ שרייבער, נאָר אַ שוחט אויך. *) ער איז בטבע ניט אַזוי שטאַרק אַ „רודף אחר הכבוד", ווי אַ מענטש, וואָס וויל אַלעמען געפעלן, אַלעמען — אַלע רעליגיעס, אַלע פּאַרטייען, דעם יונגן דור און דעם אַלטן דור, דעם פריידיינקער און דעם פרומאַק, נאָט און דעם טייוול. ..

אַ אינטערעסאַנטער טיפּ!

וועלנדיק אַלעמען געפעלן, זוכט ער אַלע און אַלעמען צונויפ־צובריינגען. אָט שרייבט ער אַ ספר „תולדות אדם", אין וועלכן ער סטאַרעט זיך צו באַווייזן, אז משה און דאַרווין זײַנען זיך גאָר ניט סותר איינער דעם אַנדערן און אז די דאַרווינישע „אָפּשטאַמונג פון דעם מענטשן" שטימט מיט דער „מעשה־בראשית"־שילדערונג פון דער באַשאַפונג פון אדם הראשון.. דערפון לאָזט ער וויסן דעם גרויסן דאַרווין, און אַזוי ווי דאַרווין איז אַן ענגלענדער, דאָס הייסט,

*) באַ אַ געלעגנהייט האָט מאָרים ווינטשעווסקי באַמערקט, אַז נפתלי הלוי ציט זײַן גאַנצע חיונה פון בהמות: ער קוילעט בהמות, האַנדלט מיט זייערע פעלן און שרייבט פאַר זיי ספרים... —— ק. מ.

א מענטש, וועלכער איז א שטיקעלע נפתלי הלוי אין עניני אמונה, ניט אכטנדיק אויף זיין אמת'ער גרויסקייט, שיקט ער דעם אי־דישן פשרה־מאכער צווישן דעם אלטן חומש און דער נייסטער וויסנשאפט א דאנק-בריוו פאר זיין „תולדות אדם“. אז איך קריג צו לייענען דעם דאָזיקן בריוו גלייך דעם זעלביקן אָוונט, איז געווים ניט נויטיק אויסצוטייטשן.

און פונקט ווי ער מישט אויל מיט וואסער אין רעליגיע-זאכן, איז ער אויך גרייט דאָס צו טאָן אין פאליטיק. מיינע סאָצאליס־טישע אידייען גראמען זיך ביי אים מיט זיין פירוש אויף דעם „עין יעקב“, אָדער אַן ענלאכן ספר, און דאָס אין א צייט, ווען דער כלל, אז „רעליגיע איז א פריוואט־זאך“, איז נאָך ניט אלעמען באַ־קאנט, הגם דאָס איז שוין געשטאנען א יאָר דריי-פיר אין דער סאָציאל-דעמאָקראטישער פראָגראם. מיט אנדערע ווערטער הייסט דאָס, אז ער איז גרייט, כדי אלעמען צו געפעלן, צו שפרינגען קדוש מיט א צלם אין האנט, אָדער צו מאכן פון דער רויטער פאָן א העמ־דעלע פאר א „ריינקייט“.

העברעאיש שרייבט ער ניט שלעכט, אָבער אויף דעם אלטן באָמבאסטישן מליצה־לשון, און שרייבט פון אלץ אין דער וועלט, כמעט פארגעסנדיק אָן די שיך מיט דער שחיטה, הגם ער טוט דאָס ניט שטענדיק לשם שמים.

אָט איז, למשל, זיין פירוש אויף דעם אויבן דערמאָנטן ספר.

דער דאָזיקער פירוש פארנעמט אינגאנצן א בלעטער אכט, און דאָס לאָזט ער דרוקן אין ווילנע און צובינדן צו דעם ספר גופא, צו א בוך פון מער ווי פיר הונדערט זייטן. אויפן רוקן לאָזט ער דאָן ארויפשטעלן „עין יעקב מיט דעם פירוש פון נפתלי הלוי“ און קויפט דערפון א הונדערט קאָפּיעס, וועלכע לאָנדאָנער מייסטערס, גלאָט באלעבאטים און זאָגאר ארבעטער „צעצוקערן“ דאָס ביי אים, צאָלנדיק 5 שילינג א ספר, צי ווייל ער איז דער שוחט, אָדער ווייל ער איז דער מחבר, אָדער ווייל ער איז דער גרויסער סוחר פון שוכווארג.

דערביי איז ער ניט קיין שלעכטער מענטש, איז זייער א גור־

טער שכן, פּאָטער, מאַן און קרוב. מער נישט, אין אים קעמפן איינער מיט דעם אנדערן צוויי פּרינציפּן, צוויי דורות, צוויי וועלטן. און אַזוי ווי ער וויל זיי שטענדיק צונויפּברייננגען קעגן זייער ווילן, זעט ער אויס לעכערלאַך, ווי עס האָט אויסגעזען אין דעם אויבן דערמאָנטן בריוו צו אים איינער פון די גרעסטע מענער פון דעם פּאַריקן יאָרהונדערט, טשאַרלז דאַרווין אַליין; ווי עס האָבן אויסגעזען צו אַלע צייטן אומעטום אַלע פּשרה-מאַכער, וואו פּשרות זיינען ניט מעגלאַך.

נפתלי הלוי איז שוין לאַנג טויט.

---

אין צייט פון צוויי־דריי טעג בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט אַ מענטשן, וועלכער איז געווען געניי דער קעגנזאַץ פון יענעם. ער וואָלט ניט געקענט זיין ווייטער פון אים, ווען ער וואָלט געוואוינט אין אַוסטראַליע אַנשטאָט קנאַפּע דריי (ענגלישע) מייל פון אים — אין דער זעלביקער שטאָט לאָנדאָן.

דער מאַן איז געווען יאָהאַן מאָסט, פּונקט אַזאַ ווידערשפּעניקער, אַזאַ מורד, ווי יענער איז געווען אַ רודף שלום און אַ פּשרה־מאַכער; פּונקט אַזאַ קעגנער פון יעדער „האַרמאָניע" אין פּאָליטישע און רעליגיעזע פראַגן, ווי יענער איז געווען דערויף אַ בעלן; פּונקט אַזאַ שונא פון אינהאַלטסלאָזע פּוסטע פראַזן, ווי יענער איז געווען אַ ליבהאָבער פון זיי; פּונקט אַזוי ווייט אָוועקגעלאָפן פון זיין צייט און פון זיין פּאַרטיי, ווי יענער האָט זיך נאָכגעשלעפּט הינטער זיי.

דער אמת איז, אַז נאָר אַ מענטש, ווי ליבערמאַן אָדער איך, דאָס הייסט, נאָר אַ מענטש, וואָס האָט געהאַט דעם סאָציאַליזם געמיינשאַפטלאַך מיט אַ מאָסט און די העברעאישע שפּראַך — מיט אַ הלוי, האָט איבערהויפּט געקענט באַקאַנט ווערן פערזענלאַך מיט אַזעלכע צוויי מענטשן אין איין וואָך.

דאָס איז געווען דעם 25טן אָדער דעם 26טן מערץ, ווען מיר אַלע פיר (מאַרגאָליס, הורוויטש, אייגענסאָן און איך) האָבן באַזוכט די רעדאַקציע פון דער „פרייהייט" אין נומ. 22 פּערסי סטריט

(נעבן טאָטענהעם קאָרט ראוד) און אביסל שפּעטער — דעם אַלטן קאָמוניסטישן ארבעטער־בילדונגס־פאראיין אין נומ. 6 דאון סטריט סאָהאָ-סקוועַר.

מאָסט האָט אונז געגעבן זייער אַ פריינטלאַכן קבלת-פּנים. דאָס איז געווען ניט אזוי שטאַרק צוליב אונזער פּערזענלאַכער וויכ־טיקייט,—מאָסט האָט פון אונז ניט געוואוסט אפילו דאָס, וואָס האָט אונז, יעדנפאלס מיר, געגעבן אַ שטיקעלע חשיבות אין נפתלי הלוי'ס אויגן,—ווי צוליב דעם פאַקט, וואָס מיר זיינען געווען „רוסן" — מענטשן, וועלכע זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון דייטשלאַנד אַלס „ניהיליסטן".

אַלס דער „דייטש" צווישן די „רוסן", האָב איך גענאָסן מאָסט'ס אויפמערקזאַמקייט אין אַ העכערן גראַד, ווי מיינע חברים, און נאָך דעם זעלביקן טאָג בין איך געוואָרן אַ שרייבער, ווען אויך נאָר אַ צופעליקער, פון דער „פרייהייט".

אין אַ קורצן אַרטיקל, האַלב לאַכנדיק, האָב איך באַשריבן אונ־זער קעניגסבערגער אַרעסט און די אַרויסשיקונג. יאָ, האַלב לאַכנ־דיק, ווייל קיין מענטש ביים פולן זינען האָט דעם גאַנצן עסק ניט געקענט נעמען זייער ערנסט, ניט נאָר הערנדיק און לעזנדיק, נאָר ממש דורכלעבנדיק אַליין, וואָס איז אין יענעם יאָר 1879 פאָרגעקו-מען אין דייטשלאַנד.

אין דעם נאָענטסטן פרייטיק איז דערשינען מיין אַרטיקל אונ-טערן קעפּל „אויס דער שטאָדט דער ריינען פערנונפט", אין דעם 13טן אָדער 14טן נומער „פרייהייט". דער נאָמען פון דעם אַר־טיקל, וועלכער האָט געהאַט צו באַדייטן, אַז ער קומט פון קעניגס־בערג, די שטאָט, וואו דער פילאָזאָף קאַנט האָט געשריבן זיין „קרי־טיק דער ריינען פערנונפט", איז באַנוצט געוואָרן, כדי די פּאָליציי, די לעזער און לאָנדאָנער דייטשישע שפּיאָנען זאָלן מיינען, אַז די קאָרעספּאָנדענץ קומט פון דייטשלאַנד. אגב, האָט מען אין יענע צייטן גערן פון אַליין געמאַכט אַ מיסטעריע און אפילו מזוזות האָבן געהאַט אַ קאָנספּיראַטיוון כאַראַקטער.

יענעם פרייטיק, קומענדיק אין דער רעדאַקציע צו זען די

„פרייהייט"—און איך, זינדיקער מענטש, האָב טאַקע געוואָלט זען מיין ארטיקל—בין איך צונויפגעקומען מיט מאַסט'ן צום צווייטן מאָל, האָב געהאַט אַ געלעגנהייט צו אים צוצוקומען נעענטער און האָב דערביי געקראָגן אַ „שאָק" ווי פון אַ „לעבעדיקן דראָט".

מאַסט האָט געהאַלטן פאַר זיך עטלאַכע צייטונגען, דער טיש איז געווען געגרייט צום עסן, די צייט איז אַלזאָ געווען אַ מין אי־בערגאַנגס-פּעריאָד צווישן ארבעט און געניס, און מיר האָבן זיך אונטערהאַלטן. ער האָט אויף זיין כאַראַקטעריסטישן אופן גע־רעדט, יעדער וואָרט אַ דונערשלאַג, אַ פאַרדאַמונג, אַן אָפּקלאַנג פון „הר עיבל", אַדרעסירט אי צו די פאַרפאָלגער, אי צו די פאַר־פאָלגטע אין דייטשלאַנד, צו די אכזריות'דיקע וועלף און די פּחדנ'־ישע שעפּסן, איבערהויפּט זייערע פּאַסטוכער, אָבער און ווידער זיי פאַרגלייכנדיק מיט רוסלאַנד און די רוסן, אַ „העלדן-פאָלק" פול מיט העלדן-טאַטן.

דאָס אַלץ וועט קלאָרער ווערן פאַר דעם לעזער פון דעם נאָ־ענטסטן קאַפּיטל. דאָ איז דאָס אַלץ נאָר וויכטיק, כדי ארויסצו־ברייננגען פאָלגנדיקע קלייניקייט:

ווי מאַסט האָט גערעדט, האָט זיך מיר אָפּגעדוכט, אַז דאָס זע איך פאַר זיך אַ מענטשן פון אַן אַנדער וועלט, איינעם, וואָס לעבט און אָטעמט אין אַ ריין־גייסטיקער אַטמאָספער, אַ מאַן, וואָס איז אויסגעטאָן פון אַלע „תאוות עולם הזה", וואָס איז גלייכגילטיק צו שפּייז און געטראַנק, מחמת ער לעבט דאָ פון הוילער רוחניות, שוין ניט ריידנדיק דערפון, וואָס ער, אָט-דער מאַסט, האָב איך געטראַכט, זעט רק פאַר זיינע אויגן די מיליאָנען צעבראָכענע הערצער, די אויסגעדאַרטע מוחות און ליידיקע מאָגנס; ער זעט די ארבעטער'ס עופ'עלאָך אין זייער שמוץ, אין זייער פאַרלאָזנקייט, וואַקסנדיק אונטער קללות און העסלאַכער זידלעריי, אָן פאָטער־שוץ און אָן מוטער־ליבע; ער הערט זיי נאָכאַנאַנד בעטנדיק עסן, בעטנדיק אַ לאַסקע, בעטנדיק אַ ליבע־בליק, אַ האַרצנס-קוש, אַ ביסעלע וואַרימ־קייט פון אַן אמת-מענטשלאַכער ברוסט.. ער זעט, ער הערט, ער פילט דאָס אַלץ, און אויך די גשמיות אין זיין וועזן פאַרשווינדט...

עסן, טרינקען, גענים‎ן? ער וואָלט...

„טיקטיק־טיק!‟ וועקט מיך פּלוצלונג אויף פון מיין חלום א דרייפאכער קלאפּ אין טיר.

— העריין, — שרייט מאסט.

עס קומט אריין א יונגע פרוי, אין אירע הענט — א גרויסער לענגלאכער טאָץ, אויפן טאץ — א ווייסער גרויסער טעלער, אויפן טעלער — א לאנגער, רויטער, דרייפערטלפּונטיקער סטייק (וועלכן איך רוף נאָך: ביפשטעקס אויף מיין לשון)—א סטייק, פון וועלכן עס גייט א פּארע, און עס הערט זיך א ריח-ניחוח, און עס זעט זיך אזוי פיל געזונטע, פּראסטע, בירגערלאכע גשמיות, פּראזע, געמיינע, נידערטרעכטיקע זאטקייט...

אוים חלום! מיין מאסט איז א גאנץ געוויינלאכער בשר־ודם!

איר לאכט, ניין? אָבער פאר מיר איז דאָס אין יענעם אויגנ־בליק געווען א שרעקלאכער „שאָק‟.

און אזוי שטארק האט דער דאָזיקער „סטייק‟ מיר צעשלאָגן מיינע רעיונות, צעשטערנדיק מיינע אילוזיעס, מיין העלד־פּראלע־טאריער, מאכנדיק פארשווינדן דעם האלאָ ארום זיין קאפּ, מאכנדיק פארגעסן זיינע ליידן אין א טוץ געפענגענישן, אין א האלב טוץ יאָרן, אז איך האב לגמרי ניט באמערקט די יונגע פרוי, וואָס האט אריינגעטראָגן דעם סטייק.

---

יענעם אָוונט, אָדער פיליכט אַן אָוונט שפּעטער זיינען מיר אריינגעפירט געוואָרן אין דעם אויבן דערמאָנטן קלוב פונם „קאָ־מוניסטישן ארבעטער־בילדונגס־פאראיין‟ אין סאהאָ־סקוועער. אויפן וועג האָט מען אונז דערציילט, אז דעם פאראיין האָבן געגרינדעט מיט א יאָר דרייסיק פריער (אין 1847) מארקס און ענגעלס.

די דאָזיקע צוויי נעמען, דאָס איז אמת, האָבן נאָך דעמאָלט ניט געהאט פאר א סאָציאליסט דעם היינטיקן קלאנג. מארקס'עס לערע איז, ווי איך וועל שפּעטער ווייזן, דעמאָלט נאָך ניט געווען אלגעמיין אָנגענומען אפילו ביי די אָרטאָדאָקסישע סאָציאַל־דע־מאָקראטן, הגם דער „קאפּיטאל‟ (ערשטער באנד) איז שוין געווען

דער שטאָלץ פון דער באוועגונג,—אזא שטאָלץ ביי סאָציאַליסטן, ווי דער „מורה נבוכים" ביי פרומע אידן, און פונקט אזוי ווייניק געלעזן, און אפשר נאָך ווייניקער פארשטאנען. ענגעלס, ווידער, האָט נאָר-וואָס געהאַט אויפגעשריבן זיין „אנטי-דיורינג", אים לאָזנדיק דערשיינען אין פאָרזעצונגען אין דעם לייפציגער „פאָר-ווערטס", און ער איז פאר יענעם דור געווען א באדייטנדיקע פער-זענלאכקייט, אָבער ניט פיל מער ווי שפּעטער, אין די ערשטע יאָרן פונם 20טן יאָרהונדערט איז געווען קאַרל קאוטסקי.

פונדעסטוועגן איז א קלוב, געגרינדעט פון אזעלכע צוויי מע-נער, אין מיינע געדאנקען שטארק אידעאַליזירט געוואָרן אויף דעם וועג קיין סאהא-סקווער. אָך, ווי געפערלאַך עס איז צו אידעאַ-ליזירן מענטשן און זאכן! אריינקומענדיק אין קלוב, האָב איך גע-קראָגן נאָך א „שאָק", הגם ניט אזא שרעקלאכן.

אין מארקס און ענגעלס'עס היסטאָרישן קאָמוניסטישן ארבע-טער-בילדונגס-פאראיין האָט מען פלייסיק געשפּילט ביליארד, און א גרויסער קנאַק פון צוויי בעלער, זיך צוזאמענשטויסנדיק מיט א א רויטן און אים אריינטרייבנדיק אין תפילין-זעקל ערגיץ אין א ווינקעלע, האָט באגריסט מיין אויער, האָט באליידיקט מיין יום-טוב'דיקע שטימונג, האָט מיך, בקיצור, ווידער אמאָל שאָקירט.

דאָס איז אָבער געווען א קול נאָר פונם ביליארד-צימער. פון די אנדערע צימערן האָבן זיך געהערט אנדערע קולות.

ביים „באר" האָבן זיך אָנגעשטויסן ביר-גלעזער אין די הענט פון גענאָסנשאפטלאכע דאָרשטיקע נשמות, בירגערלאָך פארגופט.

פון א צימער נעבן דעם בופעט-צימער האָט איך דערהערט א ליידנשאפטלאכע אָנמעלדונג פון צוואנציק אין קרייץ. דאָס האָבן געוועזענע לאסאַליאַנער און אייזנאכער געשפּילט אין זעקס-און-זעכציק, אין קאָרטן געוויס פיל מער גענוצטע, ווי די ביכער אין דער ביבליאָטעק.

שטיל איז געווען אין לעזע-צימער, וואו מען איז געזעסן ביי ציייטונגען, לייענענדיק, דענקענדיק, לערנענדיק. דער דייטשישער ארבעטער שפּילט טאַקע ביליארד און זעקס-און-זעכציק, טרינקט

ביר, אַמאָל מער וויפיל פאַר אים איז גוט, אָבער ער לעזט, ער לערנט, ער דענקט!

און דאָ זינגט ער, דער גוטער מיכעל, זינגט מיט זיין גאַנצן לייב און לעבן, דערביי אויסזעענדיק „שטראַם“ און פלעגמאַטיש, זינגט אַזוי „רעגעל־רעכט“, ווי ער דענקט, אויסדריקנדיק זיין לאָגישע זעלע אין האַרמאָנישע טענער, די האַרמאָניע איז זיין „אָר־דענונג“, און אָרדענונג אַז זיין צווייטע נאַטור, אפשר זיין ערשטע.

צו די מענטשן און אַט־דעם קלוב וועל איך זיך נאָך צוריקקערן.

---

אין די ערשטע טעג פון דעם חודש אַפּריל האָבן מיר פיר זיך פאַנאַנדערגעטיילט: הורוויטש און מאַרגאָליס זיינען געבליבן אין לאָנדאָן, אייגענסאָן און איך זיינען אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז.

איך בין געקומען—צי אַליין, צי מיט מיינע חברים, געדענק איך ניט—אָפּשייד נעמען פון „מיין רעדאַקטאָר“, ניט קלערנדיק, אַז איך וועל אין צייט פון פינף חדשים צוריקקומען אין לאָנדאָן דאָרטן צו פאַרבלייבן גאַנצע 15 לאַנגע יאָר.

ביי אַ פענסטער מיט אַ זאַק אָדער עפּעס אַ שטיקעריי אין דער האַנט איז געזעסן אַ יונגע פרוי, אויסזעענדיק נענטער צו צוואַנציק ווי צו דרייסיק אין יאָרן. איך געדענק זי ניט גענוי, הגם איך האָב זי שפּעטער זייער אָפט געזען, אָבער מיר דאַכט, אַז זי איז געווען אַ בלאָנדינקע מיט רואיקע, האַלב־פאַר'חלום'טע אויגן, מיט רענלמעסיקע געזיכטס־שטריכן, מיטלמעסיק אין איר פיגור.

ווען זי איז מיך געוואָר געוואָרן, האָט זי אַ ציטער געטאָן. איך האָב זי, משמעות, אויפגעוועקט פון אַ טיפן, אפשר אנגענעמען חלום.

מיר האָבן זיך קענגזייטיק פריינטלאַך באַגריסט און, לאַכנדיק, האָב איך זי געפרעגט:

— וואו איז דער הער סאָציאַליזם?

זי האָט ניט גלייך פאַרשטאַנען מיין פראַגע, זייענדיק נאָך האַלב פאַרשלאָפן, האָט זיך אָבער באַלד אָנגעשטויסן, אַז איך מיין מאָסט'ן, און האָט געענטפערט:

— אַ, דער האנס? דער קאָמט באַלד.

ווי עס ווייזט אויס, איז דער נאָמען „הער סאָציאַליזם“ פאַר מאָסט'ן איר געפעלן, ווייל דאָס האָט קורץ אויסגעדריקט איר פרייד און לייד צוזאַמענגענומען; ווייל דאָס האָט קורץ געזאָגט: דער מענטש האָט ניט קיין טאַטן און קיין מאַמען, קיין ווייב און קיין קינד, קיין געפיל און קיין געדאַנק פאַר קיינעם אין דער וועלט, חוץ דעם סאָציאַליזם; ווייל דאָס האָט דערקלערט איר שטאָלץ אין אים און איר פאַרגעסנהייט. ער איז געווען אירער, ווי אַ פאַרזעצטער זייגער, וואָס געהערט צו איר, אָבער געפינט זיך אַנדערש-וואו, גייט אַנדערש־וואו, ווייזט די צייט אַנדערש-וואו, ווערט אָנגעצויגן אַנ־דערש־וואו און האָט אַ דופק, וואָס קלאַפּט פאַר אַנדערע, פאַר פרעמ-דע, ווייט, ווייט אַוועק פון איר.

איך האָב גענומען אַ צייטונג אין האַנט און האָב זיך געזעצט אין אַ ווינקעלע לעזן, פילנדיק, אַז עס וואָלט געווען גראָב צו שטערן איר אַליין זיין מיט זיך.

זי האָט זיך צוריק פאַרטיפט אין אירע חלומות; איך, אַלץ אין צימער, אפשר אַלץ אין דער וועלט, איז באַלד פאַר איר געוואָרן אויסגעמעקט פונם ספר החיים, פאַרשוואונדן, ווי אַ לבנה הינטער די וואָלקנס...

אין געדאַנקס זאָגנדיק אַ פריינטלאַכן זייט-געזונט, האָב איך אָן ווערטער גענומען אָפּשייד פון פרוי קלאַראַ מאָסט.

געפילט האָב איך, אַז דאָ הויבט זיך אָן אַ פאַמיליע-דראַמע, וועלכע קען זיך ענדיקן אַלס טראַגעדיע.



דאָס צעטומלטע יאָר.—פּאַריז גיט אונז אַ קאַלטן עמפּפאַנג.—
באַוועגונג שטיל.

אַ האַסטיקער ריקבליק.

אין דער צייט, ווען דער סאָציאַליסטן-געזעץ איז דיסקוטירט געוואָרן אינם רייכסטאָג, פלעגן מיר, אין דער קעניגסבערגער רוסישער קאָלאָניע, אָפט קלערן, וואָס, אַ שטייגער, וועט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, די מעכטיקע, האַלב־מיליאָניקע סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, טאָן אין דעם פאַל, ווען דער געזעץ-פּראָיעקט וועט דורכגעפירט ווערן; ווען ער וועט ווערן אַ געזעץ, וועט אַרויסגיין פונם רשות פון די געזעצגעבער און וועט איבערגיין אין די הענט פון די פּאָליציי־אַגענטן מיט און אָן פּיקעל-הויבן: אָפענע און געהיימע מלאכי־חבלה.

וואָס וועט זי אין דעם פאַל טאָן — די גרויסע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע?

ווען ווילהעלם בראַקע האָט אין פּאַרלאַמענט אַ קורצע צייט שפּעטער אויסגעשריען „וויר פייפן אַפן געזעץ", דאָס וואָרט, וואָס האָט (ווי שוין דערציילט אין 1טן טייל) עלעקטריזירט מיליאָנען מענטשן איבער גאַנץ דייטשלאַנד, האָבן מיר דעם דאָזיקן אויסרוף אָנגענומען פאַר אַן ענטפער, פאַר דעם ענטפער פון דער פּאַרטיי...

מען וועט פייפן אויף דעם מויל־קאָרב געזעץ—מאַכט דער טייטש: מען וועט אים האָבן אין דער אדמה.

אָבער דער 21טער אָקטאָבער איז געקומען און איז אַוועקגעגאַנגען; דעם סאָציאַליזם האָט מען טאַקע אָנגעטאָן אַ מויל-קאָרב; אויף דער פרייהייט האָט מען אַרויפגעשלעפּט אַ צוואַנג־יאַק; פון דער דייטשישער רעכטס-מלוכה איז געוואָרן אַ גרויסע קאַזאַרמע,

מיט אַ פינסטערן קאַרצער אינעווייניק, מיט דער יונגער גלייכהייט אין דעם קאַרצער, וואו שרעקלאַכע גרויסע מייז און ווילדע שטשורעס האָבן פון אַלע זייטן גענריזעט די הימלישע הייליקע בלוזע אויף איר...

האָט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע געפייפט? האָט זי געטראָצט דער ברוטאַלער געוואַלט? האָט זי זיך כאָטש באַוויזן דורך אַ הינטער-טיר, ווען דער פאַראַדנער אריינגאַנג איז פאַר איר פאַרשלאָסן געוואָרן? האָט זי געענטפערט ווען-ניט מיט אַ קלאַפּ אויף אַ קלאַפּ, לכל־הפחות מיט אַ מעגלאַכן וואָרט, מיט אַ מוטיקן אויסרוף? האָט זי זיך אָפּגערופן מיט אַ בליצשטראַל און אַ דונערקראַך אויף דער געדיכט-געוואָרענער פינסטערניש, אויף דער דערשטיקטער פרייהייטס-שטימע?

ניין! אירע גרויסע קעפּ זיינען צונויפגעקומען און האָבן ארויסגעלאָזן דעם פּאַראָל: „גענאָסן, לאָזט זיך ניט פּראָוואָצירן! די רעגירונג וויל מאַכן אַ בלוט-באָד! לאָזט זיך ניט אויפרעגן!"

אָ, ווי קלוג, ווי אַלטקלוג! ווי פּראַקטיש, ווי טאַקטיש, ווי אמת-דייטש! דער גאָט ביסמאַרק איז אַ שטייגער אַ מעכטיקער, געפאַנצערטער און באַוואָפנטער אַל שדי און וואָס קענען מענטשלאַכע חרטומי מצרים טאָן קעגן זיינע מכות?

אַ בויג ארונטער דעם קאָפּ, מיכעל! לייד און דולד „עד יעבר זעם", ביז דער צענדליק (פון די מכות) וועט זיין געענדיקט, ביז די מאָס וועט זיין פאַרפולט, ביז דער ראַכע-גאָט וועט זיין געזעטיקט.

און דערווייל זיינען מיר אריין אין טורמע.

מיר — און מיט אונז פילע הונדערטער אינגערע מענטשן צווישן די קרבנות פון דעם נייעם געזעץ — האָבן געקלערט:

נו, די לאַגע איז אַזעלכע, וואָס אונזערע פירער האָבן ניט געקענט פאָראויסזען... דער שרעקלאַכער מויל-קאָרב-געזעץ האָט זיי צעטומלט... נאָך איז די זאַך ניי, נאָך שמערצט דער ערשטער קלאַפּ, און די האַנט, וואָס דאַרף אָפּווערן נייע קלעפּ, האַלט צו דאָס אָרט, וואָס טוט נאָך וויי... ווער ווייסט,—אפשר פעלט ניט זיי

שכל, נאָר אונז געדולד... אָט נאָך אין א וואָך, אין צוויי ארום... לאָמיר ווארטן...

ס'איז אָבער אריבער דער חודש נאָוועמבער, דער חודש דעצעמבער, ס'האָט זיך מיט אונז געזעגנט דאָס וואונדערבארע פאסירונגסרייך יאָר 1878, און דער גענעראַל-שטאַב פון דער פארטיי איז נאָך — לפנים וויניקססטם — אַלץ געשלאָפן.

מענטשן גייען הונדערטערווייז אין געפענגעניש אריין, מענטשן גייען מאסנהאפט אין גלות אריין, און דאָ איז שטיל: „אין קול ואין עונה".

און ענדלאַך קומען מיר ארויס אויף דער פרייער וועלט. עס איז שוין אוועק א קימא-לן פון פינף-זעקס חדשים זינט די שרעקנסהערשאפט האָט זיך אָנגעהויבן.

וואָס טוט די פארטיי? אין פעטערבורג דערשיינט אין געהיים „נאראָדנאיא וואָליא", דאָרטן קומען ארויס פראָקלאמאציעס, עס פארזאמלען זיך מענטשן און דעמאָנסטרירן אויף דער גאס, מאכנדיק פון יעדער גרויסער לויה א מאניפעסטאציע פון א פאָליטישן תחית-המתים; מאכנדיק יעדן בוכשטאב אין יעדער שורה פון יעדן נומער פון אזא צייטונג ווי „נאראָדנאיא וואָליא" פאר א מין שריפט אויף דער וואנט, וועלכע איז מתרה ומודיע דעם טיראַן, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע, אַז זיין סוף קומט.

און דאָ אין דייטשלאַנד? אין בערלין?

אַלץ איז אונטערדריקט, קיין זאך רירט זיך ניט, קיין פראָטעסט הערט זיך ניט, קיין אָפוּוער זעט זיך ניט, קיין פריי וואָרט ווערט מער ניט געדרוקט, מער ניט געלעזן, מער ניט פארלאנגט.

מחוץ לארץ, ווערט אין בעלגיע ארויסגעגעבן א בלעטעלע (די „לאנטערנע") פון קארל הירש, דאן א וואָכנבלאט אין לאָנדאָן פון יאָהאַן מאָסט,—די „פרייהייט", אָבער די „פרייהייט" דערקענט די פארטיי ניט אָן אַלס איר אָרגאַן, בעת קארל הירש'עס „לאנטערנע" איז צו אומבאדייטנד צו ווערן אנערקענט. פון זיך אַליין ווידער גיט די פארטיי גאָרניט ארויס, אבסאָלוט גאָרניט.

מיר איז דאָ ניט וויכטיק אריינצוגיין אין דער פראגע, צי די

פּאַרטיי־פירער אָדער מיר, די „היצקעפּ“, זיינען געווען גערעכט. זיכער איז, אַז די לאַגע איז געווען אַ צעטומלטע. „דאָס יאָר דער ווירען“ — רופט עס פראַנץ מערינג אין זיין פּאַרטיי־געשיכטע. זיכער איז איצט אויך, אַז מאַרקס און ענגעלס האָבן דעמאָלט סימפּאַטיזירט מיט מאָסט'ן און די היצקעפּ פיל מער, ווי מיט בעבל און ליבקנעכט *)

גענוג, דאַכט זיך, איז דאָ געזאָגט געוואָרן, כדי צו געבן אַ באַגריף פון דער שטימונג, וועלכע האָט געהערשט אין אונזערע קרייזן, בשעת אייגענסאָן און איך האָבן אָפּשייד גענומען פון יאָהאָן מאָסט.

און איצט דאַרף דעם לעזער זיין פאַרשטענדלאַך מאָסט'ס אויפרעגונג, זיין „דאָנערוועטער-געשפּרעך“ מיט מיר, אַרום וועלכן עס איז גערעדט געוואָרן אין פאָריקן קאַפּיטל.

אָבער די שטימונג פון יענער צייט אין אונזערע קרייזן איז

---

*) אָט איז וואָס קאַרל מאַרקס שרייבט צו ט. זאָרגע דעם 19טן סעפּטעמבער 1879: „עלף חדשים ווי דער סאָציאַליסטן־געזעץ איז אַריינגעקומען אין קראַפט. ניין חדשים זינט מאָסט'ס „פרייהייט“ האָט אָנגעהויבן צו דערשיינען און אַ פּאָר וואָכן איידער דער ציוריכער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“, דער אויסלענדישער פּאַרטיי־אָרגאַן, איז ענדלאַך אַרויסגעקומען.

„וואָס איז נוגע צו מאָסט און זיינע חברים, פאַרהאַלטן מיר (מאַרקס און ענגעלס) זיך צו זיי פּאַסיוו, דאָס הייסט, מיר האָבן קיין שייכות מיט זיי ניט, הגם מאָסט קומט צו מיר אין הויז ווען־ניט־ווען.

„אונזער שטרייט מיט מאָסט'ן האָט דורכאויס ניט דעם זעלביקן כאַראַקטער, ווי דער שטרייט, וואָס ווערט געפירט געגן אים פונם ציוריכער „דרייליגג“: דר. העכבערג, בערנשטיין, זיין סעקרעטאַר (עדואַרד בערנשטיין), און צ. א. שראַם. מיר טאַדלען ניט מאָסט'ן דערפאַר, וואָס זיין „פרייהייט“ איז צו רעוואָלוציאָנער; מיר טאַדלען אים דערפאַר, וואָס זיין צייטונג האָט ניט קיין רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט און נאָר רעוואָלוציאָנערע פראַזן. אויך מאַכן מיר אים ניט קיין פאָר־

נויטיק צו פארשטיין אויך צוליב דעם, וואָס וועט נאָך מוזן געזאָגט ווערן אין די קומענדיקע קאפּיטלען.

דעם צווייטן אפּריל זיינען מיר אָנגעקומען אין פּאריז.

דער ערשטער איינדרוק איז געווען כמעט נאָך אַן אומאנגענעמערער ווי ביים ארײנפאָרן אין לאָנדאָן. דער אמת איז, אז פּאריז אנטוישט אין די ערשטע עטלאכע טעג, מחמת מען קומט אהין אָן מיט אילוזיעס, מיט איבערגעטריבענע דערוואַרטונגען. ווי שווער דער ערשטער איינדרוק פון לאָנדאָן זאָל ניט זיין, פילט איר זיך ניט אנטטוישט, ווייל איר האָט גאָרניט דערוואַרט. פּאריז אָבער האָט מען אייך געשילדערט אין וואָרט און אין שריפט אלס א מין גן-עדן, אלס א שטאָט פול מיט שיינקייט, מיט גראציע, מיט בלומען, מיט קונסט און מיט לוסט, און אזוי ווי דאָס אַלץ זעט איר ניט, ארויסקומענדיק פון דעם „נאָרדבאנהאָף“, פילט איר, אז מען האָט מיט אייך עפּעס אזוי ווי געטריבן קאַטאָוועס.

דער האָטעל, אין וועלכן מיר זיינען אראָפּגעשטיגן, איז געווען אַן אלטער בנין, ניט עקסטרא ריין, אויף יעדן פאַל ניט גן-עדן־ארטיק אויסגעפּוצט מיט בלומען און פלאנצן; פארקערט, אנשטאָט דופטנדיקע ראָזן און רעזעדן, האָט די נאָז ארויסגעפונען, אז שטשעדרין איז געווען גערעכט, ריידנדיק (דאכט זיך אין זיין „זא רובעזשאָם“) וועגן פּאריז און זאָגנדיק, אז די גרויסע שטאָט שמעקט מיט מענטשלאכקייט (פּאכנעט טשעלאָוועטשעסטוואָם).

---

וואורף, וואָס ער קריטיקירט די פּארטיי־פירער אין דייטשלאַנד, נאָר פאַר דעם, וואָס ער מאַכט אַן עפנטלאַכן סקאַנדאַל אנשטאָט די פירער ברייוולאַך צו זאָגן זיין מיינונג, ווי מיר (ענגעלס און איך) טוען“..

(זארגעס בריוו־אויסטויש, זייט 163—22טער בריוו).

קלאָר, אַז מאַרקס און ענגעלס זיינען אויך געווען קעגן די פירער, אַז פאַר זיי איז די „פריוהייט“ ניט געווען צו רעוואָלוציאָנער, דאָס הייסט, אַז ער און ענגעלס זיינען ביידע אויך געווען קעגן דער „מעסיקונג“ און דער קאָנסערוואַטיווער האַלטונג פון די פּארטיי־פירער אין דייטשלאַנד. — מ. ו.

אין אונזער צימער איז, משמעות, שוין פון וואָכן ניט געהייצט געוואָרן אַן אויוון, און די ערשטע נאַכט אין פּאַריז איז געווען אַזעלכע, וואָס מען פילט אין די ביינער, זיך צונויפדרייענדיק ווי אַ ווילנער בייגל און זיך איבערקערענדיק פון איין זייט אויף דער צווייטער און דאַן צוריק אויף דער ערשטער, עפּעס ווי אַ משומד, וואָס איז זיך מגיר.

אין דערפרי, אַרונטערקומענדיק צו פרישטיק, האָבן מיר, איינגענסאָן און איך, באַשטעלט ברויט מיט קאַפּע, וועלכע האָט אויסגעוויזן ביליק גענוג פאַר אונזער קעשענע.

מען האָט אונז געגעבן בולקעלאַך מיט שיסלען קאַפּע מיט מילך, אין יעדער שיסל איז געווען אַ גרויסער הילצערנער עס־לעפל. וואָס איז דאָס?

מיר האָבן אָנגעזען ערשטוינט איינער דעם אַנדערן, ניט וויסנדיק וואָס צו טאָן. אין פּלוג דאַרף מען אין אַזאַ פאַל אַריינבראָקלען דאָס ברויט אין דער שיסל קאַפּע און דאָס עסן מיט דעם הילצערנעם לעפל. טאָמער אָבער ניט? מען קען זיך דאָ שיין לעכערלאַך מאַכן אין דער גרויסער וועלט־שטאָט.

נעבן אונז איז צום גליק געזעסן אַ סאָלדאַט, אַ יונגער קערל אין גרויסע, ברייטע, רויטע פּלודערן, און אים האָט מען דערלאַנגט אַזאַ פרישטיק, ווי אונזערן. ער האָט געגעסן, ווי אונז האָט דער שכל מחייב געווען, און מיר האָבן אים נאָכגעמאַכט.

געשמאַק איז דאָס געווען, אָבער איינגעבראָקטע ברויט אין קאַפּע מיט מילך, וואָס מען עסט מיטן עס-לעפל, וואָלט געווען ניט עסטעטיש אין ווענדזעגאָלע, אַ פּשיטא שוין אין פּאַריז.

און איידער מיר האָבן געענדיקט פרישטיק, איז נעבן אונז אוועקגעלייגט געוואָרן אַ בוך, אין וועלכן מען האָט אונז געהייסן איינשרייבן אונזערע נעמען, אַזוי ווי יעדער פרעמדער דאַרף אָנגעמעלדעט ווערן ביי דער פּאָליציי 24 שעה נאָך זיין אָנקומען אין פּאַריז.

.. ..

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, האָבן מיר אַרויסגעפונען, אַז הגם די רעגירונג איז שוין אַכט יאָר אַ רעפּובליקאַנישע, איז נאָך

עד-היום כמעט יעדער פּאָליציסט, יעדער צווייטער דוואָרניק און יעדער דריטער סאָלדאט אַ באָנאַפּאַרטיסט און אַ שונא פון רע־פּובליקאַנער.

אפשר איז פּאַריז שיין. פריי איז זיכער לאָנדאָן.

און דער סאָציאַליזם?

פּאַריז איז דאָס וויגעלע פון דעם נייעם יעוואַנגעליע; פּאַריז האָט ביי זיך געזען שאַרל פוריע און סען־סימאָן—די צוויי ריזן פון דעם אָנפאַנג נייַנצעטן יאָרהונדערט אין דער וועלט פון סאָציאַלע אידייען; דאָ האָט דער גלח לאַמענע געשריבן זיינע „ווערטער פון אַ מאמין“, וועלכע קענען פאַרגליכן ווערן מיט די בעסטע פון אונ־זערע נביאים; דאָ האָט זשאָרזש זאַנד (אַ פרוי בצורת מאַנסביל) געדיכטעט אירע סאָציאַלע ראָמאַנען; דאָ זיינען אין צייט פון איין יאָרהונדערט געווען פיר רעוואָלוציעס, פון וועלכע די לעצטע, די קאָמונע, איז געווען אַ סאָציאַלע, מער ניט—פאַר דער צייט; דאָ האָבן געלעבט און געווירקט קאַרל מאַרקס און משה העס, לודוויג בערנע און היינריך היינע, ביידע ווערנדיק דאָרטן באַגראָבן, ביידע שטאַרבנדיק, ווי די קאָמונע איז געבוירן געוואָרן — פאַר דער צייט.

וואו־זשע איז דער סאָציאַליזם?

ער איז געווען, אָבער האָט זיך ניט געזען. אין דער פּרעסע איז געווען נאָר איין-איינציק קליין בלעטעלע, ארויסקומענדיק איין מאָל אַ וואָך, אין פּאַרלאַמענט איז ניט געזעסן איין־איינציקער סאָ־ציאַליסט, און אין די איינציקע צוויי ערטער, וואו עס פּלעגן זיך פאַרזאַמלען סאָציאַליסטן, האָט מען גערעדט דייטש און רוסיש, מייסטנס דייטש.

איין טאָג אויף אַ שפּאַציר-גאַנג האָבן מיר מיט פריידן דער־זען איבער דעם טויער פון אַ גרויסן מעכטיקן בנין די ווערטער: „פרייהייט, גלייכהייט, ברידערלאַכקייט“.

אונזער פרייד האָט לאַנג ניט געדויערט. מיר האָבן אויסגע־פונען, אַז דער בנין איז ניט אַ טעמפּל, ניט אַ מוזיי, ניט אַ ביבליאָ־טעק, נאָר אַ טורמע.

זויער איז געווען אויפן הארצן די ערשטע צייט אין פּאַריז.

**אַ מערקווירדיקע דעבאַטע. — פרוי העס: „קיינע געטער, קיינע געצן!“—מיין ערשטער אויפטריט אַ קלעגלאַכער דורכפאַל.— וויקטאָר דאַווע.—אַ שוסטער, וואָס זאָגט ניט אָפּ, און אַ איטאַליענישער טיפּ—דער בוכבינדער סאַפער.—מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט פעטער לאַוראָוו.**

אין סאָציאַליסטישן דייטשן קלוב אויף דעם באַסטיל־פּלאַץ איז איין שבת אָוונט פאָרגעקומען אַן אינטערעסאַנטע דעבאַטע.

אינטערעסאַנט איז זי געווען אי צוליב דעם ענין, אַרום וועלכן עס איז גערעדט געוואָרן, אי צוליב אַ געוויסער פּערזאָן צווישן די דעבאַטאַנטן.

אויף דער טאַגעס־אָרדענונג איז געשטאַנען אַ רעזאָלוציע, וועלכע איז געווען צוגעשיקט פון דעם לאָנדאָנער קאָמוניסטישן אַרבעטער־בילדונגס־פאַראיין. אין דער רעזאָלוציע איז שאַרף גע־טאַדלט געוואָרן די פירערשאַפט פון דער דייטשישער סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע פאַר איר האַלטונג קעגן דעם אונטערדריקונגס־געזעץ, זינט ער איז אַריין אין קראַפט.

פאַר אונז דאָ איז פּאַריז איז געווען די פראַגע, ווי מיר זאָלן זיך שטעלן צו דער דאָזיקער רעזאָלוציע, וואָס אין איר איז לייכט געווען צו זען, אַז דער קול איז דער קול פון דעם לאָנדאָנער קלוב, אָבער די הענט זיינען די הענט פון יאָהאַן מאָסט. די פראַגע איז אַלזאָ געווען: זאָלן מיר גיין מיט די אַלטע דייטשע פירער — בעבל, ליבקנעכט און די אַנדערע — אָדער זיך אָנשליסן אָן יאָהאַן מאָסט און די לאָנדאָנער גענאָסן, און דאַן גרינדן אַזעלכע שוועסטער־גרופּן („פרייהייט“) אין פּאַריז, בריסל, און ציריך.

די דעבאַטע איז געוואָרן היציקער, אויפגערעגטער, מער פער־

זענלאך פון מינוט צו מינוט. דערביי זיינען דאן געווען צווישן אונז ווייניק פארטיידיקער פון בעבלען, ליבקנעכטן און אנדערע דייטשישע פירער. און אפילו זיי, די ווייניקע, זיינען אין זייער פארטיידיקונג געווען נאר לוי-ווארימלאך, ריידנדיק מער קעגן זייערע אנגרייפער, ווי פאר די אנגעגריפענע, טאדלענדיק מער דעם טאן פון די רעדעס, ווי זייער אינהאלט.

און מען האט זיך געהיצט.

---

די דעבאטעס האבן געהאלטן ביי ווערן לאנגווייליק, ווייל קיין נייעס איז שוין פון ביידע צדדים ניט געווען מער וואס צו זאגן, ווען עס האט פאסירט דער פערזענלאכער „אינצידענט", וועלכן איך האב אין אנהויב קאפיטל דא דערמאנט.

עמיצער, איך געדענק ניט ווער, האט אין אן ענטוזיאסטישער רעדע געהאט פארטיידיקט בעבלען און ליבקנעכטן, און דער געמאכטער איינדרוק איז געווען זייער א שטארקער. דאס וואלט ווארשיינלאך ניט פיל גענוצט די געגנער פון דער לאנדאנער רעזאלוציע, אבער די ווירקונג איז געווען קלאר צו זען אויף אלעמענס פנימ'ער.

מיטאמאל האט זיך אויפגעשטעלט אן אלטע, אין שווארצן געקליידעטע פרוי, מיט שניי-ווייסע האר, מיט אן אינטעליגענטן פנים, וועלכע האט אפגעשפיגלט די שיינקייט פון א הויכן עלטער.

— „די בירגערין"‚—אלע זיינען דאן, אפילו אין דייטשלאנד און א פשיטא שוין אין פראנקרייך, געווען „בירגער און בירגערינען", דאסווארט „גענאסע" אלס א מין טיטל איז דאן נאך ניט געווען אין דער מאדע. — אלזא, „די בירגערין"‚—האט דער פארזיצער אויסגערופן,—האט דאס ווארט!"

זי האט דאס ווארט גענומען, אין זאל איז געווארן שטיל, די ליידנשאפטן זיינען אויף א ווײלע אזוי ווי איינגעשלאפן און מען האט געקענט הערן דעם אייגענעם פולס.

קורץ איז געווען איר רעדע און פון א קינסטלערישן שטאנד-

פונקט ניט זייער געלונגען, אָבער צו דער זאַך: זי האָט אונז גע־ראַטן צו דענקן פאַר זיך, ניט צו גלויבן אין אויטאָריטעטן, ניט צו פאַרגעטערן מענטשן, זיי מעגן זיין ווער זיי ווילן, און צו פאַרדאַ־מען דאָס, וואָס איז שלעכט, ניט אַכטנדיק אויף דער קוועלע, פון וואַנען עס קומט.

שטאַרק אַפּלאָדירט איז געוואָרן איר לאַנגע אָנקלאַגע קעגן בעבל און ליבקנעכט, וועלכע זי האָט געענדיקט מיט די דאָזיקע ווערטער:

— „קינדער, איך זאָג אייך, אַזוי ווי מיר האָבן קיין גאָט ניט מער, באַדאַרפן מיר אויך קיין געצן ניט!"

„ווער איז די דאָזיקע פרוי?" — האָב איך געפרעגט אַ מאַן לעבן מיר.

„פרוי העס!" — האָט ער געענטפערט מיט אַ געוויסער פאַראַכטונג פאַר אַ מענטשן, וואָס ווייסט ניט, אַז דאָ זיצט אין זאַל די אַלמנה פון משה העס.

זי איז געווען אין פּאַריז די אַלגעמיין געליבטע און געאַכ־טעטע אַלמנה פון אַ באַרימטן מאַן, וואָס איז דאַן געווען ערשט פיר יאָר טויט. קוקנדיק אָף די שניי־ווייסע האָר פון דער זיב־ציק־יאָריקער פרוי מיט איר זיבצן־יאָריקן ענטוזיאַזם, האָט מען זיך איצט, ווייסנדיק ווער זי איז, דערמאָנט אָן איר מאַן, דעם גרעסטן פון די, וואָס מען פלעגט רופן פילאָזאָפישע סאָציאַליסטן; דעם מאַן וואָס האָט מיטגעקעמפט, כאָטש ער איז געווען אַ פילאָ־זאָף, אַלזאָ, אַ „איש תם יושב אהלים", אין דער דרום־דייטשישער רעוואָלוציע פון 1849; וואָס איז דערפאַר פאַר׳משפט געוואָרן צום טויט—„בלא ראיה", אויב מען וועט אים כאַפּן—און איז גע־שטאָרבן (אין 1874) אַ מיטגליד פון לאַסאַל׳ס פּאַרטיי, צו וועלכער ער איז געווען צוגעשטאַנען אַזוי גיך, ווי לאַסאַל האָט אָנגעפאַנגען זיין גרויסע אַגיטאַציע, און אַזוי גיך, ווי די אַלגעמיינע אַמניסטיע האָט אים געגעבן די מעגלאַכקייט צוריק צו קומען קיין דייטשלאַנד;

מען האָט זיך דערמאָנערט, אז דאָ שטייט פאר אונז די אלמנה פון איינעם פון די ערשטע דייטשישע סאָציאליסטן—פון משה העס.



משה העס

אז דער מאַן איז אויך געווען א לעבנסלענגלאכער נאציאָנאַליסט, האָבן די מייסטע ניט געוואוסט, און מיר—ראבינאָוויטש, אייגענסאָן און איך—האָבן זיך וועגן דעם ווייניק וואָס געקימערט, אפילו ראבינאָוויטש דער שפּעטערדיקער ציוניסט.

נאָך דער אלמנה פון משה העס האָט גערעדט א געוויסער גענסע, טרונק, וואָס איז ספּעציעל געקומען צו דעם דאָזיקן מיטינג פון לאָנדאָן. נאָכדעם האָט מען אָפּגעשטימט, און

מיט בלויז עטלאכע שטימען דאגעגן איז באשלאָסן געוואָרן צו בלייבן מיט דער „פרייהייט" און מיט מאָסט'ן.

אין א געהויבענער שטימונג זיינען מיר זיך פאנאנדערגע־גאנגען. פרוי העס, נעבן וועלכער איך בין צופעליק געזעסן יע־נעם אָוונט, האָט דאמאָלט געמוזט זיין 75 יאָר אַלט. איך בין געווען קנאַפּע 23. אין יענעם אָוונט בין איך אין איר געווען פארליבט איבער די אויערן. צום גליק איז דאָס פארלאָפן אָן ערנסטע קאָנזעקווענצן.

---

א וואָך שפּעטער האָב איך ביי זיך באשלאָסן צו פּרובירן אליין עפּעס זאָגן „אין דער עפנטלאכקייט", ווען ניט ווערן א רעדנער.

אָט איז וואָס האָט פּאסירט.

ערגיץ א דייטשישער גענאָסע האָט געהאלטן א פּאָרטראג. מיט דער אבזיכט צו נעמען אָן אנטייל אין דער דיסקוסיע נאָכן פּאָר־טראג האָב איך געמאַכט די גאנצע צייט נאָטיצן. ענדלאך איז די רעדע געווען צו ענד און די דיסקוסיע אין פולן גאנג.

„לאָמיר נאָר וואַרטן ביז דער און דער וועט אָפּריידן", האָב איך ביי זיך באשלאָסן. דער און דער האָט אָפּגערעדט, איך האָב זיך א הויב געטאָן, אָבער ניט פלינק גענוג. אַן אנדערער האָט גע־קראָגן דאָס וואָרט. נאָך אים ווידער אַן אנדערער און דאַן ווידער איינער. האָב איך זיך אַלץ ניט האסטיק אויפגעהויבן. וואָס צו זאָגן האָב איך נאָך אַלץ געהאַט, אָ, יאָ, זייער פיל אפילו.

עס איז געקומען די צייט, ווען קיינער האָט שוין מער ניט געוואָלט ריידן. וואָלט איך דאָס געוואוסט, וואָלט איך אפשר גע־בליבן זיצן... מיין הארץ האָט געקלאפּט עפּעס גאָר משוגע'נערווייז. איך האָב זיך צום לעצטן מאָל א הויב געטאָן און, ליידער, קיינער האָט ביי מיר ניט ארויסגעכאפּט „דאָס וואָרט" און דער פּאָרזיצער

ווייזנדיק אויף מיר מיטן פינגער (ער האָט ניט געוואוסט מיין נאָ-מען), האָט אויסגערופן:

„בירגער... אַזוינער... האָט דאָס וואָרט!“

אָרימער בירגער אַזוינער, אָרימער, אָרימער איך!

מיין האַרץ האָט גענומען קלאַפּן נאָך האַסטיקער ווי פריער, מיינע פיס האָבן זיך גענומען טרייסלען, קלאַפּנדיק אַ קני אָן אַ קני, אין קאָפּ ביי מיר זיינען ארומגעגאַנגען מיל־רעדער, אין די אויגן איז געוואָרן פינסטער...

„בירגער, פּאָרזיצער!“—האָב איך כמעט מיט אַ קוויטש אויס-געשטאַמלט און מיט אַ שעפּסענעם פּנים, וועלכער האָט ניט געהאַט זיין גלייכן ניט אין פּאַריז, ניט אין כעלעם, האָב איך זיך אוועקגע־זעצט צוריק, האַפּנדיק, אַז מען וועט גלויבן, אַז איך האָב נאָר גע־וואָלט זאָגן, אַז איך האָב גאָר ניט וואָס צו זאָגן, אַז איך האָב, אַ שטייגער, אייגנטלאַך גאָר ניט געבעטן „אומ׳ס וואָרט“.

האָט מען דאָס געגלויבט? האָט עמיצער, פאַרקערט, זיך גע-קייכט אין הויפן? איך בין געווען אַזוי צעטומלט פון מיין שרעק־לאַכער נידערלאַגע, אַז איך האָב גאָר ניט, קיינעם ניט געזען, ניט געהערט.

אַהיים בין איך געקומען אַ געבראָכענער מענטש און וואָלט געוויס געוויינט, ווען איך וואָלט זיך ניט געשעמט פאַר מיינע 23 יאָר. אַ טרויעריקער דעביוט!

---

וועגן דעם נאָר וואָס דערמאָנטן ראַבינאָוויטש (או״ר) וואָלט זיך געוואָלט עטוואָס זאָגן, אָבער די צייט איז קורץ. עס וועט גע-נוג זיין אַ וואָרט.

ער, וועלכער איז געווען אַ לערער אין אַ פאָלקס־שול אין פּריוו־סיש פּוילן (אין זערקאָוו), איז ארויסגעוואָרפן געוואָרן פון זיין

„אמט“ צוליב זיינע סאָציאַליסטישע אידייען. ער איז געקומען קיין פּאַריז דירעקט צו אונז. מיר זיינען דאַן געווען זייער אינטימע פריינט, און מיר האָט זיך דאַן נאָך ניט גע'חלומ'ט, אַז ער וועט אין וואָסערע פינף יאָר אַרום ווערן אַ דעזערטיר פון אונזער אידישן פּאָלק אין דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרמיי.

נאָך ווייניקער וואָלט זיך מיר דאָס געלייגט אויפן שכל וועגן אַן אַנדערן פון אונזער צירקל, אַרום וועלכן מיר וועט אויסקומען צו ריידן שפּעטער. דאָס איז געווען אַ געוויסער פינקעלשטיין, אַ יונגער מאַן, מיט עטלאַכע יאָר עלטער פאַר מיר, מיט אַן אומגעוויינטלאַכער באַלעזנהייט. עס איז כמעט ניט געווען קיין זאַך, איבער וועלכער ער האָט ניט געקענט ריידן אינטעליגענט און לאָגיש. אויסגעצייכנט האָט ער זיך פונדעסטוועגן פון אַלעמען אָן אַן אויסנאַם אין דער פּאַריזער קאָלאָניע דערמיט, וואָס ער האָט פאַרשטאַנען ניט ווייניקער פון 22 שפּראַכן, פון זיי זעקס צו ריידן און צו שרייבן. *)

פיל ריידן קען איך איצט אויך ניט וועגן מיינע אַנדערע חברים און באַקאַנטע, צווישן זיי מענטשן, וואָס האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָלע אין דער באַוועגונג און פיליכט שפּעטער אויך, נאָר איך האָב זיי פאַרלוירן פון אויג כמעט פון יענע צייטן אָן.

אָפּשטעלן וועל איך זיך אויף אַ ווייליקע אויף איין מערקווירדיקער פּערזאָן, וואָס האָט געקענט האָבן אַ גרויסן איינפלוס אויף מיין לעבן און האָט עס זיכער געהאַט אויף מאָסט'ס, אַבּיסל אויף ווילִיאַם מאָריס'עס. דאָס איז געווען וויקטאָר דאַווע.

ער איז געווען אַן אַנאַרכיסט פון באַקונינ'ס חדר, און צו יענער צייט האָט זיך אים פאַרוואָלט קענען רוסיש. מען האָט אים אָנגעוויזן אויף מיר אַלס אַ יונגן מאַן, פון וועלכן ער וואָלט קענען

*) מער וועגן אים ווייטער, אינם לעצטן קאַפּיטל וועגן „אַרבעטער פריינד“.

קריגן רוסישע לעקציעס. געגוויטיקט האָב איך זיך צו יענער צייט שטאַרק אין געלט, אָבער ער האָט מיר אָנגעבאָטן פראַנצויזישע לעקציעס אַלס געצאָלט פאַר מיינע רוסישע, און איך האָב עס מיט פאַרגעניגן אָנגענומען.

האָט זיך אָבער גלייך ביי אונזער ערשטער לעקציע געצייגט אַ גרויסע שוועריקייט. ער האָט געמלאָך גערעדט זייער שלעכט דייטש און איך נאָך ערגער פראַנצויזיש. דער שפּראַכן-האַנדל איז געגאַנגען זייער שווער. דערפאַר אָבער איז זייער פלינק געגאַנגען אונזער אונטערהאַלטונג אין האַלב-דייטש פּאַלאָווינאַ-פראַנצויזיש און מיר זיינען גיך און גוט באַקאַנט געוואָרן.

דאַווע איז געווען אַ בעלגיער, פון זייער אַ רייכער פאַמיליע, אַ מאַן מיט אַ באַדייטענדיקער בילדונג, מיט אַ פיינע עסטעטישן גע-שמאַק און מיט אַן אַריסטאָקראַטישן אַפּעטיט ביי אַ דעמאָקראַטישן טיש, ווייל זיינע עלטערן האָבן זיך שוין לאַנג געהאַט פון אים אָפּ־געזאָגט, און ער פלעגט פאַרדינען זיין חיונה דורך איבערזעצונגען פון אַנדערע שפּראַכן אויף פראַנצויזיש.

מיר איז ער זייער געפעלן געוואָרן, הגם זיין אַנאַרכיזם איז מיר פאָרגעקומען כמעט מאָוים׳דיק. דאָס איז געווען אַן איבערגע-טריבענער באַקונינזם, וואָס זיין גרונטלאַגע איז געווען אַ שרעק־לאַכער האַס פאַר קאַרל מאַרקס.

איך האָב אויבן געזאָגט: ער האָט געקענט האָבן אַן איינפלוס אויף מיין לעבן. עס איז ביי מיר איצט קיין שום ספק ניטאָ, אַז ווען ניט דאַווע׳ס שנאה צו מאַרקס׳ן, וואָלט איך צו אים געוואָרן אַזוי נאָענט אין אידייען, ווי איך בין עס געוואָרן פערזענלאַך.

דער אמת איז, אַז אין גרונט האַרצן האָב איך שטאַלצירט מיט דער אידישקייט פון מאָזעס העס, קאַרל מאַרקס, פערדינאַנד לאַסאַל, יאָהאַן יאַקאַבי און פילע אַנדערע, הגם אַלס אינטערנאַציאָ־נאַלער מענטש האָב איך אפשר דערצו קיין רעכט ניט געהאַט, וויי-ניקסטנס ניט לויט ווי איך האָב דעם אינטערנאַציאָנאַליזם דעמאָלט פאַרשטאַנען.

ווען דערפאַר דאַווע פלעגט שפּייען פייער און פלאַם, דערמאַ־

נענדיק דעם נאָמען מארקס, האָט ער דערמיט אַליין אויפגעשטעלט אַ מחיצה צווישן אים און מיר אפילו אין אַנדערע זאַכן, און זיין פּראָפּאַגאַנדע פאר זיינע אידייען האָט מיך ווייניק וואָס באַרירט.

מאַרקס'ן האָב איך העכסטנס געקענט אַליין אָנגרייפן, אַ פּרעמדן האָב איך דאָס ניט געקענט „דערלויבן".

מיט דאַווען וועלן מיר זיך אויך נאָך טרעפן שפּעטער אין לאָנדאָן. דאָ וועל איך נאָר זאָגן נאָך אַ וואָרט אָדער צוויי צו געבן דעם לעזער אַ קלאָרערן באַגריף וועגן אים אַלס פּערזאָן.

ווען ניט זיין קורצזיכטיקייט, וועלכע האָט געגעבן זיינע אויגן אַן אומאַנגענעמען בליק, וואָלט ער געווען אַ בילד־שיינער מאַן, און ער האָט וועגן זיין פּנים און זיין אויסזען געטראַכט: די שיינע בלאָנדע האָר, די האָר אויפן קאָפּ זיינען קיינמאָל ניט פארנאכלע־סיקט געוואָרן אפילו ניט אין שווערע ציימן. אויף זיך און ארום זיך האָט ער תמיד ליב געהאַט שיינע זאַכן, און ער האָט זיך פאר־גונען אַזעלכע טייערע בילדער, וואָס אונז, אין דער רוסישער קאָ־לאָניע, פלעגט זיך פּשוט פון זיי שטעלן די האָר קאַפּויר. ער האָט זיך פארגונען אַ בעסערע דירה, ווי זיין קעשענע האָט אים דער־לויבט, און לוקסוס-זאַכן אין דער דירה.

פארהייראַט איז ער דאַן געווען מיט אַן „אינטערנאַציאָנאַלקע", אַן אַמאָליקע ארבעטער־מיידל, מיט וועלכער ער האָט זיך שפּעטער געשיידט.

פילע גליקלאַכע שעה'ן האָב איך פארבראַכט מיט דעם פּאָר־פאָלק, איבערהויפּט, ווען עס איז געקומען די צייט פון צוויי-מאָל־אַ-וואָכיקע מיטאָג־עסנס, און ביי דאַווען פלעג איך אָפּט פארדינען אַ טעלער זופּ, אָדער אַ טאָס קאַפע.

---

און מחשבות'ן! דאָס איז געווען אַ וואונדערבאַרע צייט אין פּאַריז, בעת מען פלעגט עסן צוויי מאָל אַ וואָך און די איבעריקע צייט אַזוי ווייניק ווי מעגלאַך הונגערן! מיין און דיין איז אין אונ־זער צירקל געווען כמעט אָפּגעשאַפט, הגם איך אַליין האָב בשום אופן ניט געקענט ביי זיך פּועל'ן אין דעם סאָרט קאָמוניזם אריינצו־

נעמען מיינע עטלאכע שווער-דערוואָרבענע ביכער, וואָס דערפאַר האָב איך ביי איינעם אָדער צוויי פון מיינע פריינט געהאַט אַ שם פאַר אַ „בורזשוי", ווי מען וואָלט דאָס היינט גערופן אין קליין־רוסלאַנד אין ניו יאָרק. געלט, קליידער, אַ העמד אַמאָל — אַלץ, וואָס מען וויל, אָבער ביכער? ניין, דאָס איז „למעלה מן הטבע"...

און אונזער קאָמוניסטיש לעבן איז געווען שיין, פול מיט פּאָעזיע. וואָס איינער האָט געהאַט, איז געווען דאָס אייגנטום פון אַלעמען, און נאָר זונטיק, אַמאָל מיטוואָך, אין פּוילישן רעסטאָראַן, ביי אַ שטיקל בורזשואַזן קאַלבס־בראַטן מיט אַ טעלער אינדיווידואַליסטישן זופּ, אין וועלכן ניט אייגענסאָן, ניט דער „קניאַז" טשערקעסאָוו, ניט דער שפּעטערדיקער פּראָפעסאָר לעאָן, ניט ערגיץ אַן אַנדער מויל האָט קיין חלק ניט געהאַט, נאָר דאַן האָט אַ מענטש געפילט, אַז ער לעבט מעשה בהמה, אָט עפּעס גלאַט אַזוי, פאַר זיך, כאַפּט עס דער קאַדיק!

און ווער דערדערט אָרום דעם באַרימטן הויז אין נומער 6 אין דער גאַס ליאָנעי, וואו איבער אַ פראַנצויזישן ווייט און ברייט באַרימטן שוסטער האָט געוואוינט סאַפער, אַ רוסיש־אידישער איינבינדער, אייגענסאָן און איך נעבן אים, ראַבינאָוויטש איבער אונז, דאַן אַ דייטש און אַ געבוירענער רוס און דריי איטאַליענער מיט אַ שוויצאַר נעבן זיי — אין סך־הכל אַ האַלב טוץ נאַציאָנאַליטעטן, וואָס דערפאַר האָט אונז דער אַלטער לאַווראָוו געגעבן דעם טיטל: „איינוואוינער פון דעם אינטערנאַציאָנאַלן הויז ליאָנעי", — אַ טיטל, וועלכן מיר האָבן ווירקלאַך, הגם האַלב לאַכנדיק, אָנגענומען איין טאָג, ווען מיר האָבן זיך אָרגאַניזירט אין אַ „סאָציאַליסטישער גרופּע", און דער אַלטער האָט פאַר אונז אויסגעאַרבעט סטאַטוטן.

פיל איז פון דער גרופּע ניט אַרויסגעקומען. נאָר געמיינט האָבן מיר גוט.

אַ וואָרט וועגן דעם ווייט און ברייט באַקאַנטן שוסטער און וועגן די איטאַליענער געגנאָסן.

דער שוסטער איז געווען באַרימט דערמיט, וואָס ער האָט אַ שוך אָדער אַ שטיוול קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט דעם לעבן. ניט קע־

נען היילן אַ קראַנקן שוך? אומזין! אַזאַ זאַך איז נאָר אין דער וועלט ניטאָ, און וויפיל לאַטעס אויף לאַטעס, וויפיל שטשאָבעריי אויף שטשאָבעריי אַ שטיוול האָט אויף זיך ניט געהאַט און וויפיל שוסטערס עס האָבן זיך ניט אָנטואָגט פון ווען אפילו אָנזען אַזאַ מין לעדערנע טראַנטע — אונזער שכן האָט זי פאַרריכט.

ווענן די דריי איטאַליענער איז דאָ פיל צו דערציילן, אָבער מיר ווילט זיך וואָס גיכער קומען צו לאַוראָוו'ן, און איך וועל דער־פאַר בקיצור שילדערן דעם עלטסטן צווישן זיי; ער איז געווען אַ טיפּ אין דער באַוועגונג פון די זיבעציקער יאָרן, און עס לוינט אים צו קענען.

דער בעל־דבר איז געווען אַ יונגער מאַן, שטאַרק ווי אַ ריז, אינטעליגענט און קינדיש־ערלאַך. פון דערהיים האָט ער געמוזט זיין אַ פאַרצערטלטער בן־יחיד, אויפגעצויגן אין וואַוילטאָג. אַרבעט האָט ער פיינט געהאַט ווי דעם טויט, און אפילו גייסטיקע אַרבעט אין דער באַוועגונג, פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט האָט ער געהאַלטן פאַר אַ שרעקלאַכער לאַסט, ניט אַכטנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען אַן איבערגעגעבענער סאָציאַליסט.

ער איז געקומען קיין פּאַריז פון דער שווייץ, פון וואַנען ער איז געווען אַרויסגעטריבן אַביסל פאַר זיין סאָציאַליזם—דאָס איז דאָרטן דעמאָלט געווען אומשווייצאַריש, אַזוי ווי דאָ, מיט יאָרן צוריק, אומאַמעריקאַניש—אָבער דער עיקר פאַר אַ סקאַנדאַל אין אַ רעסטאָראַן ערגעץ־וואו, אין וועלכן ער איז געווען פאַרוויקלט.

אין דער שווייץ האָט ער שטודירט מעדיצין. מיטן אַרויספאָרן האָט זיך געענדיקט זיין שטודירונג; ער האָט עס געזאָלט פאָרזעצן אין פּאַריז, אָבער די פוילקייט זיינע איז געווען אין וועג. די על־טערן האָבן, ממשות, געמיינט, אַז ער שטודירט אין פּאַריז, אָדער ער גרייט זיך דערצו פאָר, ווייל ער פלעגט קריגן רעגלמעסיק אין אָנהויב פון יעדן חודש 150 פראַנק. (30 דאָלאַר) איז, לאָמיך אַגב אורחה באַמערקן, אין אונזערע אויגן געווען אַ גאַנצער אייגנס פאַר איין־איינציקן זכר — אָבער דאָ קומט דער שפּאַס, אַ טרויעריקער שפּאַס, אויב איר ווילט.

מיט 150 פראנק א חודש פלעגט מען אין יענע צייטן „גוט" לעבן און זיין אימשטאנד צו צאָלן פאר לערנען. מארקאטעלי (אזוי האָט ער געהייסן) איז אָבער געווען די גוטסקייט אליין, און אזוי גיך ווי ער פלעגט קריגן זיין געלט, פלעגט ער צונויפנעמען כמעט אלע „איינוואוינער פון דעם אינטערנאציאָנאלן הויז ליאָ-נעי" און פלעגט זיך אוועקלאָזן הוליען. אין צייט פון 2—3 טעג פלעגט אים זיין געבליבן עטלאכע פראנק. מיט דעם געלט פלעגט ער פארשאפן פראָוויאנט אויף עטלאכע וואָכן, דאָס הייסט, א צענדליק לעבלאך ברויט, א מאסע פרוכטן, א פונט טאבאק, און פלעגט זיך לייגן שלאָפן, ניט אויפשטייענדיק פון בעט (זיך אָנצו-טאָן און ארויסצוגיין אין גאס) ביז דער סקלאד פראָוויאנט איז געוואָרן פוסט.

דאָס פלעגט געוויינטלאך פאסירן א סך פריער, ווי ער פלעגט האָבן אויסגערעכנט, מחמת עס זיינען געווען אוּום אים א שיין ביסל בעלנים אויף ברויט און אויבס, און דער פועל-יוצא דערפון איז שטענדיק געווען, אז מארקאטעלי, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געבאָרגט און ניט געבעטן, פלעגט מוזן ארויסקריכן פון בעט.

זייענדיק זייער שטארק קערפערלאך, פלעגט ער לייכט קריגן א שטעלע ביי פירן, אָדער, ריכטיקער, טראָגן פיאנעס, וואו מענטשן פלעגן זיך קרוישקען פון איין דירה אויף דער אנדערער. מיטן פאר-דינטן געלט האָט ער זיך מאָל פאר מאָל איינגעקויפט זיין ברויט-פארגרייט ביזן ערשטן פונם נאָענטסטן חודש און האָט זיך דאן פון דאָס ניי ארייגנעקליבן אין בעט, וואו ער פלעגט שלאָפן און ליי-ענען, לייענען און שלאָפן און אין דער צווישנצייט קייען.

אייגענטלאָן און איך האָבן אים אויגעלערנט טרינקען „רוסישע טיי" פון אונזער אייגענעם סאמאָוואר, אָבער ער פלעגט דאָס ניט שטענדיק אָננעמען.

מיר זיינען ביסלאכווייז געוואָרן גרויסע גוטע פריינט. ווער ווייסט, וואו ער איז איצט דער ליבער, האלב-ווילדער, אָבער זייער אינטעליגענטער מארקאטעלי?

— אָפט האָב איך אָרום אים אין שפּעטערע יאָרן געטראכט, —

אָפּט און ליבעפּול, צייטנווייז מיט א שמייכל אויף די ליפּן. אי־בערהויפּט, ווען מיר פלעגט קומען פאר די אויגן דאָס איטאַליעני־שע ווערטל : „דאָלטשע פאר ניענטע"‚—מאַכט דער טייטש: זיס איז ארומצוגיין ליידיק!

---

אין דעם „אינטערנאַציאָנאַלן ליאָנעזישן הויז" (כמעט הקדש) איז, ווי די לעזער ווייסן שוין, געווען א געוויסער סאַפער, א בוכבינ־דער. אָט דער סאַפער האָט געהאַט א גן-עדן אויף דער דער וועלט און א גאָט, וואָס האָט מער פארדינט, אז א פּראָסטער בשר־ודם זאָל אים דינען, ווי א סך אנדערע געטער, אימפּאָרטירט פון אזיע.

דער גן-עדן און דער גאָט זיינען פאר סאַפער'ן געווען לאַוור־ראַוו'ס הויז און אין אים לאַווראַוו אליין.

דער אַלטער פלעגט דעמאָלט האָבן ביי זיך א גרויסן טייל פון דער קאָלאָניע יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק. מאָנטיק אָוונט פלעגט לאַווראַוו פאַרלעזן. דאָנערשטיק אָוונט פלעגט מען זיך ביי אים צוזאַמענטרעפן, כדי אנגענעם צו פארברענגען אַן אָוונט.

דאָס אַלץ האָבן מיר דערפאַרן פון סאַפער'ן, און, ווי עס האָט זיך שפּעטער ארויסגעשטעלט, האָט סאַפער געלעבט פון מאָנטיק ביז דאָנערשטיק און פון דאָנערשטיק ביז מאָנטיק מיט דעם תענוג וואָס ער האָט געהאַט, אים פארדייענדיק, און מיט דעם פארגעניגן, וואָס דאַרף קומען אים דערוואַרטנדיק.

פאר אים איז געווען א גרויס גליק צו זיין ארום דעם אַלטן, צו מאַכן דעם סאַמאָוואַר, צו טאָן אַן אנדער ארבעט, דינענדיק זיין גאָט, דעם גאָט, וואָס ער האָט געליבט „בכל נפשו ומאודו", דעם גרויסן, דעם איינציקן...

סאַפער איז געווען א קרענקלאַכער מענטש, און זיין ליבע האָט אָנגענומען אַן אומנאַטירלאַכן, ניט צו זאָגן: איבערנאַטיר־לאַכן כאַראַקטער. אָבער ווער האָט געקענט דעם גרויסן אַלטן מאָן ניט ליבן? ווער וואָלט זיך ניט געשעצט גליקלאַך פאר אים וואָס צו טאָן?

און שרייבנדיק די דאָזיקע שורות, דאַכט זיך מיר, אז איך לעב

איבער די גליקלאכע צייט, לעב זי איבער פון דאס ניי, פון דעם ערשטן טאג ביזן לעצטן.

און דאס איז פאר מיר פערזענלאך געווען א גליקלאכע צייט, וועלכע מיר האט דאן געבראכט א גליקלאכער צופאל.

אט איז וואס האט פאסירט:

אין דער שווייץ איז יענעם יאר דערשינען א „יארבוך פיר סאציאל־וויסנשאפט און סאציאל־פאליטיק", וועלכן דער יונגער רייכער קארל העכבערג — „דער גילדענער פעטער" פון דער סא־ציאל־דעמאקראטיע — האט ארויסגעגעבן, און עדוארד בערנשטיין צוזאמען מיט העכבערג און צ. א. שטראם פלעגן רעדאגירן. דער „גאלדענער אנקל" האט אין דעם זשורנאל זיך גערופן דר. ריכטער, —א נאמען, אונטער וועלכן ער האט מיט א יאר צוויי פריער גע־גרינדעט דעם דייטשישן מאנאטלאכן זשורנאל „די צוקונפט".

לאווראוו האט געקראגן פון דער שווייץ די איינלאדונג צו שרייבן דעם ארטיקל איבער רוסלאנד און דער רוסישער סאציא־ליסטישער באוועגונג פאר דעם סאציאל־פאליטישן טייל פונם יאר־בוך. דא איז אבער געווען א דאפלטע שוועריקייט: די צייט איז געווען קורץ, און דער ארטיקל האט געמוזט זיין לאנג, פיל לענגער ווי לאווראוו אליין, שוין ניט ריידנדיק פון די ארויסגעבער, וואלט עס געוואלט האבן, און דאס הויפטזאכלאך דערפאר, ווייל דער אלטער האט קיינמאל ניט געקענט שרייבן אויבערפלאכלאך און קורץ, מעשה רעפארטיאר.

דערביי האט לאווראוו, וועלכער האט געקענט דייטש זייער גוט צו לייענען און צו פארשטיין, ניט געקענט דייטש שרייבן. ער האט זיך געניטיקט אין אן איבערזעצער, און אין דער קאלאניע זיינען געווען שיינע עטלאכע מענטשן, וואס וואלטן געקענט אי־בערזעצן פון דייטש אויף רוסיש, אבער נאר איינער, וועלכער האט געקענט פון רוסיש מאכן דייטש. און איך בין, בעוונותינו הרבים, דאס געווען דער איינער.

אין אנהויב האט זיך מיר אליין דאס ניט געלייגט אויפן שכל, ווייל איך האב קיינמאל פריער קיין זאך ניט איבערזעצט, אבער—

„איר זייט דער איינציקער, וואָס קען מיר אַרויסהעלפן", — האָט פּעטער לאַווראָוויטש געזאָגט, און איך האָב אויף זיך גענומען די שווערע אָבער אַנגענעמע אַרבעט.

אַזוי האָב איך געטראַכט, בעת איך האָב זיך גענומען צו דער אַרבעט. עס האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעשטעלט, אַז די שווערע אָבער אַנגענעמע איז געווען אַן אַנגענעמע אָבער שווערע אַרבעט.

לאַוורָאָוו האָט אין די בעסטע צייטן געשריבן אין געלערנטע לאַנגע און זייער פאַרוויקלטע, אָפט פאַרפּלאָנטערטע זאַצן. דעם אַרטיקל פאַרן „יאָרבוך" האָט ער דערצו נאָך געשריבן אין גרויס איילעניש—בחפזון—און דער סטיל איז אַרויסגעקומען נאָך שווערער ווי אונטער געוויינטלאַכע אומשטענדן.

חוץ דעם, האָט ער געשריבן אַ כתב־יד, וואָס אַפילו געניטע אַלטע זעצער האָבן ניט לייכט געקענט לעזן. טאַקע אַ קורצע צייט שפּעטער איז ער צו מיר געקומען מיט אַ שולדיקן פּנים, זאָגנדיק, אַז איך מוז פאַר אים קריגן אַן איבערשרייבער פאַר אַן אַנדער מאַנוסקריפּט, ווייל די זעצער אין זשענעווע האָבן זיך לחלוטין אָנט־זאָגט צו זעצן פון זיין האַנטשריפט.

אַלזאָ, חוץ די לאַנגע, פאַרוויקלטע זאַצן, כוץ מיין אומדער־פאַרנקייט אַלס איבערזעצער, חוץ דער קורצקייט פון דער צייט און דער „לאַנגקייט" פון דעם אַרטיקל, האָב איך נאָך געהאַט קענען זיך זיין היראָגליפן־שריפט.

און דער אַרטיקל איז געוואָרן שרעקלאַך לאַנג—גאַנצע פער־ציק לעקסיקאָן־זייטן—און פון דער שווייץ זיינען כמעט טעגלאַך געקומען בריוו און אַפילו (אויב איך האָב ניט קיין טעות) טעלע־גראַמעס, בעטנדיק רחמים, אַז מען זאָל וואָס גיכער צושיקן דעם מאַנוסקריפּט.

דאָס האָט מיט זיך געבראַכט, אַז איך האָב כמעט טעגלאַך גע־

זען דעם געליבטן אַלטן מאַן, ענטוועדער ביי זיך אָדער ביי אים אין הויז. אָבער געשוויצט האָב איך אַ וואָך דריי נאָכאַנאַנד אויף אַזאַ מין אופן, אַז איך וועל עס קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

מיט אים בין איך נאָך ניט פאַרטיק.



פונטן ביי לאוורא־וו'ן.—דאמען־פריינט און אידן־פריינט.—
די גוטסקייט, וואס טוט זיי.—א באנקעט פאר יאהאן מאסט.—
א מענטש און א מדינה.

די געמיטלאכע אונטערהאלטונגען, וועלכע פלעגן אלע דא־נערשטיק צונויפברייגען אין לאווראוו'ס הויז די מענער און פרויען —מייסטנס יונגע—פון אונזער פאריזער קאלאניע, זיינען געווען אינטערעסאנט אין א סך פרטים.

איך וועל בארירן א פאר פון זיי.

קודם־כל דעם אלטנ'ס באשיידנהייט. יעדער סכסוך, אין וועלכן ער האט גענומען אנטייל צוליב זאכן, האט מיך דערמאנט אן די ווערטער „במקום שאתה מוצא את גדולתו אתה מוצא את ענותנותו“ (וואו דו געפינסט זיין גרויסקייט, געפינסטו זיין באשיידנהייט), וועלכע דער איד זאגט וועגן זיין גאט. ווען איר האט געהערט, ווי לאוורוו האט עפעס באהויפטעט אנטקעגן דעם קלענסטען, דעם אינגסטן צווישן אונז, האט איר זיך מאל פאר מאל געוואונדערט איבער דעם טאן, דער הכנעה, דער פראסטקייט, מיט וועלכער ער פלעגט ארגומענטירן. ניט אכטנדיק אויף זיין גאונות קענען יעדערן אין צימער, האט זיך אין זיינע רייד קיינמאל ניט געהערט קיין אויטאריטעט, קיין „ווער־בין־איך“ און „ווער־ביסטו“־טאן, קיין פאראויסזעצונג, אז אים דארף מען גלויבן אויפן ווארט, אז מען דארף פארשטיין, אז ער דארף וויסן בעסער.

דאן זיין העפלאכקייט.

זי האט זיך געזען סיי אין זיין באנעמען זיך צו יעדן אייני־ציקן, סיי אין זיין ארגומענטירן. און דאס איז ניט געווען די אנג־לא־זאקסישע העפלאכקייט, וועלכע איז אין אלע רוסיש־אידישע

אויגן אן אומשעדלאכער, אבער דאך כמעט עקלדיקער סארט צביעות,—דער מין איידלקייט, וועלכע דערשטיקט די אייגענע מיינונג, וועלכע דיקטירט א „יא“, וואו דער בעל־דבר וויל זאגן „ניין“, רופט ארויס א שמייכל אויף די ליפן, א „הנני העני ממעש“ אויף דער נאז, אן אנטשולדיקונג פאר ניט־איינשטימען מיטן קעגנער, עפעס אזוי ווי נאר א גראבער יונג קען האבן א מיינונג, אן אנדער מיינונג, יעס־סער! אן אנדער מיינונג, אן אייגענע! אפט הערנדיק אן אונטערהאנדלונג צווישן צוויי ענגלענדער פון דעם „בעסערן קלאס“, האט זיך מיר אפגעדוכט, אז די צענזור פון דרויסן, וואס זיי האבן אין זייער מדינה אפגעשאפט, האט זיך פארוואנדלט אין א צענזור פון אינעווייניק און זיי פארשווארצן מיט א צענזור־פענזל די רעבעלישע, ניט אונטערטעניקע שורות אין זייער געשפרעך אזוי גיך, ווי די דאזיקע שורות באווייזן זיך שארף אויסגעקריצט אין זייער מוח, פיקס און פארטיק זיך אויסצושפרייטן אויף דעם באוועגלאכן, האסטיקן, זינדיקן צונג, וועלכן מען קען ניט גענוג האלטן אין צוויק, וועלכער דארף על־פי יושר שטענדיק שטיין אונטער פאליציי־אויפזיכט.

לאווראוו'ס העפלאכקייט אין ריידן איז ניט געווען פון דעם סארט: ער האט זיין אייגענע מיינונג אפט אפילו ליידנשאפטלאך פארטיידיקט, האט דערביי נאר שטענדיק געשאנעוועט זיין קעגנער, שטענדיק רעספעקטירט דעם קעגנערישן צד, קיינמאל ניט אויסגענוצט יענעמס שוואכקייט.

אזוי אויך אין זיין באנעמען זיך קעגן אנדערע, אין זיין באהאנדלען מענטשן. אבער אין דעם איז געווען א „קוריאז“, וועלכן איך וועל דא דערציילן.

---

ביי די פארלעזונגען, אזוי גוט ווי ביי די געמיטלאכע אונטערהאנדלונגען, זיינען שטענדיק געווען פרויען, נאך יונגע, יונגע און יונגינקע. לאווראוו, צו יענער צייט שוין א מאן נעענטער צו זעכציק ווי צו פופציק, פלעגט זיי באהאנדלען מיט א ספעציעלער אויפמערקזאמקייט,—ווי „דאמען“. ער פלעגט זיי העלפן אנטאן און

אויסטאָן אַ מאַנטעלע ביים אוועקגיין, אָדער ביים אריינקומען; פלעגט זיי דערלאַנגען דעם שירם, די הענטשקעס, דעם הוט גיכער, ווי ערגעץ אַן אַנדערער, אַ אינגערער, אויב עס האָט זיך איבער־הויפּט אַזאַ „דאַמען־פריינט“, אַזאַ גאַלאַנטער סאָציאַליסט געפונען צווישן אונז.

דער אמת איז, אַז מיר אַלע זיינען געווען „ניהיליסטן“ פון דעם טיף באַזאַראָוו, און—ווער אין זיך, ווער אויפן קול—האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם אַלטנ'ס העפלאַכקייט צו די „כלומר'שט עמאַנסיפּירטע“ יונגע פרויען, צו די „מענטשן פון דעם ווייבלאַכן געשלעכט“... וואָס האָבן אַזוי נידערטרעכטיק הנאה געהאַט פון „פּאָלקאָווניק“ לאַווראָוו'ס אויפמערקזאַמקייט.

אָבער ניט צום שיינעם געשלעכט אַליין איז דער דאָזיקער מאַן געווען, און געבליבן ניט גלייכגילטיק, ווי די שטרענגע קריטי־קער פלעגן זיך אויסדריקן. לאַווראָוו האָט אויך באַהאַנדלט מיט אַן אומגעוויינטלאַכער צערטלאַכקייט, מיט אַ ספּעציעלער אויפ־מערקזאַמקייט די אידן, און דאָס סיי אין פּרט, סיי אין כלל. און בעת זיין פרויען־פריינטשאַפט האָט ווירקלאַך געמאַכט דענקען אַן דעם „וואוילגעבוירענעם“, גוט דערצויגענעם פּאָלקאָווניק, וואָס האָט די העפלאַכקייט זיינע, איינגעזויגן מיט דער מוטער־מילך, איז זיין אידן־פריינטשאַפט געזעסן ביי אים טיף אין הארצן, זייענדיק דער רעזולטאַט פון אַ גענויער קענטעניש פון דער אידישער געשיכטע, צו וועלכער עס איז צוגעקומען אַלץ מער סימפּאַטיע און ליבע, וואָס מער דער גרויסער מאַן איז באַקאַנט געוואָרן מיט די יונגע ענטו־זיאַסטישע רעוואָלוציאָנערן צווישן די אידישע קינדער פון זיין דור.

און מער ווי איינמאָל האָט מען געקענט זען דעם אַלטן אין דער ראָלע פון אַ „סניגור“, פון אַ פּאַרטייאידיקער פון אידן, ריידנ־דיק מיט ליידנשאַפט, בעת זיין קעגנער איז אַליין געווען איינער פון די אידישע סאָציאַליסטן—אַן ער אָדער אַ זי.

---

עס איז מעגלאַך, אַז די דאָזיקע אומגעוויינטלאַכע צערטלאַכ־קייט זיינע צו אונז האָט געהאַט אין זיך דעם סאָרט באַליידיקונג,

װעלכן א קאַליקע, א טױבער, א שטומער אָדער אַן אומהײלבאַרער קראַנקער מיט אַן אינערלאַכן פּעלער פילט בשעת מען האָט אױף אים רחמנות און מען װײזט עס אַרױס, אים דערמיט דערמאָנענדיק, אַז ער איז א קראַנקער, אַז אים פעלט א פוס, דאָס געהער אָדער דער לשון, אָדער אַז ער לײדט פון עטװאס אינערלאַך און איז אױף דעם אופן ניט נאָרמאַל, ניט א מענטש מיט אַלעמען צוגלײך. און דער קראַנקער, װעלכער שעמט זיך מיט זײן קרענק, װעלכער װיל באַטראַכט און באַהאַנדלט װערן װי א מענטש צװישן זײנעם גלײכן, פילט זיך אַזױ װי באַלײדיקט פון זײן סימפּאַטיזירער׳ס רחמנות, אפשר מער װי פון די, װאָס מאַכן פון אים חוזק.

און דאָס איז געװען אין דעם יאָר 1879, װען די פּאָגראָמען פון די אַכציקער יאָרן האָבן זיך נאָך קײנעם ניט געלײגט אױפן שכל; װען די גרױסע עמיגראַציע פון רוסלאַנד נאָך אַמעריקע האָט זיך נאָך ניט גע׳חלומ׳ט אפילו דעם גרעסטן פּעסימיסט מיט די טונקלסטע ברילן אױף די אױגן; װען מיר האָבן געזען די סאָציאַלע רעװאָלוציע ניט הינטער די בערג, נאָר הינטערן שװעל, און אונז, די קינדער פונם אידישן תחום, האָט זיך געדאַכט, אַז די גאולה איז כמעט שױן דאָ און אָט הױבן אָן די ברוסט-קראַנקע װידער פרײ צו אָטעמען, אָט נעמען די טױבע הערן און די שטומע רײדן, װען די קאַליקעס װאַרפן שױן אַװעק זײערע קוליעס, אָדער צינדן זײ אָן צו פאַרגרעסערן דעם יום־טוב-פײער... אָט, אָט פאַרשװינדט, װי מיט א האַנט אַװעקגענומען, אונזער בלאַסקײט פון פּנים, די שװאַכקײט פון אונ׳זער קערפּער, די אַכצן־הונדערט־יאָריקע מרה-שחורה, און מיר דערלאַנגען זיך א הױב אינם װאוקס אױן... װאָס איז דאָ צו רײדן?

איז... צו װאָס, הײסט עס, דאַרף מען דאָ אונז באַהאַנדלען װי ניט נאָרמאַלע מענטשן, אױף אונז רחמנות האָבן? דאָס באַ-לײדיקט כמעט, װי עס דאַרף באַלײדיקן די יונגע סאָציאַליסטקעס דאָס דערלאַנגען זײ דאָס מאַנטעלע, נעמענדיק אין אַנבאַטראַכט, אַז זײער עמאַנסיפּאַציע—װי די אידישע—האַלט שױן בײ אַרױס-פאַלופן זיך פונם שאַלעכץ. אָט א שטײנער װי שערידאַן פּלעגט

זאָגן, ווען ער פלעגט עטלאָכע טעג ארומגיין שוואַנגער מיט א ניי־
עם טעאַטער־שטיק:

— „מיין קאָמעדיע? פארטיק, פארטיק! אַלץ, וואָס מען דאַרף, איז זי אויפשרייבן".

פונדעסטוועגן וועל איך ניט זאָגן, אז דאָס אַליין איז געווען



פעטער לאוורָאָוו

די פּסיכאָלאָגיע פון יענע סכסוכים מיט דעם אומפּאַרגעסלאַכן פּע־
טער לאוורָאָוו, אין וועלכע ער פלעגט זיין דער אידישער מליץ־
יושר קעגן איינעם פון די אידישע סאָציאַליסטן. וועגן דעם איז
דאָ פיל צו ריידן.

אין דעם מאָנאַט יולי פון יענעם יאָר האָט דער דייטשישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַראיין איינגעלאַדן יאַהאַן מאָסט צו קומען קיין פּאַריז. עס איז נעמלאך דאַן שוין געווען פאַר אַלעמען קלאַר, אַז צווישן דער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דייטשלאַנד און אירע אויסלענדישע צווייג-פאַראיינען, פאַרשטעלנדיק אַ מין מור-טערלאַנד מיט קאָלאָניעס, וועט פריער אָדער שפּעטער אויסברעכן אַ מלחמה. דער אָנהויב דערצו איז ביי אונז אין פּאַריז געווען גע-מאַכט דעם אָוונט, ווען פרוי העס האָט אַנטייל גענומען אין אונ-זערע דעבאַטן. דער אויפשטאַנד אין בעלגיע, ענגלאַנד און אין דער שווייץ איז געקומען אביסל שפּעטער, הגם מורא'דיק גרויס איז ער נים געוואָרן.

נאָר דאָס אַליץ האָט מען נאָך ניט געקענט פאָראויסזען אַרום דער צייט, ווען מאָסט האָט אונז באַזוכט.

זייענדיק אַ „רוסן-פריינט״, איז ער געווען אונזער גאַסט אין דעם אינטערנאַציאָנאַלן הויז ליאָנעי אין דער צייט, וואָס ער איז געווען אין פּאַריז. די ערע צו שלאָפן מיט אים אין איין צימער האָט געהאַט אַ יונגער מאַן, וועלכער קויפט היינט געווים אַן עליה שבתים און אַן אתרוג אויף סוכות. דער בעל-דבר איז אויך גע-ווען דער איינציקער, וואָס האָט מיט האַנס מאָסט אָנגעקלאַפּט אַ זיידל ביר אָן אַ זיידל ביר, טרינקענדיק „ברודערשאַפט״, וואָס דער פועל-יוצא דערפון איז געווען, אַז זיי האָבן זיך פון יענעם טאָג אָן גערזאָגט „דו״ איינער דעם אַנדערן—דער צוקינפטיקער אַנאַרכיסט מיטן צוקינפטיקן באַלעבאָס פון אַ שטענדער אין מזרח-וואַנט פון אַ לאָנדאָנער סינאַגאָגע.

מיר האָבן באַשלאָסן צו געבן דעם גאַסט אַ באַנקעט, ביי וועלכן עס זאָל זיין איינגעלאַדן, חוץ דער גאַנצער באַפעלקערונג פון נומער 6 ליאָנעי-שטראַסע, אויך פּעטער לאַווראָוו און וויקטאָר דאַווע. אַז דאָ האָבן מיר ניט ווילנדיק געלייגט דעם פונדאַמענט פאַר מאָסט'ס שפּעטערדיקן אַנאַרכיזם, האָבן מיר אפילו אַ לאַנגע צייט נאָכהער ניט פאַרשטאַנען. מאָסט און דאַווע זיינען געוואָרן גרויסע גוטע פריינט דעם זעלביקן אָוונט.

מיר האָבן אויסגערעכנט, אַז דער באַנקעט דאַרף אונז קאָסטן אַ קימאַ־לן פון אַ פראַנק צוואַנציק—גאַנצע פינף דאָלאַר! אַזאַ אוצר מיט גאָלד איז אין אונזער גאַנצן הויז, אויף אַלע פיר עטאַזשן, ביי אַלע זעקס נאַציאָנען ניט געווען. וואָס טוט מען? מען האָט ניט געטאָרט סלענער מאַכן די פּאָרציעס: מענטשן קענען דאָך ניט אַוועקגיין הונגעריקערהייט. האָט מען געאָפּפערט קוואַליטעט. מיר האָבן געהאַט ווינער ברויטלאַך, וואורשט, וויין און מאַקאַראָנעס, איינענע געקעזטע און געקאָכטע. „געליפערט" האָט אַט־די מאַקאַ־ראָנעס די איטאַליענישע נאַציע, רעפּרעזענטירט דורך מאַרקאַטעלי. דאָס איז קיין זייער פּאַראַדנער באַנקעט ניט געווען, אָבער איך אַליין האָב אין מיין לעבן ניט געהאַט פיל גליקלאַכערע אָוונטן, איבערהויפּט ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם שטאָלצן, מעשענעם סאַמאָוואַר אויפן טיש, פון וועלכן עס איז געגאַנגען אַ פּאַרע און אין וועלכן די אַנדערע נאַציעס האָבן רעספּעקטירט די קומענדיקע סאָציאַלע רעוואָלוציע אין דעם לאַנד פון טשערנישעווסקי, הערצן און אונזער אַלטן לאַווראָוו.

דייטש איז געווען די אינטערנאַציאָנאַלע שפּראַך, הגם אָן אַ זייט האָט זיך געהערט פראַנצויזיש, רוסיש, איטאַליעניש. אָבער ווער האָט געדאַרפט אַ שפּראַך? אונז אַלעמען האָט באַגייסטערט איין אידייע, איין וואונטש, איין האָפענונג, וועלכע האָט זיך אויס־געדריקט אָן ווערטער, אין אַ האַנט־דרוק, אַ בליק, אַ שמייכל, אַ לחיים.

נאָך דער סעודה, ווען די געסט זיינען אַלע געווען פאַנאַנדער־געגאַנגען, האָב איך געפרעגט מאַסט'ן, וואָס ער האַלט פון אונזער לאַווראָוו'ן.

— „דער מאַן", —האָט מאָסט געענטפערט, —„וואָלט אויפגע־טאָן באַדייטנד מער, ווען ער וואָלט ניט געווען אַזוי באַשיידן, ווען ער וואָלט פון זיך מער געהאַלטן".

און דאָן עפּעס אַזוי ווי רייידנדיק צו זיך אַליין, האָט ער אין אַ נידעריקערן טאָן באַמערקט:

— „מאַן קאַנן מיטאונטער פערדאַמט צו באַשיידן זיין".

די דאַזיקע ווערטער האָבן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינ־דרוק, אָבער לאַווראָוו'ס עניוות האָב איך נאָך מער פאַרערט, ווי פריער.

אָרום יענער צייט איז אויף אַ ווײַלע אין מיין העברעאישער טעטיקייט אַריינגעקומען אַן ענדערונג.

ווי די לעזער ווייסן שוין, האָבן מיינע קאָרעספּאָנדענצן פון פּאַריז אינם „הקול" זיך קנאַפּ וואָס אויסגעצייכנט סיי דורך זייער אינהאַלט, סיי דורך דער פאָרם. אַזוי ווי דער סאָציאַליזם איז איצט אין פּריסן (און אַ פּשיטא שוין אין ראַדקינזאָנ'ס פּרייסן!) געווען אונטערדריקט, און דער „הקול", דער אַמאָליקער „מרעיש עולם", איז איצט געווען „נידעריקער ווי דאָס גרעזעלע, שטילער ווי דאָס וואַסערל", האָט אין מיינע שרייבערייען געפעלט אַ נשמה. אַפילו די פעליעטאָנען (די „משוגעת'ן" פון „יגלי איש הרוח") האָבן זיך שוין מער ניט געשריבן. דעם ערשטן מאַי 1879 איז דערשינען די לעצטע „משוגעת", בעת די „בריוו" האָבן זיך גע־פּלאָדעט און געמערט אַן עין-הרע.

---

אונטער דער צייט בין איך צוליב אַ צופעליקער פּערזענלא־כער אַנגעלעגנהייט אָפּגעפאָרן פון פּאַריז קיין לאָנדאָן. און, פאַרנ־דיק דורכן קאַנאַל לאַמאַנש, האָב איך זיך פאַרטיפט אין טרויעריקע רעיונות.

אַלס אַ שרייבער בין איך געווען אַ מענטש אָן אַ באָדן אונטער די פיס — ניט נאָר אויף דעם קאַנאַל לאַמאַנש אַליין. קאַמינער, יהלל, ליליענבלום און די אַנדערע זיינען געווען אין רוסלאַנד, האָבן געוואוינט צווישן די מענטשן, וועגן וועלכע און פאַר וועלכע זיי האָבן געשריבן. איך בין געווען נע־ונד, אָפּגעריסן פון מיין פאָלק און פון מיין לאַנד, פאַרוואָרפן צווישן מענטשן, וועלכע איך וויל ליבן, מחמת זיי זיינען מענטשן און דערפאַר מיינע ברידער, אָבער איך קען צו זיי ניט צוקומען, מחמת די ברידער מיינע ריידן אַ לשון, וועלכע קען פילייכט ווערן מיינער, אויב איך וועל אים דער־

ווערבן, אָבער קיינמאָל ניט מיינער, ווייל ער איז מיט מיר געבוירן, אַט ווי מיין צונג. מיין קול קומט צו זיי ניט פונם האלז, נאָר עפּעס אַזוי ווי דורך אַ פאָנאָגראַף, און ווי גוט איך זאָל ניט ריידן, קומט זיי דאָס פאָר ווי נאָכגעמאַכט, און זיי פארשטייען מיך אָבער ניט אינגאַנצן.

עדוואַרד עווערעט הייל, אַן אַמעריקאַנישער שרייבער, האָט געשילדערט אין אַ ראָמאַן אַן עקספּאַטריאירטן קאַפּיטאַן מיטן נאָמען האָלאַן, וועלכער האָט קיינמאָל ניט געטאָרט ארויפשטעלן אַ פוס אויף זיין פאָטערלאַנד, איבערהויפּט אויף דער יבשה—אַזוי איז ער באַשטראָפט געוואָרן—און איז אויף דעם אופן געבליבן „אַ מענטש אָן אַ מדינה“.

אַלס אידישער שרייבער בין איך אין יענער נאַכט צום ערשטן מאָל געווען אַזאַ מענטש אָן אַ מדינה, און בין עס צו אַ געוויסן גראַד געבליבן ביזן היינטיקן טאָג.

איז דאָס אַבסאָלוט שלעכט, געוויס ניט. חוץ וואָס אַבסאָלוט איז בדרך כלל קיין שום זאַך ניט, איז אַזאַ לאַגע אפילו גוט פאַר אַ פּראָפּאַגאַנדיסט פון דער נייער גאולה, פון דער אינטערנאַציאָנאַלער ארבעטער־עמאַנסיפּאַציע. „עס איז ניטאָ אַזאַ בייזער ווינט, וואָס בלאָזט ניט צו עמיצן עפּעס גוטעס“, זאָגן די ענגלענדער. אַלזאָ, אַלס סאָציאַליסט, האָב איך אפשר ניט געהאַט שטאַרק צו באַדויערן מיין אָפּגעריסנקייט פון לאַנד און פאָלק, אָבער אַלס שרייבער,

פאַר וועמען רייד איך? צו וועמען רייד איך? וואָס פאַר אַ לשון רייד איך? אין דייטשלאַנד בין איך געווען אין פּרייסן. אין פּרייסן בין איך געווען אין קעניגסבערג. אין קעניגסבערג בין איך געווען ביים גרעניץ. ביים גרעניץ בין איך געווען כמעט אין דער ליטע,—אַ שפּאַן פון מיינע אידעלאַך, אַ שפּאַן פון זייערע טיראַנען.

דאָרטן האָב איך געלעזן דייטש און רוסיש, כדי צו קענען שרייבן העברעאיש און אידיש, כדי זיך צו מאַכן פארשטענדלאַך פאַר די, וואָס האָבן יענע שפּראַכן ווייניק וואָס פאַרשטאַנען.

אָבער איצט דאָ? אין פראַנקרייך אָדער אין ענגלאַנד זיינען

ניטאָ קיין אידן, ווייניקסטנס ניט „מיינע“ אידן, און זייער שפּראַך איז ניט די, אין וועלכער כאָטש „ישעיה בן אמוץ“ האָט גערעדט, הגם דאָס פאָלק הויבט זי ניט אָן צו פאַרשטיין, און אויך ניט די, אין וועלכער אליקום צונזער האָט געזונגען און דאָס פאָלק קען זי און ליבט זי, פאַר זיי האָב איך ניט קיין בשורה, ניט קיין לשון, כדי זי אויסצודריקן.

און וואָס אַ יאָר לענגער,—האָב איך געפילט,—וועל איך אַלץ ווערן ווייטער און פרעמדער פון די מענטשן, פאַר וועלכע איך האָב די לעצטע זעקס יאָר געהאַט געשריבן, וועל איך זיי אַלץ ווייניקער פאַרשטיין...

איך וועל זיי פּרובירן באַשרייבן און עס וועלן אַרויסקומען קאַריקאַטורן.

איך וועל פּרובירן צו זיי ריידן און מיין קול וועט זיין אַ שטימע אין מדבר.

עס איז פּאַסקודנע צו זיין אַ מענטש אָן אַ מדינה!

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט זיך פון ווייטן, ביים האָריזאָנט, געוויזן אַן אויסוועג. עס האָט זיך גענומען באַווייזן דער אידישער אַרבעטער אין ענגלאַנד, און באַלד אויך פון יענער זייט אַטלאַנטישן אָקעאַן.

דערצו קום איך איצט.



צו וואס א פארלוירענער טיקעט קען ברוינגען.—א שמד־
מעקלער.—מיין ערשטע רעדע.

ווען איך בין אפגעוועזן אין לאנדאן א וואך צוויי, האב איך איינגעפאקט מיינע עטלאכע מטלטלים און געגאנגען צום וואקזאל כדי צוריק צו פארן קיין פאריז. אין קעשענע איז געווען פוסט ווי אין א חורבה, אבער איך האב געהאט א בילעט, און אין פאריז איז מען מיר שולדיק געווען געלט, גרויסע געלט, נאר אין די צענדליקער פראנקן אריין... און דאן האט מיר דער אלטער לאווראוו געגעבן זיינען א בראשור איבער דער פאריזער קאמונע צו איבערזעצן אויף דייטש, קלערנדיק, אז דאס דארף מיר עטוואס—ניט פיל, נאטיר־לאך—איינברענגען. חוץ דעם האט פעטער לאווראוויטש מיר גע־זאלט געבן א פערזענלאכע רעקאמענדאציע צו טורגעניעוו'ן, וועל־כער איז געווען גוט באקאנט מיטן פאריזער באראן גינזבורג, וועל־כער האט געוואוסט פון שלמה פיינבערג און וואלט מיר זיכער גע־געבן ארבעט. מאלע וואס! די אויסזיכטן זיינען געווען גרויסע און גלענצנדע, מען דארף נאר צוריקקערן אין פאריז און מיט אביסעלע מער התמדה א קוועטש טאן דאס בענקל, לערנענדיק פראנצויזיש.

ווי נויטיק מער קענטעניש פון דער דיפלאמאטן־שפראך איז פאר מיר געווען, האב איך דערפארן אזוי גיך, ווי איך בין געקומען צום וואקזאל—צו „קענאן סטריט סטיישאן". איך האב נעמלאך געהאט פאלש געלייענט מיין צוריק-בילעט און אין 14 טעג פון דעם טאג, וואס איך בין ארויסגעפארן, האב איך געדארפט זיין צוריק אין פאריז און ניט (ווי איך האב געלייענט) ארויספארן פון לאנדאן. דער בילעט איז איצטער געווען א שטיקל הארט פאפיר, אזוי ווערט־לאז ווי אן אלטער לוח.

אָן א בילעט, אָן געלט און צו שטאָלץ צו נעמען אָדער צו בארגן נאָכאמאָל אויף רייזע־קאָסטן, בין איך געבליבן אין לאָנדאָן, אין אָנהויב אויף עטלאכע טעג, דאן אויף עטלאכע חדשים, און דאַן מיט אלעמען, אויף 15 לאנגע יאָר.

און וואָס פאר אן אומבאדייטנדער צופאל קען האָבן פאר פאלגן אין א מענטשלאכן לעבן! ווען ניט דער בטל־געוואָרענער בילעט וואָלט איך זיכער געבליבן אין פראנקרייך, וואָלט אין לעבן ניט געוואָרן קיין אידישער שרייבער און די דאָזיקע ערינערונגען וואָלטן געבליבן „תחת צל כנפי השכינה", ווי אלע אומגעבוירענע נשמות, און מער ווי איין גענעץ וואָלט הייגט די לופט ניט באאומ־רואיקט.

און שווערע צייטן זיינען ערשט געקומען. גוטע פריינט זיי־נען געווען א שיין ביסל, אָבער ביי איינעם האָב איך ניט געוואָלט עסן, ווייל מען האָט גערארפט צבוע'קעווען, דאָס הייסט, זיך וואשן און בענטשן; ביי אַן אנדערן, ווייל זיין ווייב האָט אויף אונזער איינעם געקוקט קרום; ביי א דריטן, ווייל ער וואָלט זיך דערמיט בארימט; ביי א פערטן, מחמת ער האָט אליין ניט געהאט. ביני־לביני איז געווען זייערע ניט גוט, און דער הונגער, פון וועלכן איך האָב פריער געהאט א ריין־טעאָרעטישן באגריף, האָט איצט ביי מיר אָנגענומען א פראקטישן כאראקטער, און אין מיין קאלענדאר האָבן זיך גענומען באווייזן נייע, שפאָגל־נייע תעניתים מיט ווייניק פראָוויאנט, סיי פארן פארפאסטן, סיי פארן אָפפאסטן...

---

פאר מיין אוועקפאָרן פון פאריז און זיך פילנדיק אימשטאנד (מיט מאטערניש) צו לייענען א בוך אין פראנצויזיש, האָב איך אויסגענעבן עטלאכע סענט אויף א ביליקער אויסגאַבע פון „די ווערטער פון א גלויביקן" פון דעם בארימטן פריסטער־רעוואָלוציאָ־נער לאמענעי. באקאנט געוואָרן בין איך מיט דעם שרייבער דורך לודוויג בערנע, וועלכער האָט דעם בוך איבערזעצט אין דייטש דאָס יאָר, דאכט זיך, וואָס ער איז געשטאָרבן (אין 1837), אָדער א יאָר פריער.

ביי מיר האָט זיך אויפגעלייגט א פּלאַן „די ווערטער פון דעם מאמין“ צו איבערזעצן אויף העברעאיש, איבערהויפּט ווייל דער גאַנצער ספר איז געשריבן אין א מין ביבלישן נוסח און וואָלט— אזוי האָב איך געקלערט—געקלונגען בעסער אין העברעאיש, ווי אין פראַנצויזיש.

איך האָב זיך גענומען צו דער ארבעט מיט אזא גרויסן ענ־טוזיאזם, אז איך האָב פארגעסן צו טראַכטן וועגן אן ארויסגעבער.

ווען דער ערשטער קאַפּיטל איז געווען איבערזעצט, האָב איך וועגן דעם עסק זיך דורכגערעדט מיט איינעם פון מיינע פריינט.

דער מאַן האָט אויף מיר אויפגעשטעלט א פּאָר אויגן.

— „וואָס! גאָט איז מיט אייך, איר וועט איבערזעצן א קריסט־לאכן בוך, א בוך פון א פּריסטער? סטייטש, גזלן, מען וועט דאָך תוך-כדי-דבור דאָס פארטייטשן, אז איר גייט זיך שמד׳ן!“

מיר איז דאָס דעם ערשטן אויגנבליק פאָרגעקומען אביסעלע ווילד, איבערטריבן. איך האָב זיך אָבער באַלד איבערציינגט, אז אין דער אידישער קהילה אין לאָנדאָן איז דאָס א גאַנץ נאַטירלא־כע זאַך פאַר יעדן איינציקן.

דאָן, דאַרף מען ווישן, האָט ביי אונז געבליט די שמד־ביזנעס. פּילע יונגע לייט, וועלכע האָבן ניט געהאַט וואָס צו עסן, פלעגן זיך אוועקלאָזן צו די מיסיאָנערן. דאָרטן האָט מען א טויף־קאַנדידאַט געהאַלטן א חדשים דריי-פיר איידער ער איז געווען „פארבאַריי־טעט גענוג“ אום צו ווערן א קריסט. דאָס ווייסנדיק, זיינען פּילע נעגאַנגען אהין מיט דער אידייע צו נאַרן די קריסטן־מאַכער, זיינען אָבער דערוויייל קאָמפּראָמעטירט געוואָרן אין זיינען שוין דאָרטן געבליבן. מאַנכע זיינען ארויסגעקומען אויך. אין אזעלכע פאַלן איז אימער געווען ערגעץ א שתדלן, וואָס האָט דעם בעל־דבר ארויס־געראַטעוועט, אָפּט מאַכנדיק דערביי א שיינעם גראָשן.

צו יענער צייט איז אין לאָנדאָן געווען א איד א משכיל, מיט

א נאָמען, וואָס געפינט זיך אין ביבליאָטעקן*) וועלכער האָט געהאַט אַזאַ מין געשעפט:

א יונגער מאַן פון רייכע עלטערן אַנטלויפט פון דערהיים און קומט קיין לאָנדאָן. ער ווערט באַקאַנט מיט „דעם דאָזיקן". דער דאָזיקער רעדט אים צו צו גיין צו די מיסיאָנערן, געוויינטלאַך אים איינרעדנדיק, אַז מען קען זיי לייכט אָפּנאַרן. דער יונגער מאַן פאַלט אַריין אין א פּאַסטקע, און דער דאָזיקער, אַלס מעקלער, קריגט א געוויסע סומע כּאַבאַר. אויך מאַכט ער דעם עסק ווייט און ברייט באַקאַנט און דאָס צוריקגיין ווערט פאַר דעם קאַנדידאַט כמעט אוממעגלאַך. דאַן הויבט ער אָן צו אַרבעטן—„דעם בחור אַרויסצוראַטעווען פון שמד". ער קלייבט געלט, ער שרייבט נאָך געלט צו דער יונגענמאַנ'ס עלטערן און לעקט פון דאָס ניי א ביינדל, צי ער „ראַטעוועט", צי ניט. די ענגלישע מיסיע „צו די אידן" איז זייער רייך, און שפּעטער, אין 1884, איז באַקאַנט געוואָרן, אַז יעדער נע'שמד'טער קאָסט דער מיסיע 15,000 דאָלאַר,—אַלזאָ א שמאַלץ-גרוב, אַרום וועלכער דעם קהל'שן קאָכלעפל לוינט זיך צו שאַרן.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז ווירקלאַך געווען ניט גאַנץ זיכער צו איבערזעצן אויף אידיש א בוך, וואָס פאַנגט זיך אָן מיט די ווערטער: „אין דעם נאָמען פון דעם פאָטער, דעם זון און דעם הייליקן גייסט", הגם דאָס בוך האָט א סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן אינהאַלט און איז דערביי זייער ווייט פון דער קריסטלאַכער קירכע.

---

גלייך ווי איך בין אָנגעקומען אין לאָנדאָן (צום צווייטן מאָל), בין איך מיט לייב און לעבן צוגעשטאַנען צו דער אַרטיקער באַוועג־

---

*) ווינטשעווסקי מיינט דאָ דעם משכיל חזא"ל, וועלכער ווערט אויך דערמאָנט פון צבי גרשוני אין זיין וידוי, אין „המגיד" פון 14טן אָקטאָבער 1868. גרשוני דערציילט דאָרט, אַז אַ דאַנק די שטראָף־רייד פון חזא"ל, וואָס איז געווען זיינער אַ לאַנדסמאַן, אַ ווילנער, איז ער, גרשוני, אַוועק פון די לאָנדאָנער מיסיאָנערן. — ק. מ.

נונג. איך רייד דאָ, נאַטירלאַך, פון דער דייטשישער, ווייל ווי איך האָב, דאַכט זיך, שוין געזאָגט, איז אין דעם יאָר 1879 נאָך קיין ענגלישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג אפילו אין געדאַנק ניט געווען. די טשאַרטיסטן פון די פערציקער יאָרן זיינען דאַן שוין אַלע געווען אויסגעשטאָרבן, און די סאָציאַליסטן פון די אַכציקער יאָר זיינען נאָך ניט געווען געבוירן.

די דייטשן אָבער האָבן שוין געהאַט אַן אָרגאַניזאַציע: דעם „קאָמוניסטישן ארבעטער בילדונגס־פאַראיין", מיט אַ ברענטש (אָפּטיילונג) אין דעם אידיש־דייטשישן קוואַרטאַל (די אידן האָבן, משמעות, זיך שטענדיק באַזעצט אַרום די דייטשישע קאָלאָניעס אומעטום, און דער שכן האָט אָפט אַרויסגעשטופּט דעם באַלעבאָס).

צו ווייַנאַכטן (קריסטמעס) האָט מען געהאַט אַראַנזשירט אַ ליטעראַריש־מוזיקאַלישן אָוונט, וועלכער האָט געזאָלט טראָגן אַ פּריוויינקעדיישן כאַראַקטער, אַלס פּראָטעסט קעגן די ענגלישע פאַנאַטיקער.

איך געדענק שוין ניט, ווי אַזוי דאָס איז געקומען. אָבער מיך האָט מען איינגעלאַדן צו האַלטן די פעסט־רעדע (איבער קריסטמעס פון אַ סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט) און דווקא אין דעם וועסט־ענד, וואו איך בין וואַרשיינלאַך געווען דער איינציקער איד אין דער פאַרזאַמלונג יענעם אָוונט.

דאָס האָט געדאַרפט זיין מיין ערשטע רעדע. איך האָב אָבער קיינמאָל פריער ניט געהאַט גערעדט אין דער עפנטלאַכקייט, יעדנפאַלס ניט פאַר אַ גרויסן עולם. וואָס־זשע טוט מען?

איך האָב זיך אַנידערגעזעצט ביי אַ קליין טישל, אין אַ שלעכטנעהייצטן צימער, אויף אַ ניכטערן מאָגן (ער פלעגט כמעט שטענדיק בלייבן ניכטער אַ האַלבן, אמאָל אַ גאַנצן טאָג) און האָב אָנגעהויבן צו פירן די פעדער אויפן פּאַפּיר.

דערצו האָב איך ניט געהאַט קיין ביכער, אפילו ניט מיינע אייגענע, ווייל זיי זיינען געבליבן אין פּאַריז און איך האָב זיי צוריק באַקומען ערשט צוויי־דריי חדשים שפּעטער, און איך האָב

קיינמאָל ניט געקענט אויסווייניק ציטירן דעם קלענסטן פּסוק פון ערגעץ א שריפט.

אבט גאַנצע טעג האָב איך... געשוויצט? ניין, דערצו איז געווען צו קאַלט אין שטוב, אָבער שווער געאַרבעט. ענדלאַך איז דער פּאָרטראַג געווען פאַרטיק — א פעסט־רעדע אין גאָר ניט שלעכטן דייטש, מיט מער „פּאָעזיע", ווי תורה אין איר, ארויס־ברייננענדיק דעם געדאַנק, אַז מיר, סאָציאַליסטן, פייערן ניט די געבורט פון דעם גאָט־מענטש קריסטוס, נאָר מיר נוצן אויס די געלעגנהייט צו לאָזן אונזערע קינדער 'זיך משמח זיין מיט אלע אַנדערע קינדער ארום זיי אינם אינטערנאַציאָנאַלן קינדער־פייער־טאָג.

איצט האָט מען אָבער די רעדע געדאַרפט האַלטן, דאָס הייסט, ארויסגעבן; לאָזן די שוואַרצע פינטעלאַך זיך פאַרוואַנדלען אין טענער און מונדלאַכע ווערטער; באַלעבן די טויטע טינט דורך א מענטשלאַכן אָטעם; געבן הונדערטער פאָר אויערן באַנעמען דאָס, וואָס ביז דאַן האָבן נאָר געקענט קריגן עטלאַכע פּאָר אויגן,— בקיצור, מען האָט געמוזט ריידן און איך שטיי, ווי משה פאַר פּרעה מלך מצרים, א כבד־פּה, אָן א ברודער אהרן אפילו.

דערווייל האָט זיך אונטערגערוקט דער פאַטאַלער אָוונט. עס בויגן זיך די קני, אפילו אויף דעם וועג צום האָל, א גאַנצן טאָג האָב איך געהאַט גע'חזר'ט און איבערגע'חזר'ט מיין רעדע און ווייס אויסווייניק ניט א וואָרט, ניט א זילבע!

אָט בין איך ענדלאַך אין זאַל. עס שפּילט שוין די מוזיק. דער עולם איז יום־טוב'דיק. פרויען, קינדער, בלומען, פריילאַכקייט, הערצלאַכער געלעכטער — ארום און ארום. מיך קען כמעט קיי־נער ניט און נאָר דריי־פיר פּערזאָנען באַגריסן מיך. די לופט איז דורכגעווייקט מיט בייעריש ביר און מיט טאַבאַק־רויך, וועלכער אונטערדריקט כמעט אינגאַנצן דעם בלומען־דופט.

און אָט שטיי איך שוין אויף דער בימה מיט אבט ענג־געשריי־בענע זייטלאַך פּאַפּיר אין דער האַנט.

לעז איך? אפשר יאָ, אפשר ניט — אויף קלאָר ווייס איך ניט. איך ווייס ניט, צי דער עולם קוקט אויף מיר, צי ניט. משמעות,

הערט מען זיך דאָך צו מיר צו, מחמת אין זאַל איז שטיל, מער ווי מיין קול הערט זיך ניט.

איך בין ווי אין א חלום. איך לעז אָן באוואוסטזיין, א שטיי-נער, ווי א סאָמנאַבוליסט גייט ארום אין שלאָף. און אזוי ווי ער גייט איבער שפּיץ דעכער און פאַלט ניט אראָפּ, אזוי, שיינט עס, גייען מיינע ליפּן און מיין צונג איבער די שורות אויפן פּאַפּיר— זיכער, אָבער באוואוסטלאָז... אָט עפּעס ווי א פּאָנאָגראַף, וואָס זינגט „ונתנה תוקף".

און די לעצטע שורה איז ענדלאַך געזאָגט און מיך וועקן אויף פון מיין צוויבער־שלאָף הערצלאַכע אפּלאָדיסמענטן פון הונדערטער הענט. איך קוק זיך ארום און זע, אז מיין רעדע איז צו ענד.

דער עולם רעדט און לאַכט פון דאָס ניי. א צערטלאַכע פרויען-האַנט גיט מיר א ווארימען האַנט־דרוק. איך וויים ניט, ווי אזוי איך האָב עס פארדינט, אָבער מיר איז דער יישר־כוח אנגענעם.

איינער א דייטשישער גענאָסע (בירגער בלע"ז) זאָגט, אז מיין רעדע דאַרף זיין אין דער „פרייהייט", אָן אנדערער באַמקעט און-טער. מיר דאַכט, אז זיי ריידן נארישקייטן. אָדער מאַכן זיי חוזק?

— „אומזין!" זאָג איך.

— „ניין, ניין, דורכאויס ניכט!" — ווידערשפּרעכט מיר פריינטלאַך די פרוי. און עס אנטוויקלט זיך א קורצע אונטער-האַלטונג וועגן מיין רעדע, פון וועלכער איך אליין האָב ניט גע-הערט קיין וואָרט.

איבערגעקומען! און פון יענעם אָוונט אָן זיינען מיר זייער גוטע פריינט, הגם א דייטשקע איז פאר מיר, מיט מיין רוסיש־אידיש־רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט, מער ווי פרויענצימער.

געוועזן איז דאָס קלאַרא מאַסט.



ערשטע אידישע פראָלעטאַריער.—דער לוידנשאַפטלאַכער גע־
בער.—מיין בראָשור „יהי אור!“.—איך אַלס צענזאָר.—מאָסט׳ס
פאַמיליע־לעבן. — דער רעזולטאַט.

אידישע ארבעטער!

ניט א היימישער געזעל, ניט אַן אמאָליקער אונטערשניידער ביי אַן אויבערשניידער, וועלכער טראָגט ביי אים פּאָמאָיניצעס, וועלגערט א בלאט לאָקשן, פּאסט אויף אויף די קינדער, העלפט דער באַלעבאָסטע קערן שפּינוועבס, ברענגט וואסער פון ברונעם, האקט האָלץ, מאכט א פייער און—ווען ער האָט שוין גאָר קיין אַנ־דער זאַך ניט צו טאָן—זעצט זיך אוועק און שטשאבעט אביסל, שטשאבעט פיליכט עטלאכע, שיינע עטלאכע שעה, שטשאבעט ביז עס קומט די צייט צו גיין אָפּנעמען משה׳לען פון חדר, שטשא־בעט אזוי טעג און וואָכן, און חדשים און יאָרן, ביז דער מזוג זווגים שיקט אים צו זיין באשערטע, און ער ווערט אליין א שניי־דער, צי ער קען זיין מלאכה צי ניט, ווערט א בעל־מלאכה פאר זיך, פּשוט דערפאר, וואָס ער איז א באווייבטער, און דערצו נאָך אזעלכער, וואָס עסט ניט קיין קעסט, און מוז, הייסט עס, אָנפאנגען צו זאָרגן פאר זיין אייגענער געגנוואָרט און צוקונפט.

ניט אזא ארבעטער סיי אין דעם שניידער־פאך, סיי ביי ער־גענץ אין אַן אַנדער מלאכה, אין וועלכער דער אידישער לוין־ארבע־טער, אָפט אָן לוין, האָט אמאָל געלעבט אין אונזערע מקומות אין דערהיים, איז געווען דער ארבעטער, וועלכן איך האָב פאר זיך דערזען אין לאָנדאָן. דאָס איז שוין געווען א מאָדערנער פּראָלעטא־ריער, א פאבריק־ארבעטער אָדער אזוי גלאט „א האנט“. דאָס, וואָס אונזער קליינער קרייז פון פּראָפּאגאנדיסטן האָט פריער געזען במעט נאָר אין דער ליטעראטור, איז איצט געשטאַנען פאר די אויגן.

דער אַרבעטער, וועלכן מיר האָבן אין העברעאישע פערזן באַקלאָגט און באַזונגען אין די פריערדיקע דריי־פיר יאָר, איז איצט אין לאָנדאָן פאַר אונז דערשינען פאַרוואַנדלט אין פלייש און בלוט—אַ פולקומער לוין־שקלאַף, וואָס אַרבעט צווישן צענדליקער, צווישן הונדערטער פון אַנדערע ביי שניידעריי, ביי טישלעריי, אין דעם רעגנמאַנטל־פאַך, אַלס שריפטזעצער, אַלס שטאַקמאַכער, אַלס זייגערמאַכער (הגם אין דעם פאַך נאָך מייסטנס אויף דעם היימישן שטייגער) און ביי מאַנכע אַנדערע מלאכות, איבערהויפּט אַלס שוסטער און טאַבאַק־אַרבעטער.

איך האָב שוין אין לאָנדאָן געפונען ניט נאָר אַזאַ מין אַרבעטס־פאַרטיילונג ווי, למשל, קנעפּלאָך־אַרבעט אין שניידעריי, וואָס דאָס וואָלט מען זיך אין דער ליטע דאַן ניט געקענט פאָרשטעלן, נאָר אויך דעם „חזיר־מאַרק" און דעם „סוועטער", אַרום וועלכע עס וואָלט זיך לוינען צו ריידן זאָגאַר אויספירלאַך, אָבער דערווייל מוז מען עס אָפּלייגן אויף „לכשירחיב".

---

צווישן די טיפּן פון די ערשטע אידישע פּראָלעטאַרישע סאָציאַליסטן, גאַנצע, האַלבע און נאָר־וואָס פאַרבאַפטע, זע איך אין דעם אויגנבליק פאַר זיך אַ שיין ביסל.

אַט מאַרשירן פאַרביי פאַרוויז: די זעצער־אַרבעטער פישער און קולא, די טישלער וויינער און שאול (לעווין), די שניידער־הענט ראַזענטאַל און סטאַון.

איינציקווייז זע איך פאַר זיך דעם זעצער גרינבערג, אַרום וועלכן עס וועט באַלד גערעדט ווערן, נאָך אַ פּאָר מטושטש געוואָרענע געשטאַלטן, וועלכע איך זע ווי דורכן חלום, צווישן זיי אייניקע סטאַליאַרעס, וואָס האָבן געאַרבעט אין אַ גרויסן מעבל־געשעפט, אין וועלכן ווינער איז שפּעטער געוועזן דער עלטסטער.

דאַן האָב איך דאָרטן געפונען אַ אינטערעסאַנטן ניט־אַרבעטער, וועלכן איך וועל דאָ גלייך פאָרשטעלן פאַר די לעזער, מחמת איך האָב מורא, אַז ווען איך טו דאָס ניט גלייך, וועל איך פאַר־

נעסן, און דער בעל-דבר האָט געשפּילט אַ שטיקעלע ראָלע (אַ קאָמישע) אין די יונגע יאָרן פון מיין לעבן.

זיין נאָמען איז גלייכער צו פאַרשווייגן, אָבער באַשרייבן מעג מען אים.

ער איז געווען אַ יונגער מאַן, אַ יאָר עטלאַכע און צוואַנציק אַלט, ניט הויך, דערפאַר אָבער ברייטלאַך געוואַקסן, מיט שיינע בלאָנדע האָר און אַ בערדל פון דעם זעלביקן סאָרט. זיינע אויגן זיינען געווען קליינינקע מיט אַ שעמעוודיקן בליק אין זיי. קיין בייכל האָט ער ניט געהאַט, אָבער דייטלאַכע סימנים דערויף זיינען שוין געווען, און הגם איך האָב אים די גאַנצע 29 יאָר, פון דע־מאָלט אָן, ניט געזען, וואָלט איך שווערן, אַז ער מוז היינט זיין אַזוי ברייט ווי ער איז לאַנג.

דער בחור האָט גערעדט עטלאַכע לשונות, זיי אָנטועדיק גרויסע יסורים און פירנדיק אַ שטענדיקע מלחמה מיט זייערע גראַ־מאַטיקעס, הגם ער איז אין לאַנדאָן אָנגעקומען אַלס אַ געוועזענער גימנאַזיסט. דערפאַר אָבער האָט ער געהאַט, וואָס מען רופט אויף אונזער קאַפּיטאַליסטיש-מאָדערנעם לשון, אַ „גילדערן" האַרץ.

ניט אַכטנדיק אויף זיינע פולע בעקלאַך, זיין באַלעבאַטישע בערדעלע און זיין קינפּטיקן בייכל, איז ער געווען, ווי מיר אַלע, אַ קבצן. ער איז דערביי געווען, ווי געזאָגט, אַ ניט־אַרבעטער, אַל־זאָ אַ מענטש אָן יעדער אַנדערער הכנסה חוץ פּילייכט די עטלאַכע רובל, וועלכע ער פלעגט קריגן פון דערהיים.

און דאָך איז ער געווען אַ געבער. ער האָט פשוט געהאַט אַ מאַניע צו געבן מתנות, איבערהויפּט מענטשן, וועלכע זיינען אים געווען צום האַרצן—סיי זכרים, סיי נקבות. אַ טאָג פאַרבראַכט ניט שענקענדיק עמיצן וואָס—אַ מעסערל, אַ טינטער, אַ פעדער־האַלטער און דאָס גלייכן—איז פאַר אים געווען אַ ווייסטער, אײַנ־האַלטסלאָזער, אומזיסט געלעבטער טאָג. און ער האָט כסדר גע־שענקט מתנות.

נאַטירלאַך, האָט ער אויך געבאָרגט ביי אַלעמען געלט אַזוי ווייט, ווי עס האָט זיך אין אַנדערע קרייזן געלאָזן, און זייער ווייט

האָט זיך ניט געלאָזן. ביי מיר, למשל, איז גאָר ניט געווען וואָס צו נעמען; האָט ער מיר איין טאָג געמאַכט אַ פאָרשלאַג, אַז איך זאָל אים מיינע יום-טוב׳דיקע בגדים באָרגן צום פאַרזעצן. זיין גוט גילדערן הארץ האָט אויף מיר שטענדיק געהאַט אַ שטאַרקן איינפלוס און אַזוי ווי מיינע גוטע קעניגסבערגער בגדים זיינען ווירקלאַך עפּעס ניט געווען צום רומל ביי מיין דלות פון יענער צייט, האָב איך אים געמאַכט אַ פּעקל און ער האָט דערויף נעקראָגן אַ שיינע מטבע, אַ שילינג פינף־זעקס.

פון יענעם טאָג אָן פלעגט ער מיר אָפט ברענגען מתנות. איך האָב מאָל פון מאָל פּראָטעסטירט דאַגעגן, אָבער עס האָט ניט גע־האָלפן. דאָס געבן איז פאַר אים געווען אַזאַ נויטווענדיקייט, ווי פאַר אייך די לופט, וואָס איהר אָטעמט איין.

פלוצלונג איז ער פאַרשוואונדן געוואָרן. עס האָט זיך דאַן אַרויסגעשטעלט, אַז די אַלע טינטערס, מיט די מעסערלאַך, מיט די רעמעלאַך, מיט די פּאַרניצקעס, מיט די אַלע אַנדערע זאַכן, וועלכע ער האָט געשענקט אין יעדער הויז, וואו ער איז געווען אַן איינ-גייער, פלעגט ער גנב׳ענען.

גנב׳ענען כדי צו געבן, קיינמאָל ניט פאַר זיך! ווי קלאַסיפי-צירן, ווער ווייס, די קרימינאַלאָגן אַזאַ מין טיפּ?

---

לאָמיר זיך צוריקקערן צו די אויבנדערמאַנטע ערשטע אידישע סאָציאַליסטן־אַרבעטער.

איך געברויך דאָ דאָס וואָרט „אַרבעטער“ אַלס קעגנזאַץ צו „משכילים“, אָדער ווי מיר זאָגן היינט, אינטעליגענטן, פונדעסט־וועגן איז דאָס ניט אינגאַנצן ריכטיק, די מייסטע פון די אויסגע־רעכנטע פּערזאָנען זיינען געווען מענטשן מיט פּרעטענזיעס אויף בילדונג.

דער אַרבעטער נתן בערלין האָט געשריבן גאָר ניט שלעכט העברעאיש, וויינער איז געווען אַמאָל אַ שילער פון דער ווילנער ראַבינער־שול, בעת פישער איז שפּעטער געוואָרן אַ שתדלן פאַר זינדיקע מענטשן ביים קריסטלאַכן רבונו-של־עולם, וואָס דערפון

קען מען פארשטיין, אז ער האָט געמוזט שוין צו מיין צייט זיין אַ שטיקל אינטעליגענט, אפילו בעת ער איז נאָך געשטאַנען ביים קאַסטן, זעצנדיק אידישע שריפט און אַליין נאָך אַ איד.

ווענן די אַנדערע וועט מיר אויסקומען צו ריידן שפּעטער, בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע אידישע אַרבעטער־באַוועגונג אין ענגלאַנד. דאָ וועל איך זיך אָפּשטעלן אויף צוויי פּערזאָנען: פישער'ס פריינט קולא און דעם זעצער גרינבערג.

זיי ביידע, ווי די מייסטע פון די אַנדערע, זיינען געוועזן מתלמידי ליבערמאַן. זיי האָט ער „פּאַנאַנדערפּראָפּאַגאַנדירט“ אין דעם יאָר 77—1876, ווען ער איז געווען דאָס ערשטע מאָל אין לאָנדאָן, איידער דער „האמת“ איז געגרינדעט געוואָרן.

קולא איז געווען אַ קרענקלאַכער מענטש, אַן אַרבעטער מיט אַ לונג-פעלער, וועלכער האָט זיך אַרויסגעוויזן אויף זיין פּנים דורך יענער פּאַרדעכטיקער רויטקייט אויף די באַקן, וואָס פאַרמאַסקירט די בלאַסקייט פון דער שרעקלאַכער פּראָלעטאַריער־קראַנקהייט, פּונקט ווי אַן אַנדער מין „פּאַרדעכטיקע רויטקייט“ פאַרמאַסקירט די פרינציפּלאָזיקייט ביי געוויסע קאַזיאָנע סאָציאַליסטן...

דער מאַן איז מיר שטענדיק געוועזן זייער סימפּאַטיש, אָבער ער איז לאַנג ביי אונז ניט געבליבן. ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אויסטראַליע און איז, דאַכט זיך, געבליבן לעבן.

אָבער ער און וויינער און דער האַלבער טוץ אַנדערע האָבן מיר אָן ווערטער געגעבן קלאָר צו פאַרשטיין, אַז מען דאַרף צום אידישן אַרבעטער ריידן אויף זיין אייגענעם לשון, ווי ליב אונז זאָל ניט זיין די אַלטע העברעאישע שפּראַך.

איך האָב באַשלאָסן צו שרייבן אַ בראָשור וועגן סאָציאַליזם. דער באַשלוס איז גיך אויסגעפירט געוואָרן.

איין פרימאָרגן בין איך געזעסן צוזאַמען מיט נתן בערלין, מיט גרינבערג'ן, און איך געדענק שוין ניט צי מיט קולא'ן דערביי אָדער ניט, און האָב זיי פאָרגעלעזן מיין בראָשור „יהי אור“ אָדער די „פאַרקערטע וועלט“. דאָס איז געווען צום ענד פונם יאָר 1879. מען האָט זי געדראַפּט דרוקן.

גרינבערג, וועלכער לעבט נאָך און געפינט זיך אין ניו יאָרק, האָט דעמאָלט געאַרבעט ביי אַ געוויסן וואלענשטיין, אַן ענגלאָ-אידישן דרוקער, וועלכער פלעגט אַרויסגעבן העברעאישע זאַכן, ווי, למשל, ווערטער־ביכער, שפּראַך-מעטאָדן און אַזוי ווייטער פאַר ענגלישע יאָהודים.

גרינבערג האָט זיך גענומען פאַר דער מצוה צו געפינען אַ דרוקער פאַרן „יהי אור“. ער האָט געפונען. פאַר פיר פונט סטערלינג (20 דאָלאַר) האָט מען, לויט זיין באַריכט, געקענט קריגן אָפּגעדרוקט די בראָשור. עס איז אָבער געווען עטוואָס, וואָס ניט ער און ניט קיין שום אַנדערער צווישן אונז האָט ניט געקענט געפינען: די פיר פונט סטערלינג, און די בראָשור איז געבליבן ניט געדרוקט ביזן יאָר 1884.

---

אַרום יענער צייט איז אין ווייטשעפּל געגרינדעט געוואָרן אַן אָסט־ענד (איסט־סייד) אָפּטיילונג פון דעם קאָמוניסטישן אַרבעטער־בילדונגס־פאַראיין. דעמאָלט האָבן נאָך אין יענעם טייל לאָנדאָן געלעבט אַ סך דייטשן, אָבער (אָביסל צוליב מיר) האָט דער אידישער עלעמענט אינם פאַראיין אָנגעהויבן צו וואַקסן. ביסלאַכווייז בין איך דאָרטן געוואָרן אַ גאַנצער מאַכער און מיט דער צייט אפילו אַ רעדנער.

מאָסט'ס פירונג פון דער „פרייהייט“ האָט דערוויל וואָס אַ טאָג לענגער אַלץ מער „סקאַנדאַליזירט“ די פירער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. די „פרייהייט“ איז פאַר זיי געווען צו רעוואָלוציאָנער, ווי פאַר מאַנכע פון אונז—עסטעטיקער—צו גראָב, צו אומגעהובלט, צו ביטער אין איר שפּראַך. אפילו אין דעם „אינערן צירקל“ פון דעם פאַראיין האָט זיך געהאַט געבילדעט אַן אָפּאָזיציע קעגן מאָסט'ס ערלאַך־רעוואָלוציאָנערע, אָבער גראָבניפּטיקע אָנגריפן אויף קעגנער.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן איינצוזעצן אַ פּרעסע-קאָמיסיע, וועלכע זאָל האָבן די עובדה צו קאָנטראָלירן די רעדאַקציע פון דער „פרייהייט“. אין דער דאָזיקער קאָמיסיע בין איך געווען איינער

פון פינף מיטגלידער און, אויב איר ווילט, טאקע א פינפטער ראד צום וואגן. דער אמת איז, אז איך האב אין גרונט-הארצן מיט דעם „טאלען האנס" (דעם משוגענעם מאסט, ווי מען פלעגט אים רופן אין דייטשישע פארטיי־קרייזן) סימפאטיזירט, און חוץ דעם האט מיר די ראלע פון א מיטגליד אין א „צענזור־קאמיטעט" ניט זייער שטארק געשמעקט.

אויף דעם אופן האבן פאסירט צוויי זאכן: ערשטנס, בין איך געווארן זייער באפריינדעט מיט מאסט און זיין פרוי; און, צווייטנס, האב איך, בלייבנדיק אינם „פרעסע־קאמיטעט", אנשטאט צו צענזורירן מאסט'ס לייט־ארטיקלען, זיך גענומען צום שרייבן אדרעסן פאר דער „פרייהייט"־עקספעדיציע — אלע פריטיק, און ווען־ניט־ווען אן ארטיקעלע פאר דער רעדאקציע.

מיין פריינטשאפט מיט די מאסטס האט מיט זיך געבראכט א סך זאכן. קלארא איז מער ווי איין מאל געווען אויף מיינע ווייטשעפעלער פארטראגן, בעת מאסט אליין האט זיך אנגענומען צו זיין פארזיצער אויף מיין ערשטן ניט אויפגעשריבענעם רעפעראט איבער רוסלאנד, וועלכער האט דאס מיך אייגנטלאך געמאכט פאר א שטיקעלע „יא־טעבע־דאם" צווישן די דייטשן אפילו אין ווייטשעפל.

איך בין געווארן אן אפטער איינגייער ביי די מאסטס, וועלכע האבן געוואוינט אין זעלביקן הויז (22 פערסי סטריט), וואו עס האט זיך איינגעפונען די רעדאקציע.

איין טאג איז צו אונז פון דער שווייץ געקומען א יונגערמאן מיטן נאמען ווענטקער. ער האט געהאלטן א פארטראג איבער רעוואלוציאנערע דיכטער — פרייליגראט און הערוועג — און האט דערמיט געמאכט אזא גרויסן רושם, אז מאסט האט דעם פארטראג געדרוקט אין דער „פרייהייט".

דעם דאזיקן יונגנמאן האב איך אפט געטראפן ביי די מאסטס און בין מיט אים באלד גוט נענוג באקאנט געווארן צו בארגן פון אים א בוך, וועלכן איך האב נאך עד־היום אויף מיין געוויסן און אין

מיין ביכער־שראַנק. ווי מען וועט באַלד זען, איז דאָס ניט געווען אינגאַנצן מיין שולד.

ווענטסקער און קלאַראַ מאָסט זיינען געוואָרן אַלץ בעסערע און אינטימערע פריינט, האַנס דאַגעגן איז אַלץ וויטער און פרעמדער געוואָרן צו זיין וויב, וואָס מער ער איז פאַרוויקלט געוואָרן אין מחלוקות מיט די פירער פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַ־טיע, שוין נאָרניט ריידנדיק דערפון, וואָס די געשעפטן פון דער „פרייהייט“ זיינען ניט געווען גלענצנדע ניט דאָ, ניט פריער, ניט שפעטער.

צוויי קלייניקייטן האָבן זיך שאַרף איינגעקריצט אין מיין זכרון. איך וועל זיי פרובירן דאָ איבערגעבן אין עטלאַכע קורצע ווערטער:

— ווייסט איר,—רופט זיך איין נאָכמיטאָג אָפּ צו מיר פרוי מאָסט, זיצנדיק ביים פענסטער קעגן מיר און עפּעס אויסנייענדיק, — האַנס און איך זיינען איצט פאַרהייראַט אַכט יאָר. פון די דאָ־זיקע אַכט יאָר איז ער פיר געזעסן אין טורמעס, און די אַנדערע פיר יאָר האָב איך אים אויך ווייניק וואָס געזען...

איך געדענק ניט, וואָס איך האָב דערויף געענטפערט, נאָר איך זע זי קלאָר פאַר מיינע אויגן, זע, ווי איר שיינער פּנים נעמט אָן איינע נאָך דער אַנדערער אַלע פאַרבן פונם רעגנבויגן, און איך פאַר־שטיי, אַז אין דער ברוסט ביי איר ברויזט אַ שטורעם און ערגעץ אַ ליבע־שיף ווערט דאָרטן געשטראַנדעט... אין אַ צוזאַמענשטויס מיט אַן אַנדער שיף.

עס פאַרגייען אַ פּאָר וואָכן, און איך קריג בייצוזיין ביי אַן אַנ־דער קליינעם, אָבער באַדייטונגספולן עפּיזאָד.

איך קום אַ פרייטיק נאָך האַלבן טאָג צו מאָסט'ס וואוינונג. קלאַראַ שטייט ביי דער טיר מיט אַ קערבל אין דער לינקער האַנט, מיט אַ שליסל אין דער רעכטער און שיינט צו וועלן אויפשליסן די טיר. זי זעט אָבער אויס, ווי פאַרשלאָפן, קענטיק ניט וויסנדיק, וואָס זי וויל דאָ טאָן.

איך ווינטש איר גוט מאָרגן, זי ענטפערט פריינטלאַך, אָבער

ריין מעכאניש, אויף קלאר ניט וויסנדיק ניט ווער איך בין, ניט וואס איך טו דארטן. עס פארגייט א מינוט.

— אך יא! — רופט זי אויס און, ווערנדיק רויט איבער די אויערן, עפנט זי די טיר און מיר גייען ביידע אריין.

די צוויי עפיזאדן וועלן דערקלערן א דריטן, א פיל וויכטיקערן. אט איז ער.

איין שבת צונאכט איז מאסט געקומען זייער שפעט אהיים.

— קלארא! — האט ער אויסגערופן. קיינער האט ניט גע-ענטפערט. ווארשיינלאך, שלאפט זי שוין, האט ער ביי זיך גע־טראכט.

ער האט אנגעצונדן דעם לאמפ אויף דעם עס־צימער־טיש און האט דערזען א צעטעלע.

אין דעם צעטעלע, וואס האט זיך אנגעהויבן מיט די ווערטער: „ליבער האנס", האט זיין פרוי אים געזאגט, אז ער וועט געפינען זיין זונטיק-וועש דארטן און דארטן, די קליידער אין שראנק, פרי-שטיק אנגעגרייט אויף דעם נעכסטן מארגן, — אלץ חוץ קאווע, און די שליסלען. „מער וועסטו מיך ניט זען"—האט זי געענדיקט.

מער האט ער זי ניט געזען. ווענטקערן אויך ניט.

---

און דא לאזט מיך אויף אן אויגנבליק ארויסגיין פון דער כרא־נאלאגישער ארדענונג פון די דאזיקע דערינערונגען, כדי מיט נאך עטלאכע ווערטער צו ענדיקן דעם דאזיקן פאל.

מאסט איז די נאענטסטע עטלאכע טעג געווען ווי פון א דור־נער געטראפן. ער האט, ווי עס שיינט, דערוואַרטעט אלץ אין דער וועלט, נאר ניט אזא פינאל. ער האט דעם דונערשלאג קיינמאל איינגאנצן ניט אריבערגעטראגן. קינדער האט ער מיט קלארא'ן ניט געהאט, אבער דאס האט פילייכט דעם קלאפ געמאכט נאך שמערצלאכער, ווייל ווען זי איז פון אים אוועקגעגאנגען, איז אים אין זיין פריוואט־לעבן גארניט געבליבן, אבסאלוט גארניט.

ער האט אנגעהויבן צו טרינקען, דאס הייסט, מער צו טרינקען. ער האט אנגעהויבן בושעווען אין דער „פרייהייט", דאס הייסט,

מער צו בושעווען. ער האָט זיך דערבושעוועט ביז ער איז אין מערץ 1881 אריין אויף אָנדערהאַלבן יאָר אין אַן ענגלישער תפיסה פאַר זיין אַרטיקל „ענדלאַך!" נאָך דעם טויט פון אַלעקסאַנדר דעם צווייטן.

און ער האָט דעם שריט געטאָן מיט אָפענע אויגן. דעם שבת פאַר דעם דערשיינען פון דעם דאָזיקן נומער „פרייהייט", האָט ער



יאָהאַן מאָסט

צו מיר געזאָגט, מיך טרעפנדיק אויף טאָטענהעם קאָרט ראוד אינם לאָנדאָנער וועסט-ענד, אז ער וועט ניט זיין איבערראַשט, אויב מען וועט אים פאַר זיין אַרטיקל אַרעסטירן.

— זיי קענען מיר פינף יאָר דערפאַר געבן,—האָט ער מיט אַ ביטערן שמייכל פּראָפּעצייעט.

ער האָט, ווי געזאָגט, געקראָגן נאָר אַנדערהאַלבן, און ווען ער איז אינם הארבסט פון יאָר 1882 ארויסגעקומען, איז ער שוין געווען אַן אנארכיסט.

צי ער וואָלט זיך אַזוי אויך אַנטוויקלט צום „אנארכיזם" (וועגן זיין אַנארכיזם איז דאָ פיל צו ריידן, אָבער ניט דאָ איז דאָס אָרט דערצו), דאָס ווייס איך ניט. עס איז אָבער קיין צווייפל ניט, אַז ווען קלאַרא וואָלט פון אים ניט אוועקגעגאַנגען, וואָלט זיין גייסטיקע אַנטוויקלונג געווען אַן אַנדערע, יעדנפאַלס אַ לאַנגזאַמערע.

און זי?—פרעגט איר. זי איז מיט אַ יאָר שפּעטער געשטאָרבן. איר גליק האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן.



**ליבערמאַן אין לאָנדאָן.—מיין ערשטער איינדרוק.—אַן עסטע־**
**פיקער.—בטבע אַ קינסטלער.—זיינע אַ שטיקל אַרבעט.—**
**לאַוורָאָוו און מיר.**

**ליבערמאַן איז** אָנגעקומען אין לאָנדאָן אין מיטן ווינטער 1880. פאַראורטיילט געוואָרן איז ער אין בערלין דעם 26טן אַפּריל 1879 צוזאמען מיט גורעוויטשן און אַראנסאָנען. ער האָט גע־קראָגן 15 חדשים טורמע, גורעוויטש—אַ יאָר און אַראנסאָן—4 חדשים.

פון די לעצטע צוויי איז גורעוויטש שוין לאַנג צוריק אין רוס־לאַנד, בעת אַראנסאָן איז דער דר. אַראנסאָן, וואָס פּראַקטיצירט היינט אין ניו יאָרק.

ווי עדוארד בערנשטיין דערציילט אין צווייטן באַנד פון זיין בוך איבער דער בערלינער אַרבעטער־באַוועגונג, איז די מעשה גע־ווען אַזוי:

ליבערמאַן איז אַרעסטירט געוואָרן אין ווין אין האַרבסט פון 1878. ביי אים האָט מען געפונען (חוץ מיינע בריוו, צוליב וועלכע איך בין שפּעטער אַרויס אין גלות) אויך אַ בריוו פון גריגאָרי גור־רעוויטש. אין דעם בריוו האָט דער שרייבער גערעדט פון אַ „רוּ־סיש־אידישער סעקציע פונם אינטערנאַציאָנאַל" און (דר.) אַראַנ־סאָנ'ס נאָמען—פּיליכט אויך די נעמען פון מיינע קעניגסבערגער פריינט: אייגענסאָן און הורוויטש—איז דערין דערמאָנט געוואָרן אַלס מיטגליד.

דערפון איז אַרויסגעקומען דער דערמאָנטער „ניהיליסטן־פּראָצעס" פון בערלין און קעניגסבערג, און די דריי בערלינער זיי־נען, ווי געזאָגט, פאַראורטיילט געוואָרן, בעת מיר אין קעניגסבערג האָבן, ווי די לעזער ווייסן שוין, בעסער אָפּגעשניטן. אָבער דאָס,

וואס איז מיט אונז געשען: דאס ארויסטרייבן פון פרייסן, האט געזאלט זיין א מין צוגאב צו זייער שטראף—א פונקט, וועלכן עס איז כדאי צו געדענקען, כדי בעסער צו פארשטיין דאס, וואס דא וועט באלד דערציילט ווערן.

א רוסיש־אידישע בערלינער סעקציע פון דעם אינטערנאציאנאל! אן דער פראזע, וועלכע איז געווען א פוסטע אין יענעם יאר, אזוי ווי דער אלטער אינטערנאציאנאל האט שוין לאנג געהאט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, האט זיך, ווי עס שיינט, אנגעכאפט די פרייסישע רעגירונג, און ניט קענענדיק פאראורטיילן די „ניהי־ליסטן" אלס געפערלאכע פארשווערער, ווייל מען האט דערצו מיט דער גרעסטער אנשטרענגונג ניט געקענט געפינען קיין שום באוויז, האט מען זיי פאר'משפט אלס „געהיים-בינדלער", דאס הייסט, מענטשן, וועלכע געהערן צו א געהיימער געזעלשאפט.

אינטערעסאנט און, צוליב דעם וואס איך וועל באלד דער־ציילן, וויכטיק זיינען די פאלגנדע איינצלהייטן:

ליבערמאן איז, ווי מיר ווייסן שוין, ארעסטירט געווארן אין ווין. דארטן האט מען קעגן אים גארניט געקענט באווייזן און ער איז פריי געקומען. איז ער דאך אבער געווען אין עסטרייך אן אויסלענדער, האט מען אים ארויסגעשיקט, דאס הייסט, פארטריבן פון דער מדינה. פארן האט ער נאר געקענט אדער קיין ענגלאנד, אדער נאך דער שווייץ. ער האט אויסגעקליבן די שווייץ.

אהין האט ער גערייזט איבער בייערן, און אויפן וועג איז ער ארעסטירט געווארן אין מיונכען און פון דער מיונכענער פאליציי האט אים אריבערגעקראגן אין אירע לאפעס די בערלינער.

ארעסטירט אין עסטרייך, געכאפט אין בייערן און פאר'משפט אין פרייסן, האט ליבערמאן געפילט, אז די אינטערנאציאנאלע פא־ליציי וועט מן-הסתם די ארבעט פארענדיקן אויף אזא אופן, אז פרייסן פון איר זייט וועט אים דירעקט אדער אומדירעקט אויסלי־פערן קיין רוסלאנד.

די דאזיקע אידייע האט אים משמעות נאכאנאנד פארפאלגט אין דער צייט, וואס ער איז געזעסן אין טורמע. דער שרעק זיינער

איז פונדעסטוועגן געווען אַן אומזיסטער, ווייל ווען ער איז אַרויס־געקומען פון געפענגעניש אין 1880—מען האָט אים אַריינגערעכנט דאָס האַלב יאָר, וואָס ער איז געווען אין אונטערזוכונגס־געפענגע־ניש פאַרן משפט—איז ער אַן אַ שטער פון דער פּאָליציי אַוועקגע־פאָרן קיין לאָנדאָן.



אַהרן ליבערמאַן

דאָס איז געווען, געדענק איך, אַ שבת־צו־נאַכט אין ווינטער פון יענעם (1880) יאָר.

אין דעם ווייטשעפּלער „צווייג-פּאַראיין" פון דעם קאָמונים־טישן אַרבעטער-בילדונגספאַראיין איז אָנגעגאַנגען אַ דיסקוסיע, ווי געווײנטלאַך. אין דער דיסקוסיע האָב איך גענומען אָן אַנטייל און האָב געהאַלטן אין מיטן ריידן, ווען די טיר האָט זיך געעפנט און אַ שליח מיוחד איז נאָך מיר געקומען. דאָס איז געווען אַן „עסטאַפעט" פון מיין קוזינע, ביי וועלכער איך האָב געוואוינט.

— אימיצער איז געקומען, און מען דאַרף מיך האָבן תיכף־ומיד.

אַזוי ווי כ'האָב געוואוסט, אַז מיין קרובה האָט פּרינציפּיעל און כסדר פּראָטעסטירט קעגן מיינע מיטינגען אַלס אַ געפאַר פאַר מיין פּרנסה, האָב איך דעם שליח געזאָגט, אַז איך קען ניט אַוועקגיין און וועל קומען שפּעטער. דער, וואָס וואַרט, זאָל וואַרטן.

עס איז אָבער ניט פאַרגאַנגען קיין פערטל שעה, און די דאָזי־קע טיר האָט זיך נאָך אַמאָל געעפנט און אַריינגעקומען איז אַרטור ליבערמאַן. סקאַנדאַליזירנדיק די פלעגמאַטישע דייטשן, האָבן מיר זיך עטלאַכע מאָל צעקושט און זיינען באַלד אַוועקגעגאַנגען אַהיים.

אַלזאָ, ענדלאַך האָב איך זיך געטראָפן פּנים-אל־פּנים מיט דעם רעדאַקטאָר פון אונזער טויטן, אָבער אומפאַרגעסלאַכן „האמת"!

פיל וואָלט איך געבן צו קענען אַרויפצויבערן אין מיין זכרון דעם דאָזיקן אָוונט מיט אַלע זיינע איינצלהייטן, איבערהויפּט, דעם קבלת-פּנים, וועלכן מיין קוזינע האָט ליבערמאַנ'ען געגעבן, מיין ערשטע אונטערהאַלטונג מיט אים אין איר געגנוואַרט און אַנדערע קליינקייטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג אין די שפּעטערדיקע עטלאַכע חדשים. אָבער — וואָס איז דאָ צו ריידן? אַ שטייגער, נאָר אַ נאַרישקייט געדענקט זיך — יענעם אָוונט געדענק איך נאָר אין די אַלגעמיינע שטריכן און ניט מער. און דאָך איז דער אָוונט געווען דער ערשטער אַרויספּאָר אויף אַ וועג, פון וועלכן

ליבערמאַן איז ענדלאַך יונגערהייט אריין אין אַן אַמעריקאַנישן קבר.

געבליבן איז מיר אַזוי פיל אין מיין זכרון, אַז מיר האָבן פיל גערעדט ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין. פילנדיק, אַז איך און טיילווייז אויך מאַרגאַלים, וועלכער האָט דאַן געוואוינט צוזאַמען מיט מיר ביי דער דאַזיקער קרובה מיינער, זיינען ביידע אריינגעקור־מען אין אונזער דעמאָלטיקער לאַגע דורך זיין „שולד“, האָט ער מיר גלייך אויפן אָרט יענעם אָוונט אויסגעגאָסן דאָס גאַנצע האַרץ זיינס. מיר זיינען אין עטלאַכע שעה איינער צום אַנדערן שטאַרק צוגעבונדן געוואָרן.

דער ערשטער איינדרוק איז געווען זייער אַן אַנגענעמער. לי־בערמאַן מיט זיין ניט מיאוס'ן זויבער-געהאַלטענעם בערדל, זיינע שאַרפע טונקעלע, עטוואָס אַנגעשטרענגטע, אָבער וואָס מען רופט דורכדרינגנדע אויגן, זיין פיין-געוועלבטן שטערן האָט אויסגעזען אַן אינטעליגענט פון דעם סאָרט, וועלכער גיט דורך זיין אייגענעם ביישפיל דער וועלט צו פאַרשטיין, אַז „מען קען אַ מענטש זיין אַ בר־דעת, און דאָך די נעגל האַלטן ריין“,—ווי פּושקין זאָגט. ער האָט ניט נאָר געהאַלטן ריין דאָס בערדל, נאָר אויך די קליידער אויף זיך, דעם קערפּער אונטער די קליידער און זיין צונג אין מויל.

ער איז געווען אַן עסטעטיקער, אַ בעל־מפונק סיי אין גשמיות, סיי אין רוחניות. ווי הונגעריק ער וואָלט ניט געווען, וואָלט ער ניט גערן געגעסן אָן אַ טישטעכל (אַ ריינעם), אָדער אָן זיין שאַרפן מעסערל, וועלכער האָט ביי אים געבלאַנקט; וואָלט ער גיכער גע־נומען ביי אייך אַ זויבערן פּענעץ ברויט, איידער אַ צווייפלהאַפטן פאַנקוכן, אפילו ווען די אייער וואָלטן נאָר אויסגעזען, ניט געווען פויל. דאָס מינדסטע קערנדל שטויב אויף זיינע ברילן האָט אים געמאַכט זויער דאָס לעבן, און איך פלעג וואַרשיינלאַך ניט זייער שטאַרק מגזם זיין, ווען איך פלעג אים זאָגן: דו פאַרברייננסט אַ גרויסן טייל פון דיין לעבן אין ווישן דיינע שפּאַקולן.

ליבערמאַן איז געווען אַ ליידנשאַפטלאַכער רויכערער. גערוי־כערט האָבן מיר אַלע, אָבער ניט אַזוי פיל ווי ער. גלייך זיינען

מיר מיט אים געווען אין דעם איין פּרט, וואָס די פינאַנסן אונזערע האָבן אונז געצוואונגען זיך צו סמ'ען מיט דעם וואַלוועלסטן טאַ-באַק, וועלכן ענגלאַנד'ס הויפּט־שטאָט האָט געקענט קריגן. נאָר ווען מען האָט זיך געפּילט עפּעס אַזוי בהרחבה'דיק, מעשה גביר, האָט מען געקויפט „בוירדז-איי“, אַ פּערטל אונץ פאַר היגע צוויי סענט, און מאַכנדיק זייער פּאַרזיכטיק אַ פּאַפּיראָס, דאָס הייסט, אַזוי אַז עס זאָל חלילה ניט אין גיוועץ גיין דאָס מינדסטע טייל־כעלע פון אַן אַטאָם פון אַ ברעקעלע טיטון, פלעגט מען דעם פּאַפּי-ראָס צעטיילן אויף צוויי גלייכע „פּאָלאָווינקעלאַך“ און מען פלעגט עס רויכערן, פילנדיק דעם טעם פון גן-עדן—פון די קבצנים. נאָ־מירלאָך, איז דערערצו נויטיק געווען אַ מונדשטיק און מיר אַלע, חוץ ליבערמאַנ'ען, האָבן געהאַט הילצערנע רערעלאַך. ער אָבער, מיט זיין גאַנצער ליידנשאַפט פאַר די ביטערע ממתקים, פלעגט ניט קענען רויכערן אַנדערש ווי פון זיין ברושטינענעם פּאַפּיראָסן־האַל־טער, און מיר דאַכט, אַז קיינער פון מיינע באַקאַנטע האָט קיינמאָל אַזוי עסטעטיש ניט געפּיפּקעוועט.

קליינינקייטן, ניין? און דאָך זיינען עס אָט די סאַמע קלייני-קייטן, וועלכע כאַראַקטעריזירן אַ מענטשן. דעם עס'ס פּטום איז ביים ליב אַ גרעסערער באַווייז פון זיין קראַפט, ווי זיין גרויסער קאָפּ, מיט די לאַנגע קודלעס, מיט אַלעמען.

---

אפשר געדיינקען די לעזער, וואָס איז געזאָגט געוואָרן וועגן הורוויטשן אין די דאָזיקע ערינערונגען. ער איז געווען אונזער „אַריסטאָקראַט“. דאָס איז אָבער ליבערמאַן, וועלכער האָט געהאַט פיל ענלאַכקייט מיט אים אין פילע פּרטים, אויף קיין פאַל ניט גע־ווען.

ליבערמאַנס גאַנצע נשמה איז געווען באַם פאָלק, און דער אַר-בעטער האָט אויסגעפילט זיין גאַנץ האַרץ, — דאָס הייסט אויף אַזוי ווייט, ווי אַ האַרץ, יעדערענס האַרץ, קען זיין אַ רשות הרבים. ער האָט ניט נאָר געליבט דאָס פאָלק ווי אַלע „נאַראָדניקעס“ (אין דעם ברייטן זין פונם וואָרט), נאָר אויך — און דאָס איז דער

עיקר — דערפאַר, ווייל ער איז אַליין געווען פונם פאָלק. סטאָליאַ־רעס, שניידער, רעגנמאַנטל־מאכער און אנדערע ארבעטער זיינען אים ליב געווען, ווייל זיי זיינען געווען פון זיין מין. ער איז, אין גרונט גענומען, אַליין געווען אַ בעל־מלאכה מיט דער אמביציע צו ווערן אַ קינסטלער. ער האָט שטענדיק אַם ליבסטן געשאַפן מיט די הענט, בעת דאָס, וואָס מען רופט קאָפּ־ארבעט, איז אים שטענדיק אָנגעקומען אַזוי שווער ווי דעם אויבערשטן קריעת ים־סוף. ער האָט געשריבן סך־הכל זייער ווייניק, און חוץ די ארטיקלען אינם „השחר", אַ פּאָר רוסישע אינם „וופּעריאָד" און זיינע אייגענע מאמרים אין דעם „האמת" איז פון אים גאָרנישט געבליבן.

אפילו באַם שרייבן גופא איז אים געווען פּונקט אַזוי וויכטיק די רונדקייט פון דעם רייש, די סימעטרישע צונויפשטעלונג פון אַלע שטריכאַלאַך אינם אלף און דער שיינער זשיראַפן־האַלז פונם למד, ווי דער סטיל אַליין, און דער סטיל, די שיינע זאַץ־ווענדונג כמעט וויכטיקער ווי דער אינהאַלט פון זיין געשריפט. ער האָט גערן גע־צייכנט, און דאָס שרייבן איז ביי אים געווען אַן אַרט צייכענען. די אותיות, וועלכע זיינען, ווי מען ווייס היינט, געוואָרן צייכנס פון בילדער, האָבן זיך ביי אים צוריק פאַרוואַנדלט אין בילדער פון ציי־כענס, און ווען איך פלעג אים זען שרייבנדיק, פלעג איך קלערן, אַז דאָס מאָלט ער, אַ שטייגער, אַלף אַן עקסעלע, בית אַ שטיבעלע, גימל אַ קעמעלע, נון אַ פישעלע און אַזוי ווייטער.

ער האָט אָבער בכלל געליבט צו צייכענען און וואָלט וואַר־שיינלאַך געוואָרן אַ קינסטלער, ווען זיין עלעמענטאַרע בילדונג וואָלט געווען אַן אנדערע.

און דאָ, פאַראייניקנדיק אַ וואונטש צו ווייזן מיין אלטן אומ־פאַרגעסלאַכן חברס נויגונגען צו קונסט מיט אַן אנדער וואונטש אי־בערצוגעבן די לעזער אַ גרופּע רוסישע מאַרטירער פון 1879 — וועל איך דאָ לאָזן איבערדרוקן דאָס בילד מיט דער פאָלגנדיקער קורצער דערקלערונג:

ארום די בילדער פון סאָלאָוויאָוו, טשובאראָוו, אַנטאָנאָוו און אסינסקי, וועלכע זיינען געהאנגען געוואָרן אין דעם דאָזיקן יאָר 1879, זעט מען רעמלאַך פון שטריק; דאַגעגן זיינען די רעמלאַך פון וויטאשעווסקי, מישקין, סובאטינא און ביידע ברידער איוור־טשעוויטש, וועלכע זיינען דאַן אָדער מיט א יאָר פריער פארשיקט געוואָרן אויף קאטאָרגע, געמאַכט פון קייטן. די געדרוקטע אותיות אין רוסיש און פראנצויזיש, אַזוי גוט ווי די געשריבענע, זיינען אַלע ליבערמאַנ'ס ארבעט. אויך האָט ער געצייכנט די תליה פון דער רעכטער זייט, די דערשיסונגס-סצענע פון דער לינקער פון אויבן, און די ביידע אונטערשטע „בלאָקס" מיט די העק, וועלכע שטעלן פאָר די דערמאָרדונג דורך קאָפּ־אָפּהאַקן. דער פּלאַן, געדיינק איך, איז געווען די בילדער צו פארקויפן אין אויסלאַנד, כדי צו מאַכן געלט פאַר דער רעוואָלוציע, און דערפאַר האָט דאָס ליבערמאַן געגעבן די דערקלערונגען אין פראַנצויזיש.

שווער האָט ער געשוויצט איבער דעם בילד, אָבער ער איז געווען אמת גליקלאַך.

---

א קורצע צייט איידער ער איז אָנגעקומען אין לאָנדאָן איז אין דער פעטערבורגער נאַציאָנאַל־ביבליאָטעק ארעסטירט געוואָרן אהרן זונדעלעוויטש.

ליבערמאַן האָט אין לאָנדאָן שוין געפונען א פּריוואַט-בריוו, אין וועלכן מען האָט געשריבן, ווי זונדעלעוויטש איז ענדלאַך אריינגעכאַפּט געוואָרן אין דער נעץ פון די צארישע מענטשנפּ־שער, און מיט דער שטיקל נייס איז ער תוך־כדי־דיבור אוועק צו דער רעדאַקציע פון דער „פרייהייט" און האָט נאָך באוויזן עס צו לאָזן אָפּדרוקן אין דעם נומער פון יענער וואָך.

לאַווראָוו אין פּאַריז האָט די טרויעריקע בשורה אויך באַקומען, נאָר אים האָט מען געשריבן, אַז דערווייל ווייסט נאָך „נאַטשאַלסטווע" ניט, ווער דער מאַן איז, וועלכן מען האָט גענומען אין דער ביבליאָטעק אין פעטערבורג.

און שבת אינדערפרי קריג איך א קורצן, אָבער זייער שאַרפן

בריוו פונם אלטן. מיר איז איינגעפאלן דאס הארץ אים לעזנדיק.
—„ווער,—האט לאווראוו געשריבן,—איז דער אומגליקלא־כער, וואס האט אויסגעפלוידערט דעם נאמען זונדעלעוויטש? פארשטייט איר דען ניט, אז דאס הייסט אויסליפערן א מענטשן דירעקט אין דעם תליונ׳ס הענט?״ א. א. וו.



אהרן זונדעלעוויטש (קומענדיג צוריק פון סיביר)

דער טרויעריקער שפאס פון דער זאך איז באשטאנען אין דעם, אז פעטער לאווראוויטש האט נאך ניט געוואוסט פון ליבער־מאנ׳ס אנקומען אין לאנדאן. יא געוואוסט האט ער, דאגעגן, אז אין דער קאלאניע בין איך דער איינציקער, וואס האט געהאט א שטיקל שייכות מיט דער „פרייהייט״ אלס שרייבער. דער נאטיר־

לאַכער שלום איז דערפאַר געווען, אַז דער „אומגליקלאַכער"— דאָס בין איך.

אין אַ שעה אַרום איז צו מיר געקומען ליבערמאַן. איך האָב אים געוויזן דעם אַלטנ'ס בריוו. ער איז געווען ווי פון אַ דונער געטראָפן. עס האָבן זיך אים געשטעלט טרערן אין די אויגן.

— וואָס וועסטו אים ענטפערן?—האָט ער אַרויסגעשטאַמלט נאָכדעם, ווי ער איז געקומען אַביסל צו זיך.

— איך וועל אים שרייבן,—האָב איך געזאָגט,—אַז איך האָב דערמיט גאָרניט געהאַט וואָס צו טאָן, און ווייטער גאָרניט.

— שרייב אים, ווער דער שולדיקער איז, אַניט וועט ער בלייבן ביי זיין חשד אויף דיר.

נאַטירלאַך, האָב איך אים ניט געפאָלגט. און ליבערמאַן איז צו מיר מער צוגעבונדן געוואָרן ווי ווען-עס-איז פריער.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז זונדעלעוויטש'עס אי־דענטיטעט איז פיל גיכער באַקאַנט געוואָרן, ווי מען האָט לאַוו־ראָוו'ן געשריבן; איז יעדנפאַלס שוין געווען באַקאַנט, בעת מאָסט האָט אָפּגעדרוקט די נייס אין זיין „פרייהייט".



ליבערמאַן און לעאָן הארטמאַן. — „סודות“. — אַ ויכוח ביי קאַרל הירש.—מיר גרינדן אַ נייעם אַרבעטער־פּאַראיין.—די ליידנשאַפט וואַקסט.—אַן ענדערונג אין מיין לאַגע.—דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע.

דעם 4טן פעווראַל 1880 איז לעאָן הארטמאַן, וועלכער איז שפּעטער געשטאָרבן אין אַמעריקע, אַרעסטירט געוואָרן אין פּאַריז. צוזאַמען מיט סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ און אַנדערע איז ער געווען באַטייליקט אין דער פאַרשווערונג צו הרג'ענען אַלעקסאַנדער דעם צווייטן, אונטערמינירנדיק די מאָסקווער אייזנבאַן, איבער וועל־כער דער קיסר האָט געדאַרפט פאָרן. *) ווי מען ווייסט, האָט זיך יענער אַטענטאַט ניט איינגעגעבן, הארטמאַנ'ען האָט מען אָבער ניט געכאַפּט, און ערשט ווען ער איז אָנגעקומען אין פּאַריז, האָט אים דערגרייכט די לאַנגע האַנט פון רוסלאַנד'ס טיראַן, באַוואָפנט מיט אַ פּראָנצויזישער פּאַסטקע. הארטמאַן איז אין פּאַריז אַרעס־טירט געוואָרן און איז אַ וואָך צוויי אָפּגעזעסן אין דער געפאַר אַרויסגעגעבן צו ווערן דער רוסישער רעגירונג.

---

נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן, איז לעאָן הארטמאַן אָנגעקומען קיין לאָנדאָן. אין אונזער קליינער קאָלאָניע איז געוואָרן זייער לעבעדיק. אַרום דעם ניי־אָנגעקומענעם האָבן זיך גענומען ווינדעווען און וויקלען אַלערליי לעגענדן.

---

*) ביי די פאָרבערייטונגען צו יענעם אַטענטאַט האָט ל. הארטמאַן, אונטערן נאָמען סובאָרוקאָוו, געגאָלטן אַלס סאָפיא פּעראָווסקאַיאַ'ס מאַן. — ק. מ.

איינע פון זיי האָט דערציילט, אז אין דער צייט, וואָס הארט־מאַן איז געזעסן אין פּאַריז אין טורמע, האָט ער געוואָלט זיך נעמען דאָס לעבן, מורא האָבנדיק, אז אויב מען וועט אים איבערענטפערן אין אַלעקסאַנדער דעם צווייטנס הענט, וועט מען אים דורך פּייניקונג צווינגען ארויסצוגעבן סודות, אָדער אַניט וועט מען אים פאַרפּייניקן צום טויט. אזוי ווי עס איז ניט געווען קיין שום מיטל, ווי אזוי זיך צו באַפרייען פון אזא שרעקלאַכער צוקונפט, האָט הארטמאַן צעבראָכן א שויב און האָט אַנגעפּאַנגען שלינגען גלאָז.



לעאָן הארטמאַן

אין דער און ענלאַכע לעגענדן האָט ליבערמאַן געגלויבט און פאַרשפּרייט. אַלץ, וואָס איז געווען מער אָדער ווייניקער פאַר־בונדן מיט מיסטעריעזע, שרעקלאַכע זאַכן, האָט פאַר אים געהאַט א גאַנץ ספּעציעלן אינטערעס. ער פלעגט זיי הערן און איבערדער־ציילן מיט די התפעלות פון א קינד ביי א באָבע-מעשה.

— ווילסטו,—האָט ער צו מיר איין אָוונט געזאָגט, שפּאַצירנ־דיק אין בריקליין, דעמאָלט איינע פון דעם מלך־אביונ'ס רעזידענץ־גאַסן אין לאָנדאָן,—ווילסטו? וועל איך דיר עפּעס ווייזן.

— וואָס איז דאָס?—האָב איך כמעט קאַלטבלוטיק געפרעגט.

מיין טאָן האָט אים משמעות עטוואָס באַליידיקט, ווייל ער האָט געענטפערט:

— ווי דו ווילסט זיך... אָבער איך וואָלט דיר געקענט ווייזן דעם מעסער, מיט וועלכן מען האָט צוגע'הרג'עט דעם שעף פון די זשאַנדאַרמען ·מעזענצעוו. — עס זעט זיך נאָך די פאַרטרוקנטע בלוט אויף אים, — האָט ער געזאָגט, זיך צורוקנדיק נעענטער צו מיר און מיר די ווערטער אריינשושקענדיק אין אויער אריין.

איך האָב אַ שמייכל געטאָן, אָבער דער שוואַכער באַלייכטונג פון בריקליין האָב איך צו פאַרדאַנקען דאָס, וואָס ליבערמאַן האָט דעם שמייכל מיינעם ניט באַמערקט. ער האָט ערנסט געגלויבט אין אַלץ, וואָס ער האָט געזאָגט, און מיין צווייפל וואָלט אים געווען שרעקלאַך ווייט געטאָן.

---

מיט האַרטמאַנ'ען פלעג איך זיך דאָן און שפּעטער זייער אָפט טרעפן. ער איז מיר פאָרגעקומען ניט אינגאַנצן ביים זינען אין יענער צייט. ווענן אים און וועגן ליבערמאַנ'ען האָט זיך ביי מיר אויפגעלייגט אַ סברה, אַז די געפאַר ארויסגעגעבן צו ווערן צו דער רוסישער רעגירונג האָט פיליכט ביי זיי געריירט דעם מוח. דאָס איז געווים געווען אַ גוזמא דאָן און ספּעציעל אין ליבערמאַנ'ס פאַל צו יענער צייט, הגם פון שפּעטערדיקע פּאַסירונגען איז אַזאַ שלום כמעט געווען געדרונגען.

אַזוי פיל איז געווען זיכער, אַז עטוואָס האָט געמוזט זיין ניט גלאַט מיט האַרטמאַנ'ען, ווייל ער פלעגט שרעקלאַך איבערטרייבן און אַמאָל דערציילן זאַכן, וואָס זיינען געווען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן. און אַזוי ווי ער האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גרונט־ערלאַכן מענטשן, חוץ וואָס ער איז געווען אַ הויפּט־פיגור, אָדער איינע פון זיי, אין דעם אַטענטאַט אונטער דער מאָסקווער

אייזנבאַן, האָט זיך קיין אַנדער זאַך ניט געלייגט אויפן שכל, ווען מען פלעגט אים הערן ריידנדיק.

איין פאָרמיטאָג אין אַפּריל (אָדער מאַי) האָבן מיר זיך גע־טראָפן אין אַ הויז, וואו עס האָט, דאַכט זיך,—גענוי געדענק איך ניט — געוואוינט קאַרל הירש.

ליבערמאַן איז געזעסן אין אַ ווינקל ביי אַ קליינעם טישל און האָט שווער געאַרבעט אויף דעם בילד, וועגן וועלכן עס איז גערעדט געוואָרן אין דעם פאָריקן קאַפּיטל. הירש און האַרטמאַן האָבן אָנגעפירט אַ היציקן געשפּרעך, אין וועלכן איך האָב גענומען אַן אַנטייל אַמאָל אויף מיין אייגענעם חשבון, אַמאָל אויסהעלפנדיק דיביידע דעבאַטאַנטן אַלס אַ מין דאָלמעטשער צווישן דעם רוס און דעם דייטש.

געווען איז קאַרל הירש אַ טיפּישער דייטשישער איד מיט אַ בלייכלאַכן, לענגלאַכן פּנים, מיט פעך-שוואַרצע האָר אינם שיין צו־געשפּיצטן אָבער ברייטלאַכן בערדל, ווי אויך אויפן קאָפּ, וואו די האָר האָבן שוין געהאַט אָנגעפאַנגען ביסלאַכווייז אויסצוקריכן, וואָס דערפאַר האָט זיין שטערן אויסגעזען ברייטער און העכער ווי ער איז געווען בטבע. זיינע אויגן האָבן געגלאַנצט און זיינע ליפּן, ווי ביי די מייסטע דייטשישע אידן, זיינען שטענדיק געווען פייכט און האַלב-אָפן. בקיצור, ער האָט געהאַט אַלע שטריכן פון דעם סאָרט מענטשן, וועלכער איז מיר, לפנים, קיינמאָל ניט געווען זייער סימפּאַטיש.

קאַרל הירש איז אָבער געווען איינער פון די דייטשישע מזרח־וואַנט-סאָציאַליסטן, אַ מענטש, וועלכן מען האָט געהאַלטן פאַר איינעם פון די בעסטע פּאַרטיי־זשורנאַליסטן. ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם קליינעם זשורנאַלכאַלע „די לאַטערנע“, וועל-כע איז אַ קורצע צייט דערשינען אין בריוסל, נאָכדעם ווי אין דייטשלאַנד איז אַלץ געווען אונטערדריקט געוואָרן, און מאָסט'ס „פרייהייט“ איז געווען דער איינציקער לעבנס-צייכן פון דער נרוי־סער, אָבער געבונדענער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע.

מיר פערזענלאך איז הירש פריער געווען סימפּאַטיש צוליב

אַ רירנדיקן געדיכט, וואָס ער האָט מיט עטלאַכע יאָר צוריק געהאַט פאַרפאַסט: דאָרטן איז געווען פאַרגעשטעלט אַ שיין מיידעלע, וואָס פאַרקויפט אין מאַרק פּיילכען און וואַקסט איצט, און איר צוקונפט איז אַזעלכע, אַז זי וועט אויפן מאַרק אַרויסטראָגן מיט דער צייט אַנדערע בלומען—איר ערע—צום פאַרקויף א. א. וו. דער צוזינג איז געווען: „קויפט פּיילכען, קויפט פּיילכען!" און ווארשיינלאך איז דאָס אונטער דעם איינדרוק פון דעם געדיכט שפּעטער (אין 1884) געשריבן געוואָרן מיין אייגן שירה'לע: „אַ מיידעלע אין דער סיטי"*), הגם סיי דער אינהאַלט, סיי דער נוסח איז געווען אַ גאַנץ אַנדערער... אָבער איך האָב זיך פאַררעדט.

און דאָ איז צווישן קאַרל הירש און לעאָן האַרטמאַן אַרויס־געקומען אַ היציקער סכסוך.

אויף דער טאָג-אָרדענונג איז געשטאַנען די פראַגע, צי האָט בעבעל אַ רעכט צו האַלטן אַ פאַבריק און באַשעפטיקן אַרבעטער, ווי גוט ער זאָל זיי ניט באַהאַנדלען, ווי דאָס איז נאָך דעמאָלט גע־ווען דער פאַל. הירש האָט געזאָגט: מען מעג, און האַרטמאַן האָט געשריען: מען טאָר ניט.

מיט דעם רוסישן ניהיליזם אין אַלע מיינע ביינער, האָב איך, נאַטירלאַך, מיטגעפילט מיט האַרטמאַנ'ען, הגם אין דעם פּרט פון קאַלטער לאָגיק איז מיר הירש פאַרגעקומען כמעט אומבאַזיגבאַר.

ליבערמאַן האָט זיך צום ענד אויך אַריינגעוואָרפן אין דעם גע־שפּרעך און, אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָט ער, נאָך איבער־טריאומפירנדיק האַרטמאַנ'ען, געבראַכט הירשן צו דער איבער־צייגונג, אַז „רוסלאַנד" איז משוגע, שכור אָדער חסר-דעה.

---

צוליב האַרטמאַנ'ען האָבן זיך אַרום אונז איצט גענומען אַרום־דרייען רוסישע שפּיאָנען אָן אַ שיעור. דאָס האָט פונדעסטוועגן

---

*) געזאַמלטע ווערק, באַנד 2, זייט 32.

**קיינעם ניט געשטערט צו טאָן זיין „ארבעט" אין דער פרייער מדינה.**

**ליבערמאַן און איך האָבן זיך גענומען צו דער גרינדונג פון א אידישן ארבעטער-פאַראיין.**

**מאַטעריאַל איז געווען: א האַלב־טוץ אמת'ע ארבעטער: לואיס ווײנער און שאול לעווין — סטאָליארעס, ראָזענטאַל און אייזיק סטאון — שניידער, גרינבערג און קולא — זעצער *).**

**ליבערמאַן האָט פאַרפאַסט די תקנות**) און מיר האָבן זיך**

---

*) געווען אויך דער רעגנמאַנטל־מאַכער נתן בערלין און דער זעצער פישער. צוזאַמען מיט ליבערמאַן און ווינטשעווסקי זיינען געווען צען גרינדער. — ק. מ.

**) אין יולי — אויגוסט 1880. זיי באַשטייען פון אכט־און צוואַנציק פּאַראַגראַפן. די ערשטע צוויי לייענען זיך אַזוי:

„1. דער נאָמען פון דער חברה איז: „אידישער אַרבעטער בענעפיט און בילדונגס־פאַראיין"

Jewish Workingmen's Benefit and Educational Society.

„2. דער פאַראיין באַצוועקט צו פאַראייניקן די אידישע אַרבעטער פון לאַנדאָן פון אַלע מלאכות, כדי זיי זאָלן קאָנען פאַרבעסערן זייער לאַגע.. און אום צו דערלאַנגען דיזן ציל האָט דער פאַראיין זיך צור אויפגאַבע געשטעלט: צו באַזאָרגן די אונטערשטיצונג און בילדונג פון זיינע מיטגלידער, יעדן אַרבעטער נאָך נאָך דער מעגלאַכקייט אַרבעט נאָכצוואַווייזן, אָנע דאַפיר פון די אַרבעטער צאָלונג צו נעמען. חוץ דעם וועט דער פאַראיין זיך באַשטרעבן צו פאַראייניקן זיך מיט די פאַראייניקונג פון אַלע ענגלישן אַרבעטער־געזעלשאַפטן, די „טרייד יוניאָנס".

אין דריטן פּאַראַגראַף ווערט דערקלערט, אַז „יעדער ערלאַכער אַרבעטער פון יעדער מלאכה קאָן אין דעם פאַראיין אויפגענומען ווערן אַלס מיטגליד, ווען ער ווירד דעם קאָמיטע פון איין מיטגליד פאָרגעשלאָגן". אין אַן אַנמערקונג ווערט צוגעגעבן: „ניכט אידישע אַרבעטער קאָנען אין דעם פאַראיין אויך אויפגענומען ווערן". דריי פּאַ־

אָנגעפאַנגען צו פאַרזאַמלען. דער פּלאַן איז געווען, אַז ביז ס'וועלן זיך ניט באַווייזן אַנדערע „אינטעליגענטן“ זאָל אַמאָל ליבערמאַן, אַמאָל איך האַלטן אַ פאָרטראַג.

און מיין פאַרטראַג איז געווען, דאַכט זיך, דער ערשטער.

צום אומגליק בין איך געווען אַזוי פאַרדייטשט, אַז מיר פלעגט דאַן, און צו אַ געוויסן גראַד נאָך מיט יאָרן און יאָרן שפּעטער, זיין זייער שווער צו ריידן אידיש. דערביי בין איך גאָר ניט געווען פון די, וואָס קענען קיין אידיש בכלל ניט ריידן, אָדער מאַכן זיך, אַז זיי קענען ניט. פאַרקערט, איך פלעג אין אַ פּריוואַטן געשפּרעך און

---

ראַגראַפן דערקלערן די „פליכטן פון די מיטגלידער“. איינער (6) זאָגט: „יעדעס מיטגליד איז מחויב אַלעס צו טאָן, וואָס עס קאָן ברייגגען נוצן דעם פאַראיין, זאָ וווייט זיין צייט עס אים ערלויבט. יעדער מוז באַשטרעבן אימער מער נייע מיטגלידער דעם פאַראיין צו־צופירן, בילס אויסצוטיילן, די גענעראַל־פאַרזאַמלונגען צו באַזוכן און טיילנעמען אָן די באַראַטונגען און אָפּשטימונגען לויט ווי עס דאַכט זיך אים אָם בעסטן און דערגלייכן זאַכן מער“.

אין די פּאַראַגראַפן 15—17, וועגן בילדונג, ווערט באַשטימט 1) צו לערנען די מיטגלידער, אומזיסט, „אידיש שרייבן, ענגליש און רעכענען“. 2) „זאָ וווייט עס מעגלאך זיין ווירד וועט יעדע וואָך אַ פאָרטראַג (לעקטשור) געהאַלטן איבער וויסנשאַפטן אָדער איבער אַרבעטער־אינטערעסן. יעדעס מיטגליד קאָן דאַמאָלס געסט מיטברייגגען אום דיזע פאָרטרעגע צו הערן“. 3) „גרינדונג פון אַ ביבליאָטעק“, וואָס זאָל האָבן „אידישע, העברייאישע, דייטשע און ענגלישע ביכער אונד צייטונגען“, צו באַנוצן אין לאָקאַל און „אויך ביז אויף צוויי וואָכן נאָך הויזע באָרגן“.

דעם 20טן נאָוועמבער 1880 (צוויי טעג נאָך ליבערמאַנ'ס זעלבסט־מאָרד) האָט זיך געזאָלט עפענען די קאַסע פון פאַראיין צו געבן שטיצע די, וואָס וועלן זיך אין דעם נויטיקן. דריי פּאַראַגראַפן רע־בענען אויס ווער ס'קריגט אונטערשטיצונג און פון וויפיל דאָס זאָל באַשטיין. — ק. ט.

אפילו אין דער עפנטלאכקייט, דערציילנדיק א מעשה'לע, למשל, ריידן זייער גלאט אָט טאקע ווי די מאמע האָט מיך געלערנט. קוים אָבער האָב איך גענומען ריידן מעשה רעדנער, ערנסט, זוכנדיק עטוואס צו באווייזן, פלעג איך אריינפאלן אין הויך־דייטש, אליין עם ניט מערקנדיק, און טאָמער איז דאָס נאָך ניט געווען שלעכט גע־נוג, פלעג איך זיך כאַפּן, אז מיין עולם פארשטייט מיך ניט און פלעג נעמען מישן דייטש מיט אידיש, אָדער אזוי ארויסברייגנען פון מויל די דייטשישע ווערטער, אז זיי פלעגן ארויסקומען אויף קוליעס, צעבראָכן רוק און לענד, און, דאָס ווידער פילנדיק, פלעג איך גאָר צעטומלט ווערן.

ליבערמאַנ'ען איז אין דעם פּרט אויך ניט פיל בעסער געגאַנגען.

צי דאָס האָט דעם „קלוב" פיל געשאַדט, ווייס איך ניט, וויל זייער לאַנג האָט ער איבערהויפּט ניט עקזיסטירט, אָבער פיל האָבן די אַרבעטער זיכער ניט געלערנט, ניט פון מיר, ניט פון מיין על־טערן חבר.

אונטערגעגאַנגען איז אָבער דער פאַראיין ניט צוליב אונזער שלעכטן אידיש, ער האָט פּשוט נאָך ניט געהאַט קיין באָדן אונטער זיך.*)

דאַן איז ליבערמאַנ'ס מוח געווען פאַרנומען מיט אנדערע זאכן, צו וועלכע מיר קומען איצט.

---

מיין קוזינע, ביי וועלכער מאַרגאָליס, הורוויטש און איך האָבן צו יענער צייט געוואוינט, איז געווען א פרוי אין ליבערמאַנ'ס יאָרן. אין דעם פּרט פון „אויסזען" האָבן אלע פרויען זייערע „גוטע טעג". ברונעטקעס אָבער, ווען זיי האָבן אָט־די גוטע טעג, זעען אויס ניט נאָר פיל שענער, חנ'עוודיקער און אָנציענדיקער, נאָר אויך פיל, פיל אינגער, ווי זיי זיינען אין דער אמת'ן.

---

*) מאָריס ווינטשעווסקי דערציילט, אז ער האָט געהאַט קנאַפּ וואָס סימפּאַטיע מיט אַזאַ „אומשולדיקע" (ניט־רעוואָלוציאָנערע) אונ־טערנעמונג" — ק. מ.

די פרוי, ארום וועלכער מיר ריידן, איז געווען א ברונעטקע, זייער א קלוגע, נאטירלאך אינטעליגענט, הגם ווייניק געבילדעט, און א גלאטע ריידערקע. זי האָט געהאט א מאן און איין קינד פון אים. דעם מאן האָט זי געהאט ניט שטענדיק, ווייל ער פלעגט „אלע מאָנטיק און דאָנערשטיק" דיר־ניט מיר־ניט אנטלויפן.

זי האָט פאר אים געהאט, ווי די ווייבער זאָגן, א בייזע מערכה און אזוי ווי זי איז חוץ דעם אין יעדער באציאונג געשטאַ־נען העכער פאר אים, און איז געווען אזוי איידל, ווי ער איז גע־ווען דער היפוך דערפון, האָט זי אים ניט געליבט, און וואָלט מיט אים געווען אומגליקלאך, אפילו ווען ער וואָלט זי באהאנדלט פיל, פיל בעסער.

א קורצע צייט נאָך ליבערמאַנ'ס אָנקומען קיין לאָנדאָן איז דער בעל־דבר פון דאָס־ניי אנטלאָפן געוואָרן, און דאָס ניט מער ווי צוויי חדשים נאָך דעם, ווי ער איז געווען צוריקגעקומען מיט אן „אמנם־חטאתי"־פּנים פון פאריז. וואוהין ער איז פארשוואונדן איצט, האָט קיינער ניט געוואוסט. זי אליין איז דערצו שוין גע־ווען כמעט צוגעוואוינט, און אזוי ווי איר פרנסה האָט זי געהאט אָן אים — זי האָט געהאלטן א פריוואט־רעסטאָראן און עטלאכע שכנים אין הויז — האָט זיין אנטלויפן קיין גרויסן רושם ניט גע־מאַכט ניט אין איר הויז, ניט אין איר לעבן. „דער שווארץ־יאָר וועט אים ניט נעמען..." פלעגן שכנים זאָגן — „ער וועט צוריק קומען".

עטלאכע פון אונזערע גענאָסן, די פּראָלעטאריער, פלעגן עסן מיטאָג ביי רחל'ען און, אמאָל צוליב זיי, אמאָל צוליב מיינע קע־ניגסבערגער חברים, וועלכע האָבן צוזאמען מיט מיר געוואוינט ביי איר, אָפּטער אָבער אום זיך צו זען מיט מיר, איז ליבערמאַן באלד געוואָרן א טעגלאכער גאסט אין הויז.

רחל'ס לאַגע אלס אן עגונה, אלס א פרוי, וועלכע ווערט פּע־ריאָדיש פארלאָזן פון א כאראקטערלאָזן מענטשן, מיט וועמען זי איז פארבונדן דורך א קינד; וואָס ווערט פון אים אוועקגעוואָרפן, ווי ביי אן אנדערן אן אָפּגעטראָגענער בגד, פון וועלכן מען טוט

זיך אוים מיט דעם באַשלוס מער מיט אים שוין ניט האָבן קיין „נאָענטע באַרירונג" און צו וועלכן מען קומט פונדעסטוועגן אין אַ צייט אַרום צוריק, ווייל מ'האָט קיין בעסערן פּאַרט ניט, און דאָ קומט אָן דער ווינטער... די דאָזיקע לאַנגע פון אָן אָרימער סימ־פּאַטישער פרוי האָט ליבערמאַנ'ען צוערשט פאַראינטערעסירט און האָט געבראַכט דערצו, אַז ער איז וואָס אַ טאָג מיט איר גע־וואָרן נענטער, פריינטלאַכער און מער גרייט איר ווי־עס־איז צו העלפן.

און וואָס נענטער ער איז צו איר געוואָרן, אַלץ מער האָט אים אימפּאָנירט איר שאַרפזיניקייט, איר קלאָרער, געזונטער מענטשן־פאַרשטאַנד, איר פייאיקייט צו באַגרייפן אפילו אַזעלכע זאַכן, פאַר וועלכע זי האָט פריער ניט געהאַט קיין שום זין, לויט איר בילדונג, לויט איר פאַרגאַנגענהייט.

---

זיין סימפּאַטיע צו איר האָט זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין אַ ליידנשאַפטלאַכער ליבע.

ער האָט גענומען אַרבעטן צו געבן זיין ווייב אין ווילנע אַ גט און האָט קיין שום ספק ניט געהאַט, אַז רחל וועט אויף דעם זעלביקן אופן פּטור ווערן פון איר מאַן. זי האָט אים אָבער דערצו ניט גענוג געליבט. עס איז אפילו ניט זיכער ביי מיר, אויב זי האָט אים נאָר אינגאַנצן געליבט. זי האָט זיך נאָר גע־לאָזט ליבן...

ליבערמאַן האָט איר גלייך ביי דער ערשטער דערקלערונג געגעבן צו פאַרשטיין, אַז אין פאַל, ווען זי וועט מיט אים ניט צוזאַמענקומען, וועט ער זיך נעמען דאָס לעבן. און דאָס האָט זי אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זי פלעגט מורא האָבן אים צו זאָגן דעם אמת.

און זיין ליידנשאַפט איז געוואַקסן פון טאָג צו טאָג.

ער האָט געוואוינט צוזאַמען מיט ווינערן און זיין פריינט שאול. די ביידע יונגע לייט, וועלכע פלעגן שווער און ביטער אַרבעטן ביים וואַרשטאַט, האָבן איצט זעלטן געהאַט אַן אומגע־שטערטע נאַכט־רו. ליבערמאַן פלעגט אָפּזיצן נעכט ביים לאָמפּ,

שרייבן בריוו און אנדערע כתבים צו איר, ווען איר, פאר איר... איך בין ביסלאכווייז פארשטארקט געווארן אין מיין חשד, אז ער איז שוין פון טורמע ארויסגעקומען נים איננאנצן ביים זינען.

אזא שרעקלאכע ליידנשאפט פון א מאן אין זיינע יארן און



אהרן ליבערמאנ'ס פרוי

א פאטער פון פיר קינדער, דערצו נאך נים צו ערגעץ א יונג מיידל, נאר צו א פרוי אין זיינע אייגענע יארן,—צו א פרוי, וואס האט אפילו נים סימפאטיזירט נים מיט זיינע אידייען, נים מיט די ענוים, וועלכע ער האט צוליב זיי געליטן, נים מיט די האפענונגען, וועלכע זיי האבן אים געגעבן אויף א בעסערער צוקונפט!

ווי לאנג דאס האט זיך אזוי געשלעפט, קען איך אויף קלאר נים זאגן. אבער עס האט זיך באלד איינגעשטעלט א קריזיס.

אַ בריוו איז אָנגעקומען פון דעם אַנטלאָפענעם מאַן. ער איז געווען אין אַמעריקע. ער האָט זיך ווידעראַמאָל געקלאַפּט אין האַרצן „אשמנו" און האָט געשיקט אַ בילעט פאַר רחל'ען מיטן מיידעלע צו קומען צו אים.

אונטער אַנדערע אומשטענדן וואָלט זי געוויס ניט געפאָרן, אָבער איר שרעק פאַר ליבערמאַנ'ען איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט באַשלאָסן צו פאָרן.

איך האָב זי ניט אָפּגערעדט.

— וואָס הייסט דאָס? — האָט ליבערמאַן געזאָגט צו מיר.— הייסט דאָס, אַז זי וויל פון מיר פּטור ווערן, אָדער אַז זי וויל ענדלאַך אים צווינגען איר צו געבן אַ גט און דערפאַר פאָרט זי צו אים קיין אַמעריקע?

ער האָט באַשלאָסן, אַז פּטור ווערן זאָל זי פון אים בשום אופן ניט.

— איך פאָר מיט! — האָט ער געזאָגט.

---

אַרום דער דאָזיקער צייט איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענ־דערונג אין מיין אייגענעם לעבן; איך האָב באַקומען אַ גוטע שטעלע, אויף וועלכער איך בין געבליבן 14 יאָר ביז איך בין אַוועקגעפאָרן (אין 1894) קיין אַמעריקע. אין אַזאַ לאַגע בין איך געווען, ווען ס'האָט זיך אָנגעפאַנגען דער לעצטער אַקט פון דער טראַגעדיע.

אָט זיינען די וויכטיקסטע מאָמענטן, ווי איך זע זיי איצט פאַרביישוועבנדיק פאַר מיינע אויגן:

דרויסן פילט זיך שוין דער לאָנדאָנער אַסיען. איך האָב דערוייל נאָך מיין „דזשאָב" ניט, אָבער איך בין שוין פריי פון חובות און איך הער אויס ליבערמאַנ'ען מיט אַ פולערן מאָגן ווי פריער, דאָס הייסט, איך בין שוין קליגער און קען שוין געבן אַן עצה און אַ זאָג טאָן אַ שטיקעלע מוסר.

ליבערמאַן וויל אָבער פון גאָרניט הערן. מיין קוזינע זע איך איצט שוין ניט אַלע טאָג. איך וואוין שוין אין דעם וועסט-

ענד (אין טאַלמערס סקוועער), ליבערמאַנ'ען טרעף איך אָפט ביי זיך אויף קוואַרטיר, ביי דער קוזינע, אין דעם לעזע־צימער פון דעם בריטישן מוזיי, וואו איך פאַרברענג איצט אַ גרויסן טייל פון מיין צייט.

רחל מאַכט הכנות צו דער רייזע אַזוי ווייט ווי מעגלאַך בשתיקה פון אים. ער פאַרפאָלגט זי כמעט אָן אַן אויפהער, ער געפינט אַרויס אַלע אירע סודות. ער ווייסט אפילו, מיט וועלכער שיף זי קלייבט זיך צו פאָרן.

און אָט קומט ער צו מיר און שענקט מיר זיין ברושטינענעם סיגאַרעטן מונדשטיק. „איך וועל עס וואַרשיינלאַך שוין סיי־ווי־סיי ניט לאַנג באַדאַרפן" — זאָגט ער. איך לאַך אים אויס, אָבער אין האַרצן קלעמט עס... טאָמער פאָרט... ווער ווייסט...

דעם נאָענטסטן אָוונט טרעפן מיר זיך ביי רחל'ען אין הויז.

— נאַ דיר,—זאָגט ער,—דעם „וופעריאָד" (ביידע יאָר־גענג פון דער צוויי־וועכנטלאַכער אויסגאַבע), לאָז בעסער בלייבן ביי דיר, — ליגט ער צו אין אַ שרעקלאַכן טאָן.

אַ ווײַלע שפּעטער נעמט ער אַרויס אַ בריוו פון קעשענע.

— היינט געקראָגן,—זאָגט ער. ער וויל מיר פאָרלעזן, אָבער עס איז פינסטער. און ניט אים, ניט מיר ווילט זיך אָנצינדן אַ ליכט. די טונקלהייט פּאַסט זיך צו אונזער שטימונג.

— וואָס שרייבט מען דיר?

— צוקערמאַן (אליעזר צוקערמאַן), אַמאָל אַ שרייבער אינם „השחר", אין אָנהויב יאָר אַרעסטירט אין פּעטערבורג ביים איינ־נעמען די געהיימע דרוקעריי פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ", פאַר־משפּט אויף 15 יאָר קאַטאָרגע, איז טויט, געשטאָרבן אויפן וועג.

איך פאַרטראַכט זיך, און אין אַן אַטאַקע פון סענטימענטאַ־ליטעט רוף איך אויס אין אַן אונטערטאָן:

„תמות נפשי מות ישרים ותהי אחריתי כמוהו"! (זאָל מיין זעל שטאַרבן דעם טויט פון די גערעכטע; מעג מיין סוף זיין ווי

**זיינער). און קוים קומען אַריבער די ווערטער איבער מיינע ליפּן, פיל איך אַ הייסן, ליידנשאַפטלאַכן קוש אויף מיין שטערן.**

**איך דריק ליבערמאַנ'ס האַנט און מיר ווילט זיך וויינען, אָבער איך וויין ניט.*)**

*) דאָס איז געווען אַ טעות. שפּעטער האָט מען דערפאַרן, אַז צו־קערמאַן איז באַגאַנגען זעלבסט־מאָרד אין יאַקוטסקער געגנט, אין סי־ביר. אָבער ערשט אין עטלאַכע חדשים ארום. די טרויעריקע בשורה איז געקומען אַביסל צו פרי.

(לייזער צוקערמאַן האָט זיך גענומען דאָס לעבן — דורך אַריינ־וואַרפן זיך אין טייך אמאגא — אין יאָר 1887, אין עלטער פון 35 יאָר. — ק. מ.)





לייזער צוקערמאַן (רעכטס אַלס יונגערמאַן; לינקס פון קאַטאָרגע)

א ווײלע שפּעטער קומט רחל אהיים. איצט ברענט שוין א לאָמפּ. זי האָט אויסגעטאָן איר מאַנטעלע און איר הוט און זעט אויס פריש, שיין, יונג, מיט א גלאַנץ אין אירע שוואַרצע אויגן. ליבערמאַנ'ס האַרץ גייט אויס פאַר איר, דאָס איז קלאָר, זי פילט עס און ווערט בלייך. זי האָט שוין געהאַט אַוועקגעשיקט אירע זאַכן אויף דער שיף, דאָס ווייסט ער. ער האָט זײַנע זאַכן אויך אַוועקגעשיקט. דאָס ווייסט זי ניט.

דעם נאָענטסטן טאָג קומט ער צו מיר. ער זעט מיר אויס האַלב טויט. מיר גייען זיך פאַנאַנדער ווי געוויינלאַך.

דאָס זעען מיר זיך צום לעצטן מאָל.

און אָט שטיי איך ביים ברעג. די שיף גייט אָפּ לאַנגזאַם, רחל איז אויפן דעק און איך באַגלייט זי מיט די אויגן אַזוי ווייט ווי עס לאָזט זיך און... א סוף.

ליבערמאַן ווייזט זיך ניט.

---

אין עטלאַכע וואָכן אַרום קריג איך פון רחל'ען א לאַנגן בריוו —פון סיראַקיוז.

ליבערמאַן האָט זיך אויף א קורצער צייט אָפּגעשטעלט אין ניו יאָרק האָט זאָגאַר אין ערגעץ א קלוב געהאַלטן א פאָרטראַג, *) און זי האָט געמיינט, אַז עס איז שוין אַלץ אָל־רייט.

פּלוצלונג קומט ער צו איר אין הויז אין סיראַקיוז. פרעגט זי, וואָס זי מיינט צו טאָן, און קריגט דעם אַלטן ענטפער.

ער גייט אַריין אין אַן אַנדער צימער.

ער דערזעט איר מיידעלע. ער נעמט אַרויס פון קעשענע עטלאַכע דאָלאַר און גיט איר.

---

*) אין „הצפירה“, נומער 48 (9טן דעצעמבער, 1888) שרייבט י. ד. אייזנשטיין פון ניו יאָרק, אַז ליבערמאַן איז דאָרט געקומען מיט א דרויו חדשים צוריק, באַזוכט די ביבליאָטעק פון דער חברה „שוחרי שפת עבר“ און געהאַלטן א פאָרטראַג איבער דער אידישער ליטעראַטור.
— ק. מ.

אויף אַ שטיקל פּאַפּיר שרייבט ער אויף דעם פּאָלגנדיקן זאַץ: „זאָל מיך קיינער ניט פּאַראורטיילן, ביז ער וועט ניט קומען צו מיין לאַגע“.

דאַן גייט ער צו צו אַ שפּיגל און דערשיסט זיך.*)

---

*) לויטן פּאָליציי־באַריכט פון סיראַקיוז, איז די אַמעריקאַנעלאה געווען אין פּאַלקשול, ווען ליבערמאַן האָט זיך דערשאָסן. ער האָט איבערגעלאָזן אַ צעטעלע פאַר איר פון אומגעפער פאָלגנדיקן אינהאַלט:

„ליבע לאה'לע, דיין אַלטער גוטער פריינט ליבערמאַן גריסט דיר פון טיפן האַרצן און לאָזט דיר איבער אַ קליינעם אָנדיינק מיר צו דערמאָנען. ווען דו וועסט ווערן עלטער וועסטו תמיד טראַכטן פון מיר. דיין פריינט אַרטור ליבערמאַן. סיראַקיוז, 28טן נאָוועמבער“.

וואָס דער „אָנדיינק“ איז האָט ער ניט דערמאָנט. נאָר אויפ'ן טיש איז געלעגן אַ טייסטערל מיט פופצן דאָלאַר.

ליבערמאַן איז געקומען צופאָרן פון ניו יאָרק קיין סיראַקיוז דאָנערשטיק דעם 18טן נאָוועמבער, 12:40 אַזייגער בייטאָג. ער האָט גלייך זיך נאָכגעפרעגט אויף דעם אַדרעס פון די סאַרעזאָנס. איידער ער האָט זיך דערשאָסן, האָט ער גענומען עטלאַכע זופּן פון אַ פלעשל בראַנפן, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך. ער איז געווען אַ גערינקטער און זיך אַריינגעלאָזן אַ קויל אין שלייף מיט דער לינקער האַנט. רחל סאַרעזאָן האָט ניט גערופן נאָך הילף, נאָר איז געלאָפן צו איר מאַן אין דער בעקעריי, וואו ער האָט געאַרבעט. ווען יענער איז געקומען אַהיים (ליבערמאַן איז שוין געווען טויט) האָבן זיי געמאָלדן דער פּאָליציי.

אין ליבערמאַנ'ס נאָטיץ־ביכל איז געווען אויפגעשריבן, אויסער די ווערטער, וואָס ווינטשעווסקי דערמאָנט, אויך די פאָלגנדיקע, אין דייטש:

„אַדיע, וועלט. איך, וועמעס לעבן פאַרמאָגט גאָרנישט אַחוץ ליידן, מוז שטאַרבן. נאָוו. 18, 1880“.

צווישן זיינע זאַכן האָט מען אויך געפונען אַ מאַנוסקריפּט, אין דייטש, מיטן נאָמען „דער דאָלאַר“. דער מאַנוסקריפּט, פון וועלכן

דעם 18טן נאָוועמבער 1880טן יאָר איז ער שוין טויט.

דער אידישער ארבעטער מעג די דאָטע זיך פארצייכענען. דאָס איז דער יאָרצייט נאָך דעם אומגליקלאכן מאַן, וועלכער האָט דער ערשטער געבראַכט די בשורה פון אַן אַלוועלטלאַכער גאולה, הגם אויף דער שפּראַך, וואָס איז פרעמד פאַר דעם ארבעטער — אויף העברעאיש.



---

איך האָב געקראָגן אַ קאָפּיע בלויז אין ענגליש, איז אַ רעוואָלוציאָנער פּעליעטאָן און האַלט אַרום צוויי טויזנט ווערטער.

די אָרטאָדאָקסישע קהלה „בית ישראל“ האָט מקבר געווען ליבערמאַנען אויף איר בית־עלמין. לעצטנס האָבן די אַרבעטער־רינג מיטגלידער אין סיראַקויז געוואָלט אַריבערנעמען ליבערמאַנ׳ס רעשט אויף זייער בית־עלמין און אים שטעלן אַ מאָנומענט, נאָר זיי קאָנען ניט איבערצייגן די שול־אידן, וועלכער קבר איז ליבערמאַנ׳ס. — ק. מ.

**איך קום צום רשות־היחיד.—דער קאַצניאַמער פון די ערשטע זיבציקער יאָרן.—פּנים חדשות.—ס'ווערט אַ פּוילישער אידל.**

די דריי־פיר יאָר צווישן ליבערמאַנ'ס טויט און דער גרינ־דונג פונם „פּוילישן אידל“, דאָס הייסט, צווישן ענדע 1880 און דעם זומער פון 1884, זיינען געווען אין מיין לעבן, וואָס איך וואָלט רופן „פּריוואַט יאָרן“.

די דאָזיקע דריי־פיר יאָר זיינען געווען אין גאַנץ אייראָפּע ענלאַך צו דער צייט, וועלכע עס לעבט איצט *) איבער רוסלאַנד. די באַרוישונג פון די זיבעציקער יאָרן, אין וועלכע עס איז געווען די פּאַריזער קאָמונע, די גרויסע פאָלקס־באַוועגונג אין רוסלאַנד, דער אויפשוואונג פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, דער אָפּקלאַנג דערפון איבער דער גאַנצער וועלט—אַריינרעכענענ־דיק די פאַראייניקטע שטאַטן—און אין אונזער ענגן קרייז, דער אָנהויב פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג צווישן אידן,—די באַ־רוישונג, זאָג איך, פון יענע, די זיבעציקער יאָרן, איז איצט געווען צו ענד. עס האָט זיך אָנגעהויבן דער קאַצניאַמער.

די אַלגעמיינע וואַלן פון דעם יאָר 1881 אין דייטשלאַנד האָבן זיך געענדיקט מיט אַ גרויסער נידערלאַגע; אין פראַנקרייך האָט געהערשט אַ שרעקלאַכע רעאַקציע; אפילו דער אַלטער לאַוו־ראָוו איז אַרויסגעטריבן געוואָרן און דאָס נאָר דערפאַר, וואָס ער האָט צוזאַמען מיט ווערא זאַסוליטש געזאַמלט געלט פאַרן (פּאָלי־טישן) „רויטן קרייץ“; פון דער שווייץ האָט מען געהאַלטן אין איין יאָגן און טרייבן אויסלענדער, בעת די אָרטיקע באַוועגונג איז געווען זייער שוואַך; אין ענגלאַנד האָט אַ ליבעראַלע רעגי־רונג געהאַלטן אירלאַנד אונטער דעם שטרענגסטן אויסנאַם־געזעץ און אין געוויסע גאַסן אין דובלין איז געווען אַ פאַרברעך זיך צו ווייזן אין גאַס נאָך צוויי אַזייגער פון אָוונט.

---

*) אין 1909.

דאָס אָבער, וואָס האָט ספּעציעל פאַרברייטערט די מרה־שחורה אין אונזערע קרייזן, איז געווען די לאַגע אין רוסלאַנד.

נאָך דעם 1טן מערץ 1881, ווען די טעראָריסטן האָבן גע־האַט דערגרייכט די העכסטע מדרגה פון זייער „אמביציע", פאַר־ניכטנדיק דעם מאַן, וואָס אין זיין נאָמען און צוליב זיין הער־שאַפט זיינען געפאַלן אַזוי פיל קרבנות, האָט די רעוואָלוציע־זון גענומען זינקען, באַלד אויף אַ ווײַלע אינגאַנצן פאַרשווינדנדיק פונם פּאָליטישן האָריזאָנט. אין דער רעאַקציאָנערער נאַכט, וואָס האָט זיך איצט אָנגעהויבן, האָט דער אַלטער רוסישער אידן־האַס מיטאַמאָל אַרויסגעבראַכט אויף דער וועלט דעם פּאָגראָם, הגם נאָך ניט אין דער שרעקלאַכער אוממענטשלאַכער פאָרם, ווי מיר האָבן אים דערלעבט צו זען אין קישינעוו, אדעס, ביאַליסטאָק און סעדלעץ.

אויף דעם אופן האָט מען אין דער צייט פון יענע 3—4 יאָר אין אונזערע קרייזן איבערגעלעבט אַ שרעקלאַך מרה־שחורה־דיקן פּעריאָד.

אַם טרויעריקסטן האָט דאַן אויסגעזען דאָס ווינקעלע פונם סאָציאַליזם — פּאַריז, צו וועלכער מיר האָבן זיך שטענדיק גע־ווענדעט אין ליידן און אין פריידן נאָך טרייסט און נאָך באַ־גייסטערונג, ווי אַ פרומער איד, לערך, האַלט די אויגן צום מזרח צו, בעת ער דאַווענט, אויסוויינענדיק זיין ביטער האַרץ אָדער זאָגנדיק „הלל".

נאָך אינעם זומער 1884, געדענק איך, בעת מיר אין לאָנדאָן האָבן שוין אָנגעהויבן זיך צו רירן און באַוועגן, ווען עס זיינען שוין געווען דערשינען אַ פּאָר נומערן פונם „פּוילישן אידל", איז צו מיר קיין לאָנדאָן געקומען פיליפּ קראַנץ (מיט אַ בריוו פון הורוויטשן, וועלכער איז פריער דערמאָנט געוואָרן) און ער האָט געבראַכט פון פּאַריז אַזאַ מין ראַפּאָרט:

— וואָס זאָל זיך הערן — האָט ער אויף מיין פראַגע גע־ענטפערט, — די זעלביקע מיטינגען, די זעלביקע רעדנער אויף זיי, די זעלביקע דרשות און די זעלביקע צוהערער.

— די באַוועגונג? וואו באַוועגונג, וואָס באַוועגונג?

און דאָס איז געווען צום סוף פון יענעם פעריאָד. על אחת כמה וכמה אין די פריערדיקע עטלאַכע יאָר.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז נאַטירלאַך ניט געווען פיל געלעגנהייט וואָס צו טאָן, און אַזוי ווי אין מיין רשות־היחיד איז דאָן געווען מער בורענינע, וויפיל מיין געזונט האָט געקענט פאַר-



ווינטשעווסקי און זיין פרוי (רבקה הערים) אין די 80־יקער יאָרן

טראָגן,*) האָב איך פון קהל'שע ענינים ווייניק וואָס צו דערציילן.

---

*) די „בורענינע" איז געווען אַן עפּיזאָד פון ווינטשעווסקי'ס יוגנט־ליבעס, צווישן זיי אויך צו אַ ראָזע קאַבאַק, איידער ער האָט זיך געטראָפן מיט רבקת הערים — זיין לעבנס־באַגלייטערין ביז היינטיקן טאָג. — ק. מ.

דער שטראָם פון איינוואַנדערער איז זיך טעגלאך געוואַקסן אין ברייטקייט און אין אימפּעט. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען די גרויסע עמיגראַציע, וועלכער איז געגאַנגען דער־עיקר קיין אַמעריקע, אָבער אַ גרויסער טייל קיין ענגלאַנד.

צווישן די לעצטע זיינען די מערסטע געווען מענטשן, וועלכע האָבן פּשוט ניט געהאַט גענוג געלט צו קויפן אַ בילעט „אַזש ביז ניו יאָרק", אָבער עס איז געווען אַן אַנדער קלאַס אויך. עס האָבן זיך גענומען ביי אונז באַווייזן יונגע לייט, וואָס האָבן זיך ניט געיאָגט נאָך געלט, נאָך די גרויסע געלט, וואָס וואַלגערט זיך אין די אַמעריקאַנישע גאַסן; יונגע לייט, וואָס פאַר זיי איז געווען פרייהייט וויכטיקער, ווי גאָלד, און אַזוי ווי די „פרייהייט" איז געווען אין ענגלאַנד נעענטער, ווי אין אַמעריקע, זיינען זיי געקומען צו אונז.

און אַזוי האָט עס פּאַסירט, אַז בעת אין די זיבעציקער יאָרן זיינען יונגע לייט ווי ליבערמאַן, הורוויטש, ראַבינאָוויטש און די אַנדערע פון אונזער קליינער רויטער קאָלאָניע געווען אַ זעלטנהייט, האָבן זיך איצטער—אין אָנפאַנג פון די אַכציקער יאָרן— גענומען באַווייזן צענדליקער אַזעלכע. אויף דעם אופן איז מעגלאך געוואָרן אַ וועכנטלאַכע ציטונג (ווי „דאָס פּוילישע אידל") אין 1884, בעת אין 1879 יאָר האָט מען ניט געקענט צונויפקלייבן 20 דאָלאַר אויף אַרויסגעבן די בראָשור „יהי אור"!

אויף דעם אופן דערקלערט זיך פּילייכט אויך דער פאַקט, וואָס אין די ערשטע יאָרן פון 1885 ביז 1890 האָט די אַמעריקאַנישע באַוועגונג געצויגן איר גייסטיקע השפּעה כמעט אינגאַנצן פון ענגלאַנד, ניט אַכטנדיק דערויף, וואָס אין אַמעריקע איז שוין דאַן געווען אַ פיל, פיל גרעסערע אידישע באַפעלקערונג, ווי אין ענגלאַנד. נאָך מער, די ערשטע סאָציאַליסטישע ציטונג, וועלכע האָט געהאַט אַ באַדייטונג, איז ערשט מעגלאך געוואָרן, ווען קראַנץ, פייגענבוים און אַנדערע זיינען אַריבערגעבראַכט געוואָרן קיין אַמעריקע פון ענגלאַנד.

## „דער פוילישער אידל“ *)

(1885—1884)

די באַדייטונג פון דעם „פוילישן אידל“.—ווי אַזוי ער איז אַנטשטאַנען.—שפּראַך־צרות.—צרות פון די לעזער.—און פון די שרייבער.—דער נאָמען.—אידישע אַנטיסעמיטן.—אָבער שינוי השם גוטוועגדיק.

דער „פוילישער אידל“ איז צום ערשטן מאָל דערשינען אין לאָנדאָן, פרייטיק דעם 25טן יולי 1884, אלזאָ, מיט 25 יאָר צוריק.

ווי מען וועט באלד זען, איז די ראָלע, וועלכע איך האָב דערביי געשפּילט, געוועזן דער רעזולטאַט מער פון א צופעליקן צוזאַמענווירקן פון פאַרשידענע פאַרהעלטנישן ווי א פּלאַנמעסיקע האַנדלונג. איך קען דערפאַר אָן באַרימערייַ זאָגן, אז די גרינדונג פון דעם „פוילישן אידל“ איז געוועזן אין דעם לעבן פון דעם אידישן ארבעטער, צו א געוויסן גראַד אפילו אין א טייל פון דער אידישער וועלט בכלל, אן עפּאָכע־מאַכנדיקע דערשיינונג. דער „פוילישער אידל“ איז געוועזן דער פונדאַמענט, אויף וועלכן די ערשטע אויסגעשפּראָכן סאָציאַליסטישע צייטונג, „דער ארבעטער־פריינד“, איז אין א יאָר ארום אויפגעבויט געוואָרן; דער אָנפאַנג פון א אידיש־סאָציאַליסטישער באַוועגונג, וועלכע האָט געלאָזן טיפע וואָרצלען אין דעם אידישן לעבן נים נאָר פון ענג־

*) „נייע וועלט“, צווייטער העפט. ניו יאָרק, 1909.

דער
פוילישער אידעל
THE POLISH YIDEL.
Price 1 d.

פער קווארטאל
דורך דיא פאסט. אין ענגלאנד 1 s. 4 d.
אין פראנקרייך 1.70 c.
אין דייטשלאנד 1. 35
אין עסטרייך 80 קרייצ.
אין רוסלאנד 70 קאפ.
אין אמעריקא 35 c.
2 עקסעמפל. 2s. 2d.
3 עקסעמפלארע 3 s.
4 עקס. 3 s. 10 d.

אנאנסען פרייז:
דיא צווייטע געשפאלטענע צײלע (אדער רערען רױם) 3 d. דריי מאל ווידער־האלט 2d. יעדעס מאל. פער קווארטאל 1 של. 8 פענס. אנאנסען פאן
ארבייטס־זוכענדען ווירד בערעכנעט דיא העלפטע דעס פרייזעס

יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך (תהלים קכ״ח).

LONDON, Friday 25 July 1884. No. 1. לונדון, ג׳ מנחם אב תרמ״ד.

# אן דיא לעזער.

אז איהר דערזעהט למשל דיעזע צייטונג און גיט א שאקעל מיטן קאפ און א מאך מיט דער האנד, און זאגט זיך בלומרשט אין זיך: „אה! וויא לאנג וועט דאס דויערן? אידעשע צייטונגען אין ענגלאנד, ווערין על פי רוב ענטפער גלייך געבארען טויט — וויא א נפל — אדער זיי לעבען נאר א פאאר וואכען! מסתמא וועט אט דיא נייע צייטונג וויא אללע פאריגע אויך א ניכע מיתה איינגעהמען". — אזוי זאגט איהר ליעבע לעזער! און איהר מיינט אוודאי אז איהר זייט גרויסע הכמים, דארום זאגען מיר אייך אז איהר זייט אפשר גערעכט, אבער שמייסען קומט אייך. פארוואס מוז געבעך א אידעשע צייטונג אזוי וויא יונה׳ס קיקיון איבער נאכט געבארען און איבער נאכט פערלארען זיין? פארוואס מוז דער אידישע רעדאקטאר רופען דיא שמשים ווען זיינע ליפפען זיינען נאך איינגעריבט פון דיא איינגימאכטס פון מזל טוב? ווייסט איהר פאר וואס? ווייל מיר אידען זיינען אידען... הייל איהר, ליעבע לעזער ניט... נאר לאמיר זיך מיט אייך ניט קריגען מאמער וועט איהר פארט זיין אונזערע אבאנענטען. נאר איינס מוזען מיר אייך זאגען, פון היינט אן קריגט איהר אללע פרייטאג א שיינע, פיינע אינטערעסאנטע צייטונג, און אויב איהר וועט ניט קענען ביי זיך פועלן אבצושפארען פון ציטעס פון קוגעל אדער פון דער פישנאגע 1 פעני און קויפען אבלאט אויף שבת, וועלין מיר אונזערע וועטצערס מאכען פאר פידלער, אונזערע אותיות צולאזען און פון זיי מאכען דריידלעך אויף חנוכה, אונזערע דרוקערשווערצע פערקויפען צו ווייסע ענגלענדער וואס מאכען זיך פאר נעגערס — מיר אלליין וועלין זוכען א קנעללונג און וועלין פאר ואגען א צעהנטען אנאנדער צייטונג ארוים צו געבען.

איהר וועט געוויס וועלין וויססען וואס פאר א מין בלאטט דאס וועט זיין. צייטונגס שרייבער האבען קיינע סודות, די פלוירען אלץ אוים און איהר מעגט עס גלייך וויססען. קודם אבער מוזען מיר אייך א פאאר ווערטער זאגען כדי איהר זאללט בעססער פערשטעהן אונזער פלאן:

מיר בעטראכטען דעם אידען פון דריי זייטען היינו: אלס מענש, אלס איד, אונד אלס ארבייטער. אזוי בעטראכטעט איהם אויך דיא וועלט. דארום איז דער צוועק פון אונזער צייטונג אויך איין דריי פאכער. מיר וועלין ריידען צו אונזערע לעזער אלס מענשען און וועלין די בענאכריכטען פון אלץ וואס איז נוגע צום מענשען צו ער איז א איד אדער נישט; מיר וועלין ערצעהלען אונזערען לעזערן אלץ וואס איז נוגע צו אידען אלליין, מחמת די זיינען אידען; און מיר וועלין ריידען צו זייא פון אלץ וואס איז נוגע צו ארבייט און ארבייטער, ווייל מיר האפפען נישט אז אונזערע רייכע ברידער וועלין לייענען דעם „פוילישען אידעל" (הגם מיר קענען זיי געבען א תקיעת־כף אז משעקס אויף א הונדערט אדער קין פונט וועלין חלילה נישט צוריק געשיקט ווערין — (פערשטעהט זיך כדי די נישט מבייש צו זיין!) און דארום וועלין מיר זוכען צו זיין פיר אונזערע לעזער א וועג ווייזער אין זייערע בעשעפטיגונג. מיר וועלין זיין שטאלץ ווען דיא אידישע ארבייטער וועלין אונזערע צייטונג ערקעננען פיר זייערע אייגענע צייטונג, דען מיר האלטען דעם נאל, דיא נאדעל, דעם הובעל און דעם האממער, פיר גרעסערע מיוחסים וויא דיא שעער וואס שנייט קופאנעס. און דארום האבען מיר גלייך אויפען קאפ פון דער צייטונג געשטעללט דעם פסוק: „יגיע כפיך כי תאכל אשריך וטוב לך".

איטצט קענען מיר אייך אין פארראבנאכט זאגען וואס פאר א נפש אונזער „פוילישער אידעל" וועט זיין, הערט זיך איין; אונזער בלאטט וועט:

ערסטענס, אויפקלערן און אונטערהאלטען יענע פון אונזערע ברידער וואס פערשטעהן אנדערע שפראכען וועניג אדער גאר ניט; צווייטענס, א מורה־דרך זיין פאר פריש אריבער געקוממענע (גרינע) אידען וואס זוכען ארבייט; — דריטטענס, רעם לעזער אידעל לעזערין (דער „פוילישער אידעל" איז נישט קיין מלאך און נים קין חסיד — ער האט לעזערינען און לעזער׳ס גלייך ליעב!) א שטיקעלע בעגריף געבין פון אלץ וואס טוט זיך אין דער וועלט; — פיערטענס, וועט דיא צייטונג געבען דעם לעזער דיא מעגליכקיים צו מאכען ספראווקעס איבער אלץ וואס ער וועט וועלין וויססען, דענן אללע פרייטאג וועלין אין „בריעפקאסטען" זיין תשובות אויף אללע אנפראגען וואס וועלין קומען אין דיא רעדאקציע ביז מאנטאג.

דאס האפפען מיר וועט דער „פוילישער אידעל" זיין, היינט זייט וויססען וואס דיא צייטונג וועט נישט זיין. זיא וועט ניט זיין קיין גאטט׳ס סטראפטשע און אויך ניט ירבעם בן נבט; זיא וועט ניט ריהמען פערזאנען, וועט ניט הנפענין רייכע, ניט ריידען פון כבודים, פון

לאַנד און אַמעריקע, פאַר וועלכע דאָס בלאַט איז געווען באַשטימט, נאָר אויך פון רוסלאַנד.

און בנוגע צו מיר פערזענלאַך, איז דער „פוילישער אידל" געווען, צו גוטן אָדער צו בייזן, די אורזאַך פון מיין ווערן אַ אידישער שרייבער, אָדער אַ „זשאַרגאָניסט", ווי מיר, מיט דער העברעאישער שפּראַך אַלס די ערשטע ליבע, פלעגן זיך דעמאָלט רופן. געווים, איך האָב שוין געשריבן אידיש פאַר ראַדקינסזאָנ'ס „קול־לעם" — מיט זיבן יאָר פריער, אָבער דאָס איז געווען כמעט צום שפּאַס: אָט, האָט מען, אַ שטייגער אַ שטיף געטאָן אין הויף מיט די בעלי־עגלות, ווען מיט די משכילים אין זאַל איז געוואָרן לאַנגווייליק. אגב האָט דער דעמאָקראַטישער פּרינציפּ געבורבעלט און מען האָט אים עפּעס צוגעוואָרפן. מיטן „פוילישן אידל" בין איך געוואָרן אַ שרייבער פאַרן אידישן אַרבעטער אין זיין אייגענעם לשון.

---

אַנשטאַנען איז דער „פוילישער אידל" אויף דעם פאָלגנדיקן אופן:

סיין לאָנדאָן איז אָנגעקומען אַ גאַליציאַנער יונגער מאַן מיטן נאָמען ווערבער, אַ שריפטזעצער. מיט אים איז ערגעץ־וואו באַקאַנט געוואָרן מיין אַלטער חבר ראַבינאָוויטש (או"ר) פון קעניגסבערג.

ביי זיי ביידן האָט זיך אויפגעלייגט אַ פּלאַן צו גרינדן אַ אידישע דרוקעריי.

ראַבינאָוויטש, אַ מענטש מיט אַ „פּראַקטישן זין" אפילו אין יענע צייטן, האָט באַשלאָסן אוועקצולייגן אָן אַ זייט שטריינגפריידענקערשע „פאָראורטיילן" און זיך צו נעמען, צוליב פרנסה, צו דעם סאָרט ליטעראַטור, וועלכן עס פאַרלאַנגט די מערהייט — היינו, סדורים, מחזורים, תחינות און דאָסגלייכן. ער האָט געקלערט, אַז ער וועט קענען קאָנקורירן מיט רוסלאַנד אין קלענערע דרוקאַרבעטן און אימפּאָרטירן פון דאָרט די גרעסערע.

איז אָבער געווען אַ שוועריקייט.

עפענען אַ דרוק, אפילו אַ קליינעם דרוק, אפילו נאָר אריינ־שטעלנדיק אַ האַנט־פּרעס און אייניקע קאַסטנס שריפט, איז דאָך נאָר מעגלאַך, ווען מען קען רעכענען אויף גענוג אַרבעט, כדי אַז עס זאָל זיך לוינען צו צאָלן רענט, צו האַלטן אַ זעצער און אַ דרוקער. אמת, דער דאָזיקער זעצער מיטן דרוקער וועט זיין דער שותף ווערבער אליין, בעת ער, ראַבינאָוויטש, וועט זיין דער טוער, דער „ביזנעס־מענעדזשער". אָבער ניט דער „האַנט־אַר־בעטער", ניט דער „קאָמפּמענטש" קענען אין ערגעץ ניט לעבן בלויז פון קינפטיקע פּאַרדינסטן, אָן קאַפּיטאַל אין דער האַנט, אָדער קאַפּיטאַל אין דער פאָרמע פון מטלטלין און קרקעאות (באַ־וועגלאַכע און אומבאַוועגלאַכע גיטער). און דאָ מוז ערשט דער אָנגעבאָט באַשאַפן די נאָכפראַגע, ווייל דערווייל רייסט מען נאָך אין לאָנדאָן אַזעלכע סחורה פון די הענט ניט, דער עולם מוז ערשט זען אַ מוסטער דערפון און דורך דעם קריגן דעם חשק דערצו.

טאָ וואָס־זשע טוט מען?

איז ראַבינאָוויטש געפאַלן אויף אַ פּלאַן, און מיט אים איז ער געקומען צו מיר.

דער פּלאַן איז געווען אַזעלכער:

היות, ווי אַ דרוקעריי אָן קאַפּיטאַל קען נאָר עקזיסטירן דאַן, ווען זי איז לכתחילה געזיכערט מיט „סטעדי" (שטענדיקער) אַרבעט;

היות, ווי סטעדי אַרבעט קען נאָר געבן אַ וועכנטלאַכע צייטונג, און היות, ווי אַזאַ צייטונג, כדי אַז זי זאָל ווערן, מוז מען זי אַליין באַשאַפן, —

איז באַשלאָסן, אַז די הערן ראַבינאָוויטש, ווערבער און בן־ניץ גאַראַנטירן יעדער אַ דריטל פון דעם צוקונפטיקן דעפיציט (אויף דער ערשטער צייט) און גרינדן אַ וועכנטלאַכע צייטונג, פון וועלכער ראַבינאָוויטש איז דער אַרויסגעבער, ווערבער דער דרו־קער און בן־ניץ דער רעדאַקטאָר, און טאָקע אונטער דעם נאָמען בן־ניץ, מחמת לגבי די זעליגמאַנס, ביי וועלכע איך האָב דעמאָלט

נעארבעט, איז כדאי'ער געווען, אַז דעם רעדאַקטאָר'ס אמת'ער נאָמען זאָל בלייבן אומבאַקאַנט.

אויף דעם אופן איז איין זומער נאָכמיטאָג אין א שפּאַציר־גאַנג אין ספּיטאַל־פּיעלדס צווישן או"ר און בן־נץ, די אַמאָליקע העברעער, באַשלאָסן געוואָרן צו זאָגן זיי־געזונד צו דער ליבער אַלטער העברעאישער שפּראַך און זיך צו נעמען צו אידיש. אָבער אַזוי ווי ראַבינאָוויטש האָט קיין אידיש ניט געקענט, בין איך אריין אַלס רעדאַקטאָר מיט פולער מאַכט אין דער אונטערנע־מונג, — א פאַרגעניגן, וועלכער האָט מיך שפּעטער געקאָסט שיי־נע עטלאַכע צענדליק פונט שטערלינג.

---

צווישן די צרות ביי דער צייטונג, וועלכע מיר—אַלע דריי מענטשן מיט דערפאַרונג אין דעם דרוק־געשעפט—האָבן ניט פאָר־אויסגעזען, איז געווען איינע, וועלכע איז אויפן ערשטן בליק גאַנץ אומבאַדייטנד, האָט אָבער געהאַט וויכטיקע פאָלגן.

מיר האָבן נעמלאך אויסגעשריבן אונזערע שריפט פון וואַר־שע. כדי צו מאַכן די פּראָדוקציע פון אונזער סחורה ביליקער, האָבן מיר באַשלאָסן צו זעצן דעם „פּוילישן אידל" אָן נקודות. אותיות אָן נקודות זיינען אָבער ביי אָרגעלבראַנדן נאָר געווען פאַר העברעאיש. דער פּועל יוצא דערפון איז געווען, אַז מען האָט בשום אופן ניט געקענט קריגן גענוג עין'ס, בע חית'ן און תיו'ען, וועלכע קומען אין אידיש זייער זעלטן פאָר, האָט מען אונז געשיקט מער וויפיל מיר האָבן באַדאַרפט. דער ער־שטער נומער האָט דערפאַר שוין געמוזט ליידן, ווייל ניט האָבנ־דיק גענוג „ע", האָט מען געמוזט בידים פאַרדאָרבן די אידישע אָרטאָגראַפיע, געברויכנדיק א „י" אנשטאָט אָן „ע" אומעטום, וואו דער אַקצענט איז ניט געפאַלן אויף דעם „ע". אַזוי פלעגן מיר, צום ביישפּיל, שרייבן: לעבין, געבין, אייזין, עפּים נישעפּט, גי־קומען—אנשטאָט: לעבען, געבען, אייזען, עפּעס, געשעפּט און גע־קומען.

און דער שפּאַס פון דער זאַך איז, אַז שפּעטער, ווען דער

נייער אָרגאַן איז געוואָרן „מאסגעבנד“ און א מוסטער פאַר יונגע שרייבער, האָט זיך די דאָזיקע אָרטאָגראַפיע געהאַט אַזוי פאַר־ברייטערט, אז מען האָט זי ניט מער געקענט עוקר מן השורש זיין פאַר אַ לאַנגער צייט. נאָך מער, מען איז טיילוייז צו איר אַליין צוגעוואוינט געוואָרן.

אַן אַנדער צרה איז באַשטאַנען אָט אין וואָס:

איך בין געווען דער שרייבער, ווערבער דער זעצער און ראַבי־נאָוויטש — דער קאָרעקטאָר: אַ ליטוואַק, אַ גאַליציאַנער און אַ „טייטש“ זיינען דאָ געווען קאָלעקטיוו די בעלי־בתים פון דער אידישער שפּראַך,—אַ שפּראַך, דערצו נאָך, וועלכע דער „טייטש“ האָט פּשוט פאַראַכטעט, דער גאַליציאַנער האָט געזעצט מיט אַן איראָניש־סאַרקאַסטיש־פּראָטעסטירנדיקן שמייכל, בעת דער ליט־וואַק, אין הארצן, אין גרונט־הארצן אויך ניט גאַנץ זיכער צו די פּרינציפּן, פון וועלכע ער ווערט געלייטעט, זיינען די ריכטיקע אָדער ניט, האָט געמוזט, אמת קריצנדיק מיט די ציין, גיין אויף פּשרות, אויב דאָס בלאָט זאָל ניט, ווי יונה׳ס קיקיון, איבער־נאַכט אַנטשטיין, איבער־נאַכט פאַרגיין.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז ניט נאָר די אָרטאָגראַפיע, נאָר אויך די שפּראַך גופא, תמיד געווען אַ מין קאָמפּראָמיס „אין פּערמאַנענץ“.

אויף דער פראַגע: ווי דאַרף מען שרייבן אידיש, האָב איך זיך אַליין געזאָגט, אַז אונזער מאַמע־לשון איז, ווי מען זאָל זיך ניט ווענדן און דרייען, אַ דייטשער דיאַלעקט. מער ווי דאָס, זי איז פון אַלע טייטאָנישע שפּראַכן כמעט די נאָנטסטע צו הויך־דייטש, דער ליטעראַרישער שפּראַך. ליטעראַרישער אידיש מוז דערפאַר זיין אַזוי נאָענט צו הויך־דייטש ווי דאָס איז נאָר מעג־לאַך, ניט אָפּפערנדיק די אידישע אייגנטימלאַכקייטן און יענע לשון־קודש׳דיקע ווערטער און רעדנסאַרטן, וועלכע זיינען היינט אַזוי עכט אידיש־דייטש,—ווי „פּאָנאַר“ און „פּיטיל“ זיינען היינט עכט רוסיש; דערפאַר מוז מען זיך באַהעלפן מיט דייטשע ווער־טער, ניכער ווי מיט סלאַווישע, דאָרטן וואו עס פעלן אידישע

אָדער געאידישטע; דערפאַר מוז מען, אַזוי ווייט ווי דאָס איז מעגלאַך, געברויכן די דייטשי געשלעכטספאָרמען און זאָגן די אידישקייט. די מענטשלאַכקייט, ניט דאָס אידישקייט, דאָס מענטשלאַכקייט (איבערהויפּט ניט געברויכן דעם וואָרט „דאָס" מער ווי אבסאָלוט נויטיק) און תמיד שרייבן ווערטער, וואָס ענדיקן זיך מיט „ונג" און „הייט" מיט דעם ווייבלאַכן אַרטיקל, און אַזוי ווייטער.

ווי געזאָגט, זיינען די דאָזיקע פּרינציפּן כסדר פאַרגוואַלטיקט געוואָרן אין אונזער ליטוואַק־גאַליציאַנער־טייטש קאָמבינאַציע, אַ מין גלגול פון קרילאָוו'ס „לעבעד, שטשוקאַ אי ראַק" (שוואַן, העכט און קרעבס). אָבער אויב די צרות דורך דעם זיינען געווען גרויס, זיינען די צרות פון די צוויי אַנדערע קוועלן געווען נאָך גרעסער. דאָס זיינען די לעזער און די שרייבער.

לאָמיך נעמען די ערשטע צוערשט.

אונזער לעזע-פּובליקום, האָט זיך גלייך אַרויסגעוויזן, איז ליי־דער אַ פּובליקום, וואָס קען ניט לעזן. שוין גאָר ניט ריידנדיק דער־פון, וואָס פּונקטואַציע איז פאַר זיי געווען אומפאַרשטענדלאַך אין ניין פאַלן פון צען, האָט זי זיי נעשטערט ביים לעזן אפילו אין יענעם צענטל, וואו קאָמאַס, קאָלאָנס און פּונקטן (, : און .) האָבן פאַר זיי געהאַט די באַדייטונג פון אַן אָפּשטעל. זיי האָבן נעמ־לאַך דעם קאָלאָן געהאַלטן פאַר דעם וויכטיקסטן אָפּשטעל, אַ שטיינער ווי אין דער ביבל דעם סוף־פּסוק. אַ קאָמאַ האָט באַ זיי געהאַט ווייניקער צו באַדייטן, אָבער מער ווי דער פּונקט (.), וועלכן, אַלס דעם קלענסטן פּינטעלע, זיי האָבן אבסאָלוט פאַראַכ־טעט. אַז זיי האָבן ניט געוואוסט די נפקא-מינה צווישן אַ קאָלאָן און סעמיקאָלאָן (;), איז ניט נויטיק אויסצוטייטשן. אגב-אורחא מעג איך אייך זאָגן, אַז דאָס האָב איך זיי געקענט פאַרצייען, מחמת צו יענער צייט בין איך שוין געווען באַהאַוונט גענוג אין דער ענג־לישער ליטעראַטור און באַקאַנט גענוג מיט די וועגן פון ענגלישע שרייבער צו וויסן, אַז יענע פאַרשטייען דעם אונטערשיד צווישן אַ קאָלאָן און אַ סעמיקאָלאָן ניט פיל בעסער ווי מיינע ברידער

אין ווייטשעפל. איבערהויפט, איז די ענגלישע פונקטואציע א צע־טומלטע. לעזנדיק, מערקט איר, אז אן ענגלישער שרייבער, ווער ער זאל ניט זיין, ווייסט נאר איין זאך אויף קלאר, און דאס איז, אז פאר דעם פארבינדונגס־וואָרט „און" בעט זיך א קאמא.

ביי מיינע לעזער איז פונדעסטוועגן דער הויפט־שטער ביים לעזן געווען דאס, וואס דער „פוילישער אידל" פלעגט זיך זעצן אן נקודות. דערצו זיינען זיי געווען ניט געוואוינט. דאס איינציקע, וואס זיי האבן אין די פאר יאר פריער געקראגן צו לעזן אן נקודות, איז געווען די אידישע טעאטער־אנצייגן. די דאזיקע... אבער לאמיך אייך דערציילן א שפאס, אן וועלכן די דאזיקע אנצייגן דעראינערן מיך. א רייד ברייננגט אויף א רייד. אט הערט:

א וואך אדער מער פאר דעם דערשיינען פונם ערשטן נומער „פוילישער אידל" האבן מיר ארויסגעלאזט א פלוגבלאט, פיין גע־דרוקט אויף פאפיר אין אלע פארבן פונם רעגנבויגן, אין וועלכן עס איז געווען אנגעצייגט אין עטלאכע איינפאכע ווערטער, אז דעם קומענדיקן פרייטאג וועט ארויסקומען דער ערשטער נומער פון א נייער אידישער צייטונג, געשריבן אין פראסט מאמע־לשון. פרייז 1 פעני א. א. וו. דעם דאזיקן פלוגבלאט האבן מיינע פריינט פארשפרייט אין גאס. אין איין פאל האט דער פארשפרייטער בא־אבאכטעט דעם לעזער, און זעענדיק, אז דא קען זיין נויטיק צו־צולעגן א פאר דערקלערנדיקע ווערטער, האט ער געוואַרט ביז יע־נער איז דורכגעקראכן די עטלאכע געדרוקטע שורות. נו, עס איז גע־גאנגען זייער שווער, זייער לאנגזאם, אבער ענדלאך איז דער מאן געווען צו־ענד. דורכגעלעזן, מיט מזל!

— הערט, מיסטער, — ווענדעט ער זיך צו מיין פריינט, צונויפלייגנדיק דאס בלעטל פאפיר, — וואו שפילט מען דאס?

און דער מאן איז דורכאויס ניט געווען א זעלטענער מוסטער פון אונזער לעזע־פובליקום.

***

וואס אנבאטרעפט די שרייבער, איז זייער הויפט־חסרון גע־ווען ענלאך צו דעם אָרימאנ׳ס געלט: זיי זיינען פשוט ניט געווען

במציאות. דאָס הייסט, נאַטירלאַך, פון דעם קריטיקער'ס שטאַנד-פונקט, ווייל מענטשן, וואָס האָבן זיך געהאַלטן פאַר שרייבער, זיינען געווען די והותר (איבערגעגנוג).

און טאַקע אַזוי. ווער קען דאָס ניט שרייבן אידיש? וואָס איז דען דאָס, אַ שפּראַך? „ליטוין, אַ שטייגער, פראַנצויזיש?" מען נעמט און מען שרייבט... און דער שפּאַס דערביי איז, וואָס אפילו צווישן געבילדעטע מענטשן האָבן זיך געהערט אַזעלכע מיינונגען. מענטשן, וועלכע וואָלטן אין אַן אַנדער שפּראַך זיך ניט דערלויבט דער מינ־דעסטן חטא געגן דער גראַמאַטיק, האָבן געקוקט אויף זייער מאַמע-לשון, ווי אויף אַ מין הפקר־וועלט וואו כשר און טריף, גוט און שלעכט, קאַראַקטעריסטיק און גרייזן קענען זיך געמיטלאַך הויזן אינאיי־נעם, עפּעס אַזוי ווי די חיות מיט די בהמות, לויט דער פּראָפּעציייאונג פון ישעיה, אין די קומענדיקע צייטן. און די דאָזיקע מענטשן זיינען אויף קיין פאַל ניט אַלע אויסגעשטאָרבן, איר געפינט נאָך עד־היום פילע אַזעלכע אפילו אין דער סאַמע מזרח-וואַנט פון אונזער אי־דישן שפּראַך־טעמפּל.

אָבער אויף וואָס דער מקונן קלאָגט אין דעם דאָזיקן פאַל—ביי דער גרינדונג פון דעם „פּוילישן אידל" — איז הויפּטזאַכלאַך דאָס, וואָס שרייבער איז פּשוט געווען אוממעגלאַך צו קריגן, איבער־הויפּט ווייל ביי אונז האָט זיך געפאָדערט ניט נאָר פייאיקייטן צו שרייבן, נאָר אויך אַ געוויסער גראַד פון פּרינציפּנטרייהייט און גלייכגעזינטקייט.

און איך האָב זיך געווענדעט צו פילע אַלטע פריינט, אָבער אָן דעם מינדעסטן דערפאָלג. אייניקע האָבן ניט געוואָלט וויסן פון אידיש, אַנדערע זיינען אין דער צייט, וואָס מיר האָבן זיך ניט געטראָפן — ניט אין דער פרעסע, ניט פנים-אל־פנים — אוועק פון מיר אין געזינונג און האָבן איצט געוואַנדלט אין אַנדערע וועגן. אַזוי, צום ביישפּיל, האָט מיר געענטפערט משה ליב ליליענבלום, אויף וועלכן איך האָב געהאַט מיט זיכערקייט גערעכנט, אַז ער וויל איצט פון קיין אַנדער זאַך ניט וויסן ווי ישוב ארץ ישראל; אַז

די סאָציאַלע פראַגע בכלל אינטערעסירט אים ניט מער... ער איז צו פיל פאַרטאָן מיט דער אידנפראַגע.

אַנדערע האָבן גאָרניט געענטפערט.

אויף דעם אופן בין איך געקומען צו מיין ערשטן נומער מיט איין איינציקן מיטאַרבעטער, אַ געוויסן נתן בערלין, וועלכער האָט מיר צוגעשיקט אַ קאָרעספּאָנדענץ פון ליעדז אין ענגלאַנד. אין לאָנדאָן גופא בין איך ביים דערשיינען פון דער ציימונג געשטאַנען בוכשטעבלאַך אַליין.

און טאָמער האָב איך אין דעם פּרט פון שרייבער ניט געהאַט גע־נוג נעגאַטיווע צרות, האָט מיר דער אויבערשטער צוגעשיקט פּאָ־זיטיווע. דאָס זיינען געווען די ניט־אַנערקענטע זשעניען, וועלכע דער „פּוילישער אידל" האָט, נאָך דער מיינונג פון די דאָזיקע זשע־ניען, געזאָלט אַנטפּלעקן און פאָרשטעלן פאַר דער וועלט.

מאַנוסקריפּטן זיינען מיר געבראַכט געוואָרן פון מענטשן, וועלכע האָבן קוים־קוים געקענט אונטערשרייבן זייערע נעמען. צווישן זיי איז געווען איינער, וואָס האָט ניט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ מענטש, וואָס האַלט זיך פאַר אַ סאָציאַליסט, קען זיך אָנט־זאָגן צו דרוקן אַ „ווערק" פון אַ פּראָלעטאַריער, פון אַן „אונטער־דריקטן אַרבעטער". אַן אַנדערער האָט געבראַכט אַן „אַרטיקעלע", וועלכן איך האָב געדאַרפט דרוקן, ווייל ער האָט איבער אים נעכט ניט געשלאָפן און דאָס דערפאַר, ווייל ער איז געבאָך אַן אָרימאַן, אַ בעל מטופל און בייטאָג לאָזט מען אים ניט שרייבן: דאָ שילט די ווייב, דאָ שרייען די קינדער. ווידער אַן אַנדערער איז געווען אַ שוחט און אַ מוהל, און האָט געוואָלט אַריינשמוגלען אַ „מאמר", אין וועלכן ער האָט זיך פשוט געוואָלט „אדווערטייזן", רעקלאַמע מאַכן פאַר זיין פּראָפעסיע.

עס איז געווען צרות ווי האָלץ!

***

גלייך אויף דער דריטער וואָך האָט שוין ניט געקענט זיין קיין שום ספק, אַז דער נאָמען „פּוילישער אידל" איז ניט קיין גרויסער

דערפאָלג אָלס אַן איינפאַל. מען האָט איינפאַך ניט פאַרשטאַנען, וואָס מיר מיינען דערמיט, און אַזוי ווי מען האָט געזעען, אַז מיר זיינען ניט פרום, אַז מיר רעדן ניט מיט גאָט ווי עס פּירט זיך ביי אידישע צייטונגען, האָט זיך ביי מענטשן אריינגע'גנב'עט אַ חשד, אַז דאָס לאַכן מיר אָפּ פון אידן. עס איז מעגלאַך, אַז אויך פאַר הייינטיקע לעזער וועט אַ דערקלערונג ניט איבעריק זיין, און איך וועל מיך אויף דעם דאָזיקן פּונקט אויף אַ ווייילינקע אָפּשטעלן.

דער נאָמען „פּוילישער אידל" איז געווען אַ פּראָטעסט.

אין די פאָריקע צוויי־דריי יאָר איז מיר, ווי די לעזער פון מיינע ערינערונגען ווייסן, אויסגעקומען זיך פיל צו מישן צווישן די ענגלישע און אנגליזירטע אידן. דער „כבוד" איז אויף מיר אַרויפגעדרונגען געוואָרן דורך דער מאַסנאויסוואַנדערונג פון רוס־לאַנד, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן נאָך די פּאָגראָמען פון די ער־שטע אַכציקער יאָרן. איך בין נעמלאַך געווען אַ גאַנצער שתדלן געגן מיין ווילן.

און, מישנדיק זיך צווישן די רייכע „ספרדים" און די איינגעבירגערטע, ניט ווייניקער רייכע, „אשכנזים", האָב איך, וואָס אַ יאָר מער, אַלץ שמערצלאַכער געפילט די טיפע פאַראַכטונג, וועל־כע זיי האָבן געהאַט פאַר אונז, „פּוילישע" אידן, אונטער „פּוילישע" ריכטיק פאַרשטייענדיק אַלע אידן, וואָס קומען פון רוסלאַנד. איך האָב אַלץ קלערער און דייטלאַכער געזעען, אַז מיר זיינען זיי מער ווי אַ דאָרן אין אויג ווי דעם ענגלענדער; אַז זיי פאַרשטייען אונז אפילו ניט מער ווי דער דורכשניטלאַכער ניט־איד פון בריטישער אָפּשטאַמונג; אַז זיי שעמען זיך מיט אונז ניט ווי מיט אָרימע קרובים, נאָר ווי מ'שעמט זיך מיט אַ מצורע, מיט אַן אויסוואורף אין דער פאַמיליע; אַז יעדער פּאָגראָם האָט פאַר זיי דעם הויפּט־שרעק, וואָס דריקט זיך אויס אין דעם אַנגסט־גע־שריי: „די פּאָליאַקן קומען!" און אַז זייער צדקה נעמט שטענדיק אָן די פאָרמע פון אָפּטרעט־געלט, געלט כדי פּטור צו ווערן פון אונז.

און אין דעם זעקסטן נומער פון דעם „פּוילישן אידל", אין דעם

לייט־ארטיקל: „ווער איז דער מיוחס?“, רייסט זיך ארויס אזא מין שטאָלץ־פיינלאכער אויסרוף:

„זיינען זיי (די אייראָפּעאישע אידן) ווירקלאך גרעסער פאר אונז, בעסער פאר אונז, מער מענטשן פאר אונז? אין איין פּרט יאָ, אין אַ סך אַנדערע פּרטים — ניט.

„עס איז אמת, זיי זיינען ריינלאכער פאר אונז, האָבן אַ גלאַטערע צינגל ווי מיר, אין זייערע הייזער איז דאָ מער אָרדע־נונג ווי ביי אונז; זיי האָבן אַ טאַשנטוך צום נאָז, אַ ווייסע העמד אויפן לייב און זייערע קינדער רופן זיי „פּאַפּאַ“ און „מאַמאַ“, אָנשטאָט „טאַטע“ און „מאַמע“. זייער שיין, זייער גוט! אין דעם פּרט זיינען זיי מיט אַ קאָפּ און אַ פּלייצע העכער פאר אונז.

„אָבער, ליבע לעזער, אַ ווייסע מאַנישקע באַווייזט נאָך ניט, אַז דאָס האַרץ איז ריין; שיין פאַרקעמטע האָר באַווייזן נאָך ניט, אַז דער קאָפּ דענקט. גלאַטע ריידעלאַך און פאַרנינפּטיקע דבורים זיינען אויך צוויי פאַרשידענע זאַכן. און ווען עס קומט דערצו, ווען עס קומט צום צייגן, ווער איז דער איד, וואָס דענקט מער, ווער איז דער איד, וואָס פאַרברענגט מער פון זיין לעבן אין רוחניות (כאָטש דאָס מעג זיך זיין אַ פּוסטע אַרט פון גייס־טיקן לעבן, אָבער דאָס איז וואָס אונטערשיידט דעם מענטשן פון דער בהמה!), ווער איז דער איד, וואָס פילט מער די צרות פון זיין פאָלק — ווען עס קומט דערצו, דאַן זאָגן מיר:

„דער פּוילישער אידל, געגן אַ וועלט!“

און מיט דעם דאָזיקן געפיל אין האַרצן האָט מען מיט זעקס־זיבן וואָכן פריער געהאַט באַשלאָסן די נייע צייטונג צו רופן „פּוי־לישער אידל“, אַלע ספרדים און אשכנזים אויף להכעיס.

לאָמיך דאָ גלייך זאָגן, אַז דער פאָראורטייל געגן דעם נאָמען

די

# צוקונפט

## איינע וועכענטליכע צייטונג

פיר פאליטיק, אונטערהלטונג און דיא געזאממטאינטערעסען דער יודען
אין אללע לענדער

הערויסגעגעבען
פאן
א. וו. ראבינאוויטש

רעדיזשירט
פאן
בן-נץ

ערשטער יאהרגאנג
לאנדאן 1884-5

---

E. W. RABINOWICZ & Co.
PRINTERS & PUBLISHERS
91 LEMAN STREFT E.
LONDON.
1885.

איז אין אונזערע אייגענע רייען אויף אזוי ווייט געוואקסן, אז מען האָט אים ענדלאך דאָך אויפגעגעבן. דער 16טער נומער איז שוין דערשינען אונטער דעם נאָמען „די צוקונפט".*) דערביי איז איבריקנס געווען אַן אנדער גרונד אויך.

*) די ענגליש־אידישע ענציקלאָפּעדיע, אין איר צעטל אידישע צייטונגען, רעכנט אויס אַלס רעדאַקטאָרן פון דער „צוקונפט": ווער־בער, ראַבינאָוויטש און (אָנשטאָט מאָריס ווינטשעווסקי) באָרים ווייג־סטאָן. דער לעצטער נאָמען האָט געהערט צו אַ לאָנדאָנער אַפּטייקער, וואָס האָט אַנאָנסירט זיין אפּטייק אין דער „צוקונפט". — ק. מ.



די ערשטע נומערן. — דער „פוילישער אידל" צו זיינע לע־
זער. — דער פעליעטאָן, קאַרטן און טעאַטער. — שטיפקינ־
דער. — מיין פראָגראַם. — קראַנץ. — אידיש. — אידישע
אחדות. — אונזערע אַריסטאָקראַטישע ברידער.

אויב דער קאַפּיטל זאָל אפילו אין זייער א באַשיידענעם גראַד
דערפילן זיין אויפגאַבע: צו געבן פיל־וויייניק מאַטעריאַל פאַר דער
קולטור־געשיכטע פון א טייל פון דעם אידישן פאָלק מיט א פערטל
יאָרהונדערט צוריק, וועל איך זיך מוזן גענוג לאַנג אויפהאַלטן
ביי די ערשטע עטלאכע נומערן. דער לעזער וועט אנטשולדיקן די
דיספּראָפּאָרציע, וועלכע ער וועט געפינען צווישן דעם קאָפּ מיט דעם
גוף פון דער אָפּהאַנדלונג. וויכטיק איז נאָך אַלעמען ניט אַזוי די
באַשרייבונג פון א צייטונג, ווי פון דעם פעריאָד, וואָס די צייטונג
אילוסטרירט און דערצו איז דער הויפּט־מאַטעריאַל פאַראַן גלייך
אין די ערשטע נומערן.



דער איינלייטענדער אַרטיקל „אַן די לעזער" איז עטוואס הו־
מאָריסטיש געהאַלטן. מען וויל צוקומען צום אידישן אַרבעטער
און מען האָט דערביי אין זין דאָס ענגלישע ווערטל, „אז מען כאַפּט
פליגן לייכטער מיט צוקער ווי מיט עסיק", הגם מען וויל חלילה ניט
אַריינכאַפּן די פליגן. דער הומאָר איז ניט אינגאַנצן אויסגעהאַלטן
און איז זיכער עטוואס פּריוואַל. איך קען ניט זאָגן, אז איך בין אין
דעם אויגנבליק זייער שטאָלץ אויף מיין ערשטן אַרויספאַר. כאַראַק־
טעריטישער טאָן. מען רעדט ניט מער צום לעזער מיט חניפות,

מ'זאָגט אים ניט מער צו הרים וגבעות, מ'באַרימט זיך ניט מיט דעם וואָס מען האָט ניט און מען וואַרפט זיך ניט אַרונטער. דאָס האָט מען געלערנט אין דער סאָציאַליסטישער שול, אַביסל אין דער מאָדערנער פּעריאָדישער ליטעראַטור. דער רעזולטאַט איז ניט ווערט־וויסט־וואָס, דאָס איז אמת, אָבער די צייטונג זעט שוין אויס אייראָפּייאיש און רעדט שוין ניט מער דעם לשון פון די ערשטע אידישע בלעטער.

אָבער נאָך כאַראַקטעריסטישער איז אָט־די שטעל אין דעם אַרטיקל:

„מיר באַטראַכטן דעם אידן פון דריי זייטן: אַלס מענטש, אַלס איד און אַלס אַרבעטער, אַזוי באַטראַכט אים אויך די וועלט. דערפאַר איז דער צוועק פון אונזער צייטונג אויך אַ דרייפאַכער. מיר וועלן ריידן צו אונזערע לעזער אַלס מענטשן און וועלן זיי באַנאַכריכטיקן פון אַלץ וואָס איז נוגע צום מענטשן צו ער איז אַ איד אָדער ניט; מיר וועלן דערציילן אונזערע לעזער אַלץ וואָס איז נוגע צו אידן אַליין, מחמת זיי זיינען אידן און מיר וועלן ריידן צו זיי פון אַלץ וואָס איז נוגע צו אַרבעט און אַרבעטער, ווייל מיר האָפן גישט אַז אונזערע רייכע ברידער וועלן לייענען דעם „פּוילישן אידל"... מיר וועלן זיין שטאָלץ, ווען די אידישע אַרבעטער וועלן אונזער צייטונג דערקענען פאַר זייער אייגענער צייטונג, ווען מיר האַלטען דעם נאָל, די נאָדל, דעם הובל און דעם האַמער פאַר גרעסערע מיוחסים ווי די שער וואָס שניידט קופּאָנעס. דעריבער האָבן מיר גלייך אויפן קאָפּ פון דער צייטונג געשטעלט דעם פּסוק: „יגיע כפיך כי תאכל, אשריך וטוב לך" (וועסטו עסן פון דער מי פון דיינע הענט, איז אַז וואויל איז דיר).

„און קומענדיק דערצו וואָס די צייטונג וועט נ י ט זיין, זאָגט דער לייטאַרטיקל צום שלום:

„זי וועט ניט זיין גאַטס סטראַפּטשע און אויך ניט ירבעם בן־נבט (חוטא ומחטיא את הרבים); זי וועט ניט לויבן פּערזאָנען, וועט ניט חנפ'ענען רייכע, ניט ריידן פון

מגידים, פון דרשות, פון רבנים און אַלע כלי־קודש. פּריוואַט
מענטשן וועט די צייטונג ניט טשעפּענען און זיי ניט לויבן,
וועט זיי ניט קושן דעם עלנבויגן און זיי ניט בייסן אין פּיאַטע.
די צייטונג וועט ניט שרייבן ניט פון מחלוקת אין קלויזן און ניט
פון רייכע חתונות"....

דער גאַנצער פּאַראַגראַף איז וויכטיק דערמיט, וואָס ער ניט אין אַ נעגאַטיווער פאָרם דעם דורכשניטלעכן אינהאַלט פון פרי־ערדיקע אידישע צייטונגען, וועלכע זיינען אין לאָנדאָן געוויינטלאַך געווען אויף קורצע יאָר. אויב איך האָב ניט קיין טעות, האָט דער פאַרנייענער פון „פּוילישן אידל", אַ זשאַרגאָן-צייטונג, ארויסגעגע־בען פון נפתלי הלוי,*) אויסגעהאַלטן דריי וואָכן. דאָס האָט מען ספּעציעל געהאַט אין אויג, שרייבנדיק דעם אַרטיקל צו די לעזער, וועלכער שליסט מיט די ווערטער:

„אַט אזא מין צייטונג וועט דאָס זיין; וועט איר שמירן וועט זי גיין, ווען ניט — ניט".

***

אָנגעפאַנגען האָבן מיר קליין. די ערשטע דריי נומערן זיינען ארויסגעקומען אויף פיר זייטן, קוואַרטאַ-פאָרמאַט, געטיילט אין צוויי שפּאַלטן. פון נומער פיר אָן איז די צייטונג פאַרגרעסערט געוואָרן פון 4 אויף 8 זייטן, בעת דער פּרייז איז געבליבן דער־זעלבער.

---

*) אין רייזענ'ס „לעקסיקאָן", 1914, ז. 709, איז אָנגעגעבן, אז נפתלי לעווי (הלוי) האָט אַרויסגעגעבן אַ „סאָציאַליסטישע" וואָכנשריפט אין יאָר 1878, אונטערן נאָמען „דער לאָנדאָנער איזראַעליט". זי איז אויך ניט געווען די ערשטע. עלף יאָר פריער, אין 1867, איז אַרויס די „לאָנדאָנער אידיש־דייטשע צייטונג", וועלכע ווערט באַטראַכט פאַר די ערשטע אידישע צייטונג אין די ענגליש־רײדנדיקע לענדער. אַז נפתלי הלוי'ס צייטונג האָט ניט געקאַנט זיין קיין סאָציאַליסטישע, דאַרף ניט באַוויזן ווערן דורך פאַקטן. — ק. מ.

פונדעסטוועגן האָט די צייטונג גלייך פון אָנהויב שוין געהאַט די פאָלגנדע אָפּטיילונגען:

1. א לייט־ארטיקל,
2. א פּאָליטישע איבערזיכט,
3. קאָרעספּאָנדענצן,
4. נייעס פון דער אידישער וועלט,
5. א פעליעטאָן און
6. א (אידישע) טעאטער רעצענזיע,

וועלכע זיינען שפּעטער פארמערט געוואָרן דורך אלערליי ארטיקלען פון א קריטישן אָדער פּאָזיטיוו־באַלערנדן כאראקטער.

און חוץ דער קאָרעספּאָנדענץ אין דעם ערשטן נומער האָב איך אלע אָפּטיילונגען געמוזט אליין אויספילן.

דער לייט־ארטיקל איז ארויסגעקומען שוואַך, דער פּאָליטישער איבערזיכט זייער קליין: איך האָב אָפּגע׳פּטר׳ט ענגלאנד, פראנקרייך, דייטשלאנד, האָלאנד און רוסלאנד אין א וואָסערע 25 שורות, צו 5 שורות אויף א מדינה.

צרות האָב איך געהאט מיטן פעליעטאָן. א גאנצע וואָך, גע־דיינקט איך, האָבן מיר — ראבינאָוויטש און איך — זיך געבראָכן א מוח, טראכטענדיק וואָס פאר א ראמאן צו געבן אונזערע לעזער. אָן איבערזעצטן האָט זיך ניט געוואָלט געבן און אַן אייגענער איז ניט געווען. אז איך בין ניט קיין נאָוועליסט האָב איך זיך שוין איבער־צייגט אין העברעאיש. איך האָב פונדעסטוועגן באַשלאָסן צו פּרו־בירן שרייבן ווען ניט א גרויסן ראמאַן יעדנפאלס א קורצע דער־ציילונג. א מענטש, איבערהויפּט א איד דאַרף אלץ אויספּרובירן, אפשר... א קשיא אויף א מעשה.

אזא קורצע דערציילונג איז ווירקלאך אויפגעשריבן געוואָרן, אָבער ניט אין צייט צו קענען אָנפאנגען זיך דרוקן אין דעם ערשטן נומער. פאר דעם האָט מען זיך געמוזט באהעלפן מיט א קורצע הומאָריסטישע שטיקל ארבעט אונטערגעשריבן „יגלי“, אונטער דעם קעפּל „וואָלט איר געגלויבט?“

זייער גערעטן איז עס ניט געווען נאָר איין פּאראגראף, נעמ-לאך —

„וואָלט איר געגלויבט, אז עס האָט נאָך קיינמאָל ניט געטראָפן, אז צו א לאָנדאָנער אידן מיט א פאמיליע זאָל קומען מיט אמאָל א ווייב פון פוילן?" איז געוואָרן מיט א וואך שפּעטער דער ווינקל-שטיין פון „שפּרינצע, נעבאך!" די נאָר וואָס דערמאָנטע קורצע ערציילונג אָדער ווי זי האָט געהייסן אין דעם סאָב־קעפּל: „א שיי-נע מעשה מיט א מיאוסן סוף", וועלכע האָט זיך געצויגן, אין קורצע פאָרטזעצונגען, דורך אכט נומערן.

דער ארט מיסברויך פון די „פרייע מדינה" פּלעגט דאן זייער אָפט פארקומען און אזוי ווי דאס איז געווען א גרויסער חילול השם פאר אונזערע אידן, ספּעציעל צווישן די ספרדים און אשכנזים, האָב איך זיך דערצו גענומען מיט גרוים הארץ.

ניט ווייניקער אויפגעבראכטקייט פּלעגט ביי מיר ארויס-רופן דער קאָרטנשפּיל ביי אידישע ארבעטער, וועלכע האָט געהאט דערגרייכט די מדרגה פון א פאמיליענפאטערס פארשפּילן א גאנצע וואך שכירות שבת-צו־נאכט אין ערגעץ אין א רעסטאָראן מיט א הינטערצימער. דאָס האָב איך שפּעטער (אין נום. 4) אָנגעגריפן אין א טענדענציעזן געדיכט „צוויי געסלאך", איינעם פון מיינע ערשטע אין אידיש.

דאָ, אָבער, אין דעם ערשטן נומער בין איך ארויסגעטראָטן דאַ־נעגן אויף דעם פאלגענדן אופן.

איך האָב געדארפט שרייבן א רעצענזיע וועגן דעם אידישן טעאטער. די פּיעסע, וועלכע איך האָב געהאט געזען, האָט מיך ניט איבריגס ענטוזיאזמירט און גלייך אין ערשטן נומער די ארעמע אידישע בינע ארונטעררייסן האָט זיך אויך ניט געוואָלט. האָב איך מיט זיך אַליין געמאכט אזא מין קאָמפּראָמיס:

שרייבן וועל איך אן אַלגעמיינעם ארטיקל, אין וועלכן איך וועל ריידן פון דעם טעאטער אונזערן פון דעם שטאנדפּונקט פון א נעג-נער צו אָקע. דאָס האָב איך געטאָן און אָט איז א פּאראגראף, וועל-כען איך וועל דאָ ציטירן הויפּטזאכלאך דערפאר, ווייל ער האָט א

שטיקעלע ווערט אלס א קורץ־געפאסטער בייטראג צו דער „נאטור־געשיכטע“ פון דער אידישער בינע:

„...פאר צוויי יאָרן האָט זיך היר (אין לאָנדאָן) געביל־דעט א קליינעטשקע טרופּעלע פון שלעכטינקע אקטיאָרעלאך (מיט איינעם אָדער צוויי רעכטע) און זיי האָבן אויף א פּראָס־טינקע בינעלע ניט גוט ד ע ר ז ו נ ג ע ן, וואָס זיי האָבן שלעכט ד ע ר ר ע ד ט. איך בין א פּאָר מאָל דאָרטן געוועזן, געזען, געהערט, געשוויצט און געקראָגן קאטער. דאָס שפּילן האָט מיר ניט געפעלן, דאָס זינגען האָב איך ניט פארשטאנען, דער שוויים האָט מיר דאָקוטשעט... עס איז (דאָרטן) געוועזן א מחלוקה, פון דער מחלוקה איז געוואָרן א געשלעג, פון דעם געשלעג זיינען ארויסגעקומען עטלאכע „בלויע אויגן“. איך האָב נאָך א האָר אָנגעהויבן זידלען די גאנצע מאכעריי — ווען איך האָב מיט אמאָל דערהערט א ב ת ־ ק ו ל וואָס האָט אויסגערופן: א ל ץ ב ע ס ע ר ו ו י א ָ ק ע ! און איך האָב געשוויגן...“

***

די קאָרעספּאָנדענץ פון ליעדז האָט זיך באשעפטיקט מיט אר־בעטער אָנגעלעגנהייטן און איז געווען זייער לעבהאפט אויפגעשרי־בען. עס איז זעלבסטפארשטענדלאך, אז איר גראמאטיק האָט מיר געקאָסט א פּאָר שטונדן ערלאך פארדינטן שלאָף. זי איז געווען א לאנגע און האָט זיך געענדיקט ערשט אין דעם צווייטן נומער. דער שרייבער, דאמאלסט א שיין־געבויטער, נאָך א יונגער־מאן, איז שוין טויט. ער איז געשטאָרבן דא אין אמעריקע. זיין נאָמען, ווי די לעזער ווייסן שוין, איז געווען נתן בערלין. ער איז געווען פון ליבערמאנס תלמידים און, ווי מען זעט, מיין ערשטער מיטארבע־טער.

פון דעם ערשטן נומער וואלט איך אויך גערן ציטירן א שטי־קעלע „נייעס פון דער אידישער וועלט“. אָט איז עס:

„אין אלזשיר (נאָרד־אפריקע) וואס געהערט צו פראנק־רייך האָט מען דא ניט לאנג אונזערע אידעלאך איך געוואָלט אן אָדער עפּענען. דריי טעג נאָכאנאנד האָבן זיי ניט געטאָרט אויפן גאס ארויסגיין. איי, האָט דאָס שטיפקינד, נעבאך, צרות אומעטום!"

איך געדיינק שוין איצט ניט גענוי, אָבער איך גלויב, אז דער קרעכץ איז געווען דער לייט-מאָטיוו צו אן ארטיקל אין דעם צווייטען נומער אונטערן נאָמען „שטיפקינדער אין דער וועלט". *)

אָט־דער ארטיקל פון איין זייט און א שילדערונג, מער אָדער ווייניקער היסטאָריש, געשריבן פון א אידישן ארבעטער אייזיק סטאון, פון דער אנדערער זייט, האָבן דעם „פוילישן אידל" גלייך פון אָנהויב אָן געגעבן זיין פיזיאָנאָמיע. איך וועל פארלויפיק לאזן אָן א זייט זיין סאציאל־עקאָנאָמישן כאראקטער, ווי אויך די „בילדענדע לייסטונגען", אזוי ווייט ווי זיי זעען זיך אין די ערשטע נומערן, און וועל דא קלאר מאכן דעם אידישן פראגראם פון דער צייטונג.

און א פּראָגראַם, ווען אויך ניט א געשריבענעם, האָט זי געהאָט. דאס איז טיילווייז אָנגעדייטעט געוואָרן אין דעם ציטירטן ארטיקל „צו די לעזער" (נומ. 1) אָבער איך קען דאס איצט אביסעלע אויספירלאכער באשפּרעכן.

דער פּראגראם איז געווען:

1) זיך אָפּרופנדיק אויף אַלץ וואס קומט פאר אין דער אידישער וועלט סיי לשבח, סיי לחסד, זיך ניט צו שעמען מיט דעם ארויסווייזן א ווארעם, אידיש הארץ, איבערהויפּט זיך ניט שעמען מיט דער שפּראך.

2) האָבנדיק שטענדיק אין אויג, אז די אָרעמע און די רייכע

*) זע אויך וועגן דעם אין בוך „וואָס מיר פעלט", באנד 7, זייט 57.

זיינען, ווי בנימין דיזראַעלי האָט שוין געזאָגט, צוויי נאַציעס אין יעדער מדינה, אַלזאָ אויך אין יעדער נאַציע, ניט צולאָזן די יודענ־ליבע זיין אַ שטער צו דער פאַרשטענדעניס, אַז צוליב דער קנאה צו די רייכע קריגן געשלאָגן די אָרעמע.

3) צו באַקעמפן די אַראָגאַנטע (גאוה׳דיקע), פון אינוועייניק פוסטע און פאַרפוילטע, הגם פון דרויסן גלאַנציקע און שיין געפאַרב־טע „וועסט־אייראָפּעאישע־אידן"; זיי ווייזנדיק ניט נאָר ווער זיי זיינען, נאָר אויך ווער מיר זיינען.

4) צו ווייזן, אַז מען קען זיין אַ איד אפילו ווען מען האָט פון זיך אין גאַנצן אויסגעטאָן דעם עול התורה.

איינג פאַרבונדן דערמיט זיינען נאַטירלאַך צוגעקומען די פאָלגענדע פונקטן פון דעם סאָציאַלן פּראָגראַם:

5) קיינמאָל ניט צו פאַרגעסן, אַז אידן זיינען געטיילט ניט נאָר אין אָרימע און רייכע, נאָר אויך אין אַרבעטער און קאַפּיטאַ־ליסטן און דאָרום —

6) צו באַקעמפן די אידישע מייסטער אין דעם אינטערעס פון זייערע „הענט" און צו וועקן ביי די לעצטע דעם קלאַסנבאַ־וואוסטזיין.

ווי געזאָגט וועלן מיר פאַרלויפיק פונקט 5 און 6 לאָזן אונבאַ־ריהרט, כדי דייטלאַכער ארויסצוברייגגען די אידיש־נאַציאָנאַלע פונקטן.

און דאָ דאַרף מען נאָר בלעטערן אין דעם ערשטן צענדליק נו־מערן, אום צו זען, אַז די אידישקייט פון דער נייער צייטונג האָט גע־האַט אומגעפער אַזאַ פּנים:

זי איז אידיש־נאַציאָנאַל, הגם ניט רעליגיעז;

זי איז אידיש, אָבער זי בלייבט אויף דעם שטאַנדפּונקט פונם קלאַסנקאַמף;

זי איז אידיש, אָבער זי באַקעמפט די אידישקייט פון די ספרדים און אשכנזים, אַזוי ווייט ווי עס איז אַנטאַגאָניסטיש צו דעם פּוילישן אידן;

זיי איז אידיש, אָבער ניט פיינטלאַך צו אַלץ, וואָס איז ניט־אידיש.

און דאָ, איידער איך גיי ווייטער, לאָמיך נאָטירן אַ קלייניקייט, וועלכע האָט שפּעטער געהאַט באַדייטענדע פאָלגן אין דעם אידישן זשורנאַליזם צוערשט אין ענגלאַנד, דאַן אין אַמעריקע. צום ענין האָט דאָס ניט.

נאָך איידער דער „פּוילישער אידל“ איז געגרינדעט געוואָרן איז אין לאָנדאָן אָנגעקומען פיליפּ קראַנץ (יעקב ראָמבראָ). ער האָט שוין דאַן געהאַט אַ נאָמען אַלס קאָרעספּאָנדענט פונם „ראַז־סוויעט“, ווי אויך פון דעם „וואָסכאָד“, און אַזוי ווי מיר זיינען גלייך באַקאַנט געוואָרן, בין איך צו אים צוגעשטאַנען ער זאָל עט־וואָס אויפשרייבן פאַרן „פּוילישן אידל“. ער האָט זיך אַנטשול־דיקט דערמיט, וואָס ער האָט פריער קיינמאָל ניט געהאַט געשריבן קיין אידיש, אָבער איך האָב פון קיין תירוצים ניט געוואָלט הערן און ער האָט מיר צום צווייטן נומער געגעבן אַן אַרטיקל אין דער פאָרם פון אַ קאָרעספּאָנדענץ פון רוסלאַנד, וואו ער האָט גערעדט וועגן די פּאָגראָמען בכלל און די אומרוען אין ניזשני־נאָווגאָראָד בפרט.

איך געדענק נאָך ווי היינט, אַז איך בין אָפּגעזעסן פולע פיר שטונדן איבער זיין פאַרהעלטנישמעסיק־קורצן אַרטיקל. עס איז דערין כמעט אַ שורה אַ גאַנצע ניט געווען, די שרייבעריי האָט פון אָנהויב ביזן אויסלאָז דעראינערט אָן אַ גוי, וואָס רעדט אידיש. ענדלאַך איז די אַרבעט געווען צו־ענד און איז דערשינען אין דרוק — אין נומ. 2 און 3. אין נומ. 7 און 8 איז דער זעלביקער געגנ־שטאַנד ווייטער באַהאַנדעלט געוואָרן און מער האָט ער ניט גע־שריבן, מער האָב איך ניט געבעטן: מיר האָבן ביידע געדאַרפט אַ יאָר רו נאָך יענער הערקולעס אַרבעט. דער אַרטיקל איז אָבער געווען קראַנצ'עס דעביוט אַלס אידישער שרייבער און מיט אַ יאָר שפּעטער האָבן מיר אים געמאַכט פאַר דעם רעדאַקטאָר פונם „אַר־בעטער־פריינד“, און פון יענער צייט אָן האָט ער געשריבן כמעט אויסשליסלאַך אידיש, רעדיגירינדיק פאַרשידענע צייטונגען און

פארפאסנדיק ניצלאכע ביכער, אונטער אנדערע א „קולטור־געשיכ־טע“ אין אידיש.

אין דעם משך פון די 25 יאר האט זיך געמאכט מער ווי איין סכסוך צווישן אונזביידן, און ער האט מיך אפט באקעמפט מיט דער וואפע, וועלכע איך האב דער ערשטער אים געהאלפן שמידן. איך האב קיין חרטה ניט.

***

אין דעם גייסט פון דעם אויבנדערמאנטן „פראגראם“ איז אין דעם דריטן נומער דערשינען א לייט־ארטיקל „אידיש“.

ארויסגערופן געווארן איז ער דורך א דערהאלטענעם בריוו, אין וועלכן מען האט מיך „געהעריק אפגעקאנצלט“—ווי די טייטשן זאגן—פאר מיין נעמען זיך צו פאראייביקן אזא ווילדע זאך ווי דעם אידישן זשארגאן. דער פארוואורף איז דערצו נאך געקומען פון א יוגנט־פריינד מיטן נאמען מארקוסזאן, מיט וועלכן צוזאמען איך און נאך צוויי אנדערע יונגע לייט האבן, אין 1876, זיך גע־נומען צו גרינדן א האנדווערקער־שול אין קאוונא.

און מיין ארטיקל איז ארויסגעקומען שארף, כמעט ליידנ־שאפטלאך. ער האט געהאט א פאעטישן כאראקטער, ציטירן וועל איך פון אים די פאלגנדיקע שטעלע:

„דער זשארגאן איז אקוראט אזא לשון ווי יעדער אנדערער. די וואס רעדן אים—און זיי זיינען אפשר אזוי פיל אין צאל ווי די וואס רעדן פלעמיש, דעניש, נארוועגיש, ליטוויש, ניי־גריכיש, סערביש א. א. וו.—באנוצן זייער שפראך, ווי אלע אנדערע מענטשן, צום רעדן און שרייבן.

„דער לשון איז צוזאמענגעמישט פון אלערליי שפראכן? גאנץ ריכטיק, אבער וואס מכח ענגליש? דער זשארגאן האט ניט קיין גראמאטיק, זאגט איר? מען קען (אויף אידיש) זאגן ד י מעסער, ד א ס מעסער און ד ע ר מעסער? אמת! אבער, ערשטנס, וואס איז דאס פאר אן אומגליק; און, צווייטנס, וואס מכח אייער אייגענע ענגליש?

„נאך אמאל שרייט איר, אז זשארגאן טויג ניט, ווייל ער

האָט קיין ליטעראַטור ניט... זענט איר גערעכט. דאָס זאָגן מיר אַליין און דאָס דאַרף אַ אידישע צייטונג, גלויבן מיר, אידן געבן צו פאַרשטיין. געפעלט אייך אָבער דער לשון גופא ניט—זענט איר אומגערעכט. ווער עס וויל מען זאָל ניט דערקענען, אַז ער איז אַ איד, האָט נאָר איין מיטל פאַר זיך: זיך אַריבער־צוקרוישקען אויף דער לבנה".

אַן אַנדער לייט-אַרטיקל אין נומער 5 האָט דיסקוטירט „אי־דישע אחדות".

די גרונד־אידייע איז, אַז ביי אונז אידן איז סיין אמת'ע נאַ־ציאָנאַלע סאָלידאַריטעט ניטאָ; אַז מיר האָבן די אחדות, וועלכע מען געפינט ביי סעקטן און פאַרטייען, אָבער ניט די אחדות פון פעלקער.

„מיר האָבן די אחדות, וואָס מען קען זען ביי די סטאַראָ־ווערעס אין רוסלאַנד, ביי חסידים אין פריערדיקע צייטן, ביי געהיימע געזעלשאַפטן; אָבער ניט די אחדות, וועלכע מען קען געפינען ביי אירלענדער, פּאָליאַקן און אַנדערע אונטערדריקטע נאַציעס. זיי פאַראייניקן זיך, כדי צו דערגרייכן אַ ציל; מיר פאַראייניקן זיך, כדי איינער דעם אַנדערן זאָל העלפן אין אַ צרה. דעריבער דויערט זייער אחדות כל־זמן זיי בלייבן אין זייער לאַגע, דעריבער ווערן מיר—אידן פון איין מדינה פאַר אידן פון אַן אַנדער מדינה—פרעמדע אַזוי גיך ווי די צרה איז אַוועק.

„לאָמיר רעדן קלאָר.

„למשל, מען האָט מיט אַ דריי־פיר יאָר צוריק אַ שלאָג געטאָן די אידן אין רוסלאַנד. די אידישע דייטשן, פראַנצויזן און ענגלענדער (און הויפּטזאַכלאַך ענגלענדער) האָבן זיך אַ הויב געטאָן און האָבן אַ שיין ביסל געלט צוזאַמענגעמאַכט. זיי האָבן זיך דערמאָנט, אַז די אידעלאַך פון רוסלאַנד און פּוילן זיינען שטיקלאַך קרובים מיט זיי און האָבן געזאָגט: „לאָמיר עטוואָס פאַר זיי טאָן" און האָבן געטאָן. דערפאַר קומט זיי אַ

דאנק. אָבער די זעלביקע אידן,—די דאָזיקע איי־
דישע ענגלענדער, אַמעריקאַנער און פראַנצויזן (!) האָבן ביי
זיך אין הארצן דעם רוסישן אידן ניט מער ליב ווי דעם רוס דער
ענגלענדער, למשל, אפשר נאָך ווייניקער.. מיט א יאָר פריער
וואָלט מאַנכער פון זיי זיך פילייכט געשעמט דערמיט, וואָס זיין
עלטערזיידע איז געווען א „פּאָלאַק".

דער פראָטעסט נעגן דער סופּעריאָריטעט פון די וועסט־איי־
ראָפּעאישע אידן איז אַם שטאַרקסטן אויסגעדריקט געוואָרן אין
דעם פריער־ציטירטן לייט־ארטיקל פון נום. 6: „ווער איז דער
מיוחס?"



אנטיסעמיטיש. — קליינע וואָלקנס אויפ'ן בריטישן הימל. — די בריטן מדת משה. — אַלאַרמיזם אין דער ענגלישער פרעסע. — מומים אויף אונזער אייגענעם גוף. — שיר־המעלות'ן און שרפות. — ראַסנהאַס און עקספּלואַטאַציע. — „לאָזט אים גיין דעם יאָר דעם אַלטן".

ווען אין דעם אַרטיקל „שטיפקינדער אין דער וועלט" איז גע־זאָגט געוואָרן, אַז דער „אידעלע אין ענגלאַנד און אין פראַנקרייך" איז פיליכט אויך ניט מער ווי אַ שטיפקינד, האָבן קלוגע, רואיקע, קאַלט־בלוטיקע בירגער פון דעם אידישן קוואַרטאַל אין לאָנדאָן דעם שרייבער דערקלערט פאַר אַן אַלאַרמיסט, אַ מין ירמיה, וואָס קען נאָר נביאות זאָגן אויף שלעכטס און זעט דערצו נאָך אַלץ דורך סאָציאַליסטישע, שוואַרצע שפּאַקולן.

עס האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט און עס האָט אויסגעבראָכן אין פראַנקרייך אַן אַנטיסעמיטיזם, פאַר וועלכן שטעקער'ס האָט אויסגעזען בלייך, פאַרבלאַז און מילד. דער געשריי "Conspues les juis!" (שפּייט אויף די אידן!) האָט געמאַכט דעם איינדרוק, אַזוי ווי ער וואָלט ווירקלאַך געווען באַגלייט פון אַ גאַל־שפּייענ־דיקן וואולקאַן, וואָס זיין העלישע לאַווא האָט איר אורשפּרונג אין די נידעריקסטע טיפענישן פון דעם פראַנצויזישן כאַראַקטער.

אָבער אפילו אין ענגלאַנד איז שוין דאָ, אין דעם יאָר 1884, געווען מעגלאַך צו זען אַן אָנהויב פון אַן אנטי־אידישער באַוועגונג. אָבער ניט פאַר דער אַנגלאָ־אידישער פרעסע. איר עסק איז געווען אַלץ צו פאַרגלעטן, יעדן סימפּטאָם צו פאַרטושן, אָדער אַזוי אויס־צולייגן, אַז דער פירוש דערפון זאָל זיין: שלום, שלום! אידן, אַלץ איז אָל־רייט! יעדער צו זיין קרעמל און גוט געלייזט!...

דער „פוילישער אידל״ איז געווען צו קליין, צו „פאַריין״ (אויסלענדיש), צו יונג, אז אימיצער זאָל אין יענע קרייזן פון אים נעמען נאָטיץ. ער אָבער האָט דורך דעם גאַנצן ערשטן יאָר פון זיין עקזיסטענץ געהאַלטן אין איין וואָרענען געגן דער אַנטיסעמי־טישער געפאַר.

און געזאָגט מוז דאָ ווערן, אפילו ריזיקירנדיק, אז מען זאָל דאָס האַלטן פאַר באַרימעריי, אז מיר האָבן בעסער פאַרשטאַנען די מעגלאַכקייט פונם אויסברוך, האָבן קלאָרער געזען, פון וועלכער זייט ער קען קומען און האָבן אַזוי ווי אינסטינקטיוו געטראָפן, וואָס מען דאַרף טאָן „לקדם פני הרעה״. דאָס אַלעס דורכאויס ניט דער־פאַר, ווייל מיר זיינען געווען פאַרנינפטיקער, קלאָרזיכטיקער און קלאָרער אין אונזער פאַרמאַקאָפּיע פאַר עפּידעמישע סאָציאַלע קראַנקהייטן. געוויס ניט! אונז האָט דאָ איינפאַך געדינט, ערשטנס, די רוסיש-אידישע אָפּשטאַמונג; צווייטנס, טאַקע די סאָציאַליסטישע שפּאַקולן.

לאָמיך דאָס דערקלערן.

מיר האָבן, אפילו זייענדיק אין ענגלאַנד, די פּאָגראָמען אין יעליסאַוועטגראַד, אין סמילע, אין קיעוו, אין יעקאַטערינאָסלאַוו, אין באַלטאַ און אַנדערשוואו דורכגעלעבט, מיטגעמאַכט און מיט־געליטן. דערפאַר האָבן מיר פּונקט אַזוי געפילט אין אַלע ביינער דעם קומענדיקן קדחת־אָנפאַל. ווי אַ מענטש מיט רעומאַטיזם אין זיין קערפּער פילט דעם קומענדיקן רעגן-שטורם — האָבן מיר אים געפילט אין ענגלאַנד, בעת די איינגעבוירענע האָבן אָפּגעשטימט אַ לויב-געזאַנג פאַרן חסד, דורך וועלכן ערגעץ אַ גביר איז געוואָרן אַ באַראָנעט, אָדער אַ „ריטער״, מיטן ענטל „סער״ צו זיין נאָמען, און ווער רעדט נאָר ווען, פון גלעדסטאָנ׳ס גנאדן, איז באַשאַפן גע־וואָרן (אין 1885) דער ערשטער לאָרד אין דער פּערזאָן פון נאַ-טאַניעל מאיר ראָטשילד,—דער ערשטער לאָרד מזרע היהודים.

אָבער ניט נאָר האָבן מיר געפילט אינסטינקטיוו, מיר האָבן אויך פאַרשטאַנען, אז דער אַנטיסעמיטיזם וועט, יעדנפאַלס קען, קומען אין ענגלאַנד ניט, ווי אין דייטשלאַנד—פריער—פון דעם

מיטל־קלאַס מיט זיינע קרעמערס, אדוואָקאַטן און דאָקטוירים; ניט ווי אין פראַנקרייך—שפּעטער—פון דעם קאַטוילישן אדעל, וועלכער איז אין פראַזאַאישע דעמאָקראַטישע צייטן „פּאַרזונקען" אין די „הויכע" פינאַנץ, נאָר פון דעם ארבעטער־קלאַס.

די מעגלאַכקייט פון געפאַר פון דער דאָזיקער זייט האָבן, דאָס איז אמת, אויך די „אידישע בריטן" געזען. אויך אינסטינק־טיוו, דורך זייער נאַטירלאַכן, „געוואוינהייטס-מעסיקן" חשד געגן דעם המון, געגן דעם פּראָסטן פאָלק. אָט בושעוועט ער זיך, אַ שטייגער, פאַנאַנדער און עס פליען שויבן פון פענסטער און פעדערן פון פּערינעס! אז דאָס פאָלק, דאָס ארבעטער־פאָלק, איז צופרידן, ווען מען לאָזט אים נאָר לעבן, גלויבן זיי ניט. זיי ווייסן אויך ניט, וואָס אַ סאָציאַליסט ווייסט, אז אין אַ לאַנד ווי ענגלאַנד, וואו אַ גרויסער טייל פונם ארבעטער-קלאַס איז גוט אָרגאַניזירט, איז פון איין זייט די געפאַר פון אומרועז געגן פרעמדע קלענער; פון דער אנדערער זייט, איז אזא געפאַר אָבער מעגלאַך און ווארשיינ־לאַך דאָרטן, וואו דער פרעמדער ווייזט זיך ארויס אומפייאיק זיך צו אָרגאַניזירן.

און דאָ זיינען שוין געגעבן די מעטאָדן, וועלכע די בריטן מדת משה און די אידישע סאָציאַליסטן וועלן אָן פיל דבורים אָנ־ווענדן.

יענע, זעענדיק גרויסע מאַסן „פּאָליאַקן", וואָס קומען אָן אין לאַנד, וועלן מיט אַלע קרעפטן זוכן זיי ווייטער צו שיקן, אוועק־צושיקן—קיין צפון־אַמעריקע, קיין אויסטראַליען, קיין דרום-אפרי־קע, אין האָצע־פּלאָצע, צום סמבטיון, ווי עס איז, וואו עס איז— נאָר פטור ווערן!

מיר דאַגעגן, וועלן פריער וואָרענען געגן אימיגרירן אין אזעל־כע געדיכט־באַזעצטע לענדער ווי אַלט־ענגלאַנד; דאַן אָבער, ווען מענטשן קומען פאָרט, וועלן מיר זיי אָרגאַניזירן אזוי ווייט ווי מעגלאַך, כדי זיי זאָלן ניט אראָפּזעצן דעם ארבעטס־לוין דורך קליינע שכירות און לאַנגע ארבעטס־שטונדן.

און דאַן נאָך עטוואָס.

מיר, זייענדיק אביסעלע אויפגעקלערטער אין עניני קאפיטאל־און-ארבעט, און קומענדיק אין בארירונג וויניקסטנס מיט דעם אויפגעקלערטן טייל פון דעם ענגלישן ארבעטער־קלאס, קענען אים געבן צו פארשטיין, אז פאר אים, ניט האבנדיק קיין שוץ־צאל, איז כדאי'ער, אז דער ווארשעווער קאמאשנמאכער זאל קומען קיין נארטהעמפטאן, ווייל דא וועט ער דארפן מער צו לעבן און וועט ניט קענען ארבעטן אזוי ביליק—אפילו ווען ער זאל וועלן— ווי בלייבנדיק אין ווארשע, שוין גאר ניט רעדנדיק דערפון, וואס אין נארטהעמפטאן וועט ער לייכטער זיך ארגאניזירן.

פראסט! און—איבערפראזירנדיק היינריך היינע—זינגט זיך ארויס:

„דאס האט מיט זיינער לערע
דער אלטער מארקס געטאן."

אזוי אז פאר בארימעריי בלייבט פשוט קיין ארט ניט.

***

אבער מען האט דעם „פוילישן אידל" גערופן ניט נאר „אלאר־מיסטיש", זאנדערן אויך—לאכט ניט!—אנטיסעמיטיש.

אונז האט זיך נעמלאך געדאכט, אז מען דארף זיך ניט באנוגענען מיטן ארגאניזירן דעם אידישן ארבעטער. מיר האבן געגלויבט, אז עס איז אונזער חוב אויך צו זאגן דעם אמת, „פארצו־האלטן א שפיגל", דעם אידישן מיטל־קלאס. מיר האבן דאס געטאן און... איר פארשטייט דעם רעשט: אנטיסעמיטן!

אפגעשראקן האט דאס אונז ניט. מיר האבן באנוצט יעדע געלעגנהייט —

צו ווייזן די מעגלאכקייט פון אן אנטיסעמיטישן אויסברוך אפילו אין ענגלאנד;

צו ווייזן ווי אזוי דער אידנהאס קען ארויסגערופן ווערן ספע־ציעל דורך דער פירונג פון דעם קרעמער־און־הענדלער־קלאס און—

צו פרובירן ארגאניזירן פראפעסיאנעל (אין יוניאנס) די אי־דישע ארבעטער.

לאמיר זען, צי קענען מיר ניט געבן דעם לעזער פונם היינ־

טיקן דור אַ באַגריף פון יענער טעטיקייט, לאָזנדיק, וואו־נאָר פּראַק-טיש, דעם „פּוילישן אידל" רעדן פאַר זיך אליין.

מיר וועלן מוזן נעמען די ערשטע צוויי פּונקטן צוערשט און וואַרשיינלאַך צוזאַמען.

אין דעם פינפטן נומער געפינט זיך צווישן די „נייעס פון דער אידישער וועלט" אַ קליינע נאָטיץ, וועלכע צייגט, אַז מען האָט פון אָנהויב געזוכט צו פּאַרטייטשן אַנטי-אידישע דערשיינונגען אין „אַלאַרמיסטישע" פּירושים. די דאָזיקע נאָטיץ איז ווערט צו ציי־טירן צוליב אַ זייטיקן גרונד, ווי מען וועט באַלד זען:

„פון ניו יאָרק הערט מען, אַז עס זיינען ווידער צוואַנציג אידישע פאַמיליען, וואָס זיינען געקומען פון רומעניען נאָך אַמעריקע, צוריקגעשיקט געוואָרן. דער רייכער יאַנקי, וואָס נעלט איז זיין גאָט און „קאַטאָן"—זיין קעניג, וויל קיין אָרימע צו זיך ניט נעמען. אַ מכנים אורח איז ער, נאָר ער האָט האָלד רייכע אורחים".

דאָס איז געשריבן געוואָרן אין 1884. אָבער עס קלינגט, ספּעציעל אין דעם דאָזיקן אויגנבליק, ווי אַ נאָטיץ פון 1909.

אַ מער „אַלאַרמיסטישן" כאַראַקטער טראָגט דער לייט־אַר-טיקל אין נומער 11 אונטער דעם קעפּל: „קליינע וואָלקנס אויפן הימל".

נאָך אַ קורצער איינלייטונג, וואו עס ווערט פאַרגליכן אַ פאַרצערטלטער בן־יחיד מיט איינעם, וואָס איז אויפגעוואַקסן אונ-טער קלעפּ ביי אַ שטיפמאַמען, הייסט עס דאָרטן:

„ווער עס איז אָפט געשלאָגן געוואָרן און האָט פיל געליטן, דער פאַרשטייט געוויינלאַך בעסער די פּ אַ ר ג אַ נ ג ע נ-ה י י ט, זעט קלאָרער די נ ע נ ע נ וו אַ ר ט און דאַנה'ט מער פאַר דער צ ו ק ו נ פ ט. דאָס אַלץ וועט מען אויך גע-פינען, ווען מען באַטראַכט אַ פאָלק.

„ווי קומט עס דען, וואָס מיר אידן האָבן פון אונזערע צרות אַזוי ווייניק נוצן געצויגן? ווי קומט עס, אַז אונזערע קלעפּ האָבן אונז ניט פאַרזיכטיקער, באַדעכטיקער, פאַר דער קומענ-

דיקער צייט באזארגטער געמאכט? און דאך איז דאס אמת. ביז מיר קריגן ניט געשלאגן, פארשטייען מיר ניט, אז קלעפ קענען קומען... און ווען די שפייז איז געשמאק, קלערן מיר ניט, צי קען דערפון קומען לייבשמערצן אדער ניט".

עס ווערט דאן געשילדערט די רעכטלאזע לאגע פון אידן אין ענגלאנד, וואו פארן געזעץ זיינען זיי מיט אלעמען גלייך, אבער—

„ווי שטייט עס מיטן פאלק? האלט אים דאס פאלק אויך מיט אלעמען גלייך? זאגט דאס פאלק אויך, אז א איד איז אזוי גוט ווי א קריסט? ל י ב ט דאס פאלק דעם אידן? מיר מוזן זאגן: ניין!

„פרובירט, גייט ארויס א שבת נאכמיטאג אין ווייטשעפל, שטעלט זיך אן א זייט, אין א ווינקל, וואו אייניקע ענגלישע ארבעטער שטייען מיט די פיפקעס אין מויל, און איר וועט הערן יעדעסמאל, ווען א איד גייט פארביי, דעם ליבן צורוף „בלאדי דזשו". קומט דאס פון ליבע?

„אין בריק-ליין זיינען אפט צו זען אין דער זעלביקער צייט אויסגעפוצטע אידענעס, טיידלאך מיט גאלדענע קייטן און פינגערלאך, זיצנדיק בהרחבה אויפן גאס. באטראכט די אויגן פון די ענגלענדער, וואס גייען פארביי, און זעט, אויב אין יעדן בליק זיינען ניטא א האלב-טוץ פאגראמען.

„ווען איר גייט זוכן א הויז צו דינגען, וועט איר טרעפן פילע, וואס פרעגן אויב איר זענט א איד, און ווען איר ענט־פערט: „יא", וועלן זיי אייך גאר פשוט ניט פארדינגען. וואס מכח דעם?

„ווען איר ווילט פארזיכערן אייער הויז (פון פייער) און דער אגענט זאגט: „אידישע הייזער נעמט אונזער געזעלשאפט אין אסעקוראנץ ניט אן", — ווי רופט מען דאס?

..„געוויס, אין פיל פרטים איז דער איד שולדיק... אבער, צום אומגליק, זינדיקט ער אלס מ ע נ ט ש און ווערט גע־שלאגן אלס א י ד.... קריסטן צינדן אויך אונטער הייזער, אבער מען זאגט ניט: פון קריסטן נעמט מען ניט אן קיין אסע־

קוראַנץ, מען נעמט נאָר ניט אָן פון דעם, וועלכער איז אין חשד.
דער אַרבעטער איז דעם רייכן קריסט אויך מקנא, אָבער ער איז
מקנא דעם ר י י כ ן, ניט דעם ק ר י ס ט. ווען דער איד
שווינדעלט, שימפט מען ד י אידן, דעם כלל".

און דאַן ווערט געוואָרנט זיך ארומצוזען כל זמן עס איז נאָך
צייט. אַ פּאָגראָם אין די קווערשטראַסן פון קאָמערשיאַל־ראָוד
קען ווערן בלוטיקער ווי אַ פּאָגראָם אין באַלטאַ א. אַ. וו.

***

אַ וואָך שפּעטער קומט דער „פּוילישער אידל" צוריק צו
דער דאָזיקער טעמאַ אין אַ לייט־אַרטיקל, באַטיטלט: „אונטער
פיר אויגן".

אַנהויבנדיק דערמיט, וואָס דער ענגלענדער האָט ניט ליב
דעם אידן, ערשטנס, אַלס אַ פרעמדן, זייענדיק אַן אינזל־פּאָלק־
צווייטנס, אַלס געפערלאַכן קאָנקורענט, זייענדיק אַליין אַ קרע־
מער־פּאָלק, און, דריטנס, אַלס אַ גאַסט, וועלכער האָט זיך ביז
איצט ניט גוט אויפגעפירט, אָפּט טוענדיק זאַכן, וועלכע האָבן
לייכט געקענט פירן דערצו, אַז דער אידישער נאָמען זאָל פאַר־
שווארצט ווערן, — אַלזאָ אָנהויבנדיק דערמיט, פאַרנעמט זיך
דער „פּוילישער אידל" אויסצורעכענען אידישע חטאים.

איידער מיר גייען ווייטער, בעט זיך דאָ אַ קורצע באַמערקונג.
ערגעץ־וואו איז אין דער צייטונג געווים אויפמערקזאַם גע־
מאַכט געוואָרן אויף דעם פאַקט, אַז ביז עס האָט זיך, אין דעם
אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן, אָנגעהויבן די גרויסע יציאת רוסלאַנד,
האָבן זיך די אידישע אימיגראַנטן אין ענגלאַנד רעקרוטירט הויפּט־
זאַכלאַך פון דעם האַנדלס־קלאַס און, צווישן די מענטשן פון דעם
דאָזיקן קלאַס הויפּטזאַכלאַך, פון „געבראָכענע" קויפלייט; חוץ
זיי פון אַנטלאָפענע אַרעסטאַנטן; פון שווינדלער מיט דעם שווערד
פון דאַמאָקלעס איבערן האַלז; פון גלאַט אַוואַנטיוריסטן, וועלכע
האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין זאַך אין זייער יאָגד נאָך
געלט; פון מענער, וועלכע האָבן געזוכט אַ זיכערן מקום מקלט,
וואו זייערע עגונות זאָלן זיי ניט געפינען; פון פאַלשמינצער,

וועקסלפעלשער און אונטערצינדער, וועלכע האָבן זיך באהאלטן אין דער מדינה, וואו פאספּאָרטן זיינען ניטאָ און קיין „סווידיע־טעלסטוואָ כאראשאוואָ פּאָוועדעניא“ (צייגעניש אויף א גוטער אויפפירונג) פרעגט מען ניט און פאר שינוי השם צאָלט מען ניט קיין ח"י גדולים.

עס איז דארום זעלבסטפארשטענדלאך, אז ביז דעם יאָר 1881 האָבן אין ענגלאנד כדרך הטבע געמוזט זיין רוסישע און פּוילישע אידן מיט א גרויסן פּראָצענט פון קרימינעל־נעגייגטע, ווען ניט דירעקט פארברעכערישע פערזאָנען.

איצט קענען מיר ווייטער ציטירן דעם ארטיקל „אונטער פיר אויגן„:

„כמעט אין יעדן פּראָצעס—ווערט דאָרטן געזאָגט—פאר „שיר־המעלות׳ן“ (פאלשע באנקנאָטן) זיינען ביז איצט געווען ארייננעמישט אידעלאך, וואָס האָבן ענטוועדער זיי, די „שיר־המעלות׳ן“, געמאכט, אָדער—און דאָס איז פיל אָפטער פאָרגעקומען—האָבן מיט זיי געהאנדלט, אָדער זיינען ביים מסחר געווען מעקלערס. אידעלאך האָבן זיך, צו אונזער שאנדע, שטארק גענומען דאָ אין ענגלאנד צום „להדליק“ און פיל זיינען דערפון רייך געוואָרן, אָבער נאָך מער זיינען אריינגעפאלן און האָבן מחלל געווען דעם שם ישראל“.

עס ווערן דאן דערמאָנט הארטהארציקע לענדלאָרדס; אידישע גאזעטשיקעס (ווי דער ארויסגעבער פון א בלעטל (“Town Talk” און דער פאקט, אז די בערזע האָט א פּראָצענט־זאַץ אידן ניט אין דער ערך שטארקער ווי זייער פּראָצענט פון דער באפעלקערונג. עס ווערט דאן אָנגעוויזן אויף געוויסע שווינדלער, וואָס באשעפ־טיקן זיך מיט אָפּשאיערן גאָלד פון מטבעות, כדי רייך צו ווערן פונם גאָלד־שטויב; אויף די „סוועטערס“ אין דעם שניידער־פאך און רעסטאָראן־האלטער, וועלכע האָבן ביי זיך חדרים פאר קאָרטענשפּילער.

און זיי וואַרפן זיך אין די אויגן, זיי ריידן ענגליש, זיי זעט

מען אומעטום, זיי זיינען אונזערע „ראשי־המדברים“, די פירער. די פיינע מענטשן, וואָס שעמען זיך מיט אַ מלאכה.

„וואָס זאָל דער ענגלענדער טראַכטן פון דעם אָרימען מאַ־שינער (ביי שניידעריי), דעם סטאָליאַר, דעם שוסטער, וועלכע ער זעט מער ניט שבת אָדער זונטאָג אין גאַס, ווען זיי קריכן אַראָפּ פון די בוידימער, אַרויס פון די פינסטערע קעלערס, און דאַן זיינען זיי אויסגעפּוצט און ער, דער ענגלענדער, ווייסט אפילו גאָרניט, אַז זיי אַרבעטן פאַרן שטיקל ברויט? מוז ער ניט, קוקנדיק אויף די „גרויסע“, זאָגן, אַז די קליינע, די אָרי־מע, מוזן נאָך ערגער זיין?

„און ווען ער זעט נאָך דערצו, ווי דער איד זונדערט זיך אָפּ אין יעדער צדקה-זאַך, אין יעדער גוטער שטיפטונג; ווען ער זעט, אַז דער איד וויל אפילו אין ז י י ן פרייער ענג־לאַנד בלייבן אַן „עם לבדד ישכן“,—ווי זאָל ער דעם אידן ליבן?

„מיר האָבן געערדט היינטיקס מאָל זייער האַרט, אָבער יעדער, וואָס האָט אונזער צייטונג ביז איצט געלעזן, וועט גאַנץ גוט פאַרשטיין, אַז דאָס זיינען „פּצעי אוהב“ (וואונדן פון אַ ליבנדן).

דער „פּוילישער אידל“ שטעלט זיך די פראַגע: וואָס קען מען טאָן? פיל אודאי ניט, זאָגט ער, ווייל מיט „מוסר“ קען מען ניט ענדערן אידישע פעלערן אָדער ענגלישע געפילן.

„עטוואָס יאָ. אידן קענען אַרויסגיין פון די געגענטן, וואו עס וואוינען די אָרימסטע, (און דאָרום) די שכור'סטע ענג־לענדער. מען דאַרף זיי ניט שטעכן די אויגן אַלע שבת מיט פּערעל און מיט פינגערלאַך.

„דאַן קענען אַלע, וואָס ווינטשן אידן גוטס, אין אונזער בלאַט בלויז-שטעלן אַלע עוולות און אַלע שווינדעלס, וואָס ווערן באַמערקט אין כלל, אַלץ וואָס קען דעם אידן נאָך מער שאַדן. דאָס איז זייער ווייניק אָבער עפּעס.

„יעדנפאַלס טאָר מען ניט שלאָפן, ווייל מיר לעבן אין אַ שווערער צייט“.

⁂

דער לייט-אַרטיקל: „דער איד אין דער וועלט" אין נומער 14 ליפּערט דעם באַווייז, אַז די מיינונג וועגן אידן אין ענגלאַנד איז צו יענער צייט געווען שלעכט און דוקא אין די קרייזן, וואו די עקזיסטענץ פונם „פּוילישן אידל" אַזוי גוט ווי די פון זיינע געגנער, די אַנטי־אַלאַרמיסטן, איז געווען אַבסאָלוט אומבאַקאַנט.

דער אַרטיקל באַשעפטיקט זיך מיט אַ פּיעסע אויף איינער פון די גרעסטע בינען פון ענגלאַנד, אין דעם „דרורי־ליין" טעאַטער. אין דער דאָזיקער פּיעסע אין דער אינטריגאַנט, דער בייזער גייסט, אַ איד מיטן נאָמען מאָסס דזשועל, וועלכער איז —

„ניט נאָר אַ מאָרדבערענער, אַ גנב, אַ מענטש וואָס האַנדעלט מיט פאַלשע באַנקנאָטן, איינער וואָס קען צוליב געלט באַטריגן, באַשווינדלען, אפילו צו הרג'ענען אַ מענטשן, ער איז דערצו נאָך אַ גרויסער טרוס און אַ לומפּ... און גייט צו דער תליה אָן געוויסנביסן... און ווייזט אויף איין רגע ניט ארוים קיין חרטה, וואָס דורך אים (צוליב דעם וואָס ער האָט געוואָלט קריגן אַסעקוראַנץ־געלט) איז אַ שיף אונטערגעגאַנגען מיט אַ סך מענטשן..."

„איז אַזאַ איד מעגלאַך? איז אַזאַ מעשה נאַטירלאַך? געוויס ניט. און דאָך קומט אַזאַ מאָסס דזשועל אַרויף אַלע נאַכט אויף איינער פון די גרעסטע בינען אין לאָנדאָן און מאַכט פאַרגעניגן טויזנטער, צענדליקער־טויזנטער אפשר (דאָס שטיק איז געשפּילט געוואָרן אַ גאַנץ לאַנגע צייט) מיליאָנען מענטשן, וועלכע גייען אַוועק טראַכטענדיק: „דאָס איז אַביסל אַ אידעלע!"

און דאַן ווערט אין דעם דאָזיקן אַרטיקל מיט פיל צאָרן דערציילט, אַז אַזאַ לומפּ האָט ווירקלאַך עקזיסטירט, מער נישט ער איז ניט געווען אַ ענגלישער איד מיטן נאָמען דזשועל, נאָר אַ דייטשישער קריסט מיטן נאָמען טאָמאָס.

פאַקטן פון ענגלישן אַנטיסעמיטיזם ווערן אין דער צייטונג

קורץ נאָטירט זייער אָפּט, מייסטנס מיטטיילונגען פון לעזער. מיר וועלן זיך אויף זיי ניט אָפּשטעלן.

אויך וועלן מיט ניט פארשווענדן פיל טינט אויף דעם אר־טיקל: „די וואָלקן פארגרעסערן זיך“, אין נומער 21, הגם אלס א ליטעראַרישע ארבעט איז ער איינער פון די געלונגענסטע לייט־ארטיקלען אין דעם „פוילישן אידל“. אים לויינט שוין דערפאר ניט צו נעמען צו ערנסט, ווייל דאָס אידנפיינטלאַכע בלעטל, וועלכעס ווערט דערין באשפראָכן, האָט ווארשיינלאך שוין לאנג אויפגעהערט צו עקזיסטירן און איז ביים לעבן אויך ניט געווען זייער איינפלוסרייך. דער „פראָפּאגאנדיסט“, אזוי האָט דאָס ענגלישע בלעטל געהייסן, וואָלט געקענט אָפּגע׳פּטר׳ט ווערן אין א קורצער נאָטיץ.

א פאקט פון אנטיסעמיטיזם אין אן ענגלישן געריכט ווערט נאָטירט אין דעם זעלביקן נומער, וועלכן די צייטונג ציטירט געגן די „שלום־שלום׳ניקעס“

נאָך אלץ אונטער דעם איינדרוק פון דעם אָפענעם אנטי־סעמיטישן אָנפאל אין דעם „פראָפּאגאנדיסט“ ברייגגט דער „פּוי־לישער אידל“ נאָך א לייט־ארטיקל: „דער אידנהאַס אין ענגלאנד“, וואו עס ווערט אויפגעראָלט די פראגע:

„וואָס האָבן מיר, אידן, צו טאָן?“

און עס ווערט געמאכט דער פאָרשלאָג קודם כל צו אונטער־זוכן די מגפה, ארויסצוגעפינען איר אמת׳ן כאראקטער, כדי אז ווען די דיאגנאָזע וועט זיין געשטעלט, וועט מען זיך קענען נעמען צו דער פארענטפערונג פון דער פראגע: וואָס איז צו טאָן.

און אזוי אונטערזוכנדיק די קראנקהייט, קומט די צייטונג צו דעם פאָלגנדיקן שלוס:

דער היינטיקער אידנהאַס איז, אויסער אין אייניקע אויס־נאַמספאלן, ניט מער קיין רעליגיאָנס־האַס. מען האַסט היינטיקע צייטן „אפילו אזעלכע קינדער פון אברהם, יצחק ויעקב, וואָס זיינען שוין יאָרנלאנג גע׳שמד׳ט, אפילו אזעלכע, וואָס האָבן שוין געהאַט די זכיה פון גע׳שמד׳טע עלטערן געבוירן צו ווערן“.

דער אנטיסעמיטיזם איז גיכער א ראסנהאס, און דער פאקט, וואס אזא שענדלאכע דערשיינונג איז מעגלאך דוקא אין דעם לעצטן פערטל פון דעם נײַנצענטן יאָרהונדערט, קען נאָר דער־קלערט ווערן דורך די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן פון אונזער צייט. אָט איז די דערקלערונג אויסגעדריקט אין עטלאכע קורצע ווער־טער:

דאס פאָלק געפינט זיך אין א ביטערער לאגע.

די באפעלקערונג וואקסט — אין לאָנדאָן אליין צו מיט א האלב מיליאָן אלע צען יאָר — און דאס אויף א נאטירלאכן וועג, ווייל געגן דער אימיגראציע איז דאָ א שטארקע עמיגראציע.

דערביי פארמערן זיך טעגלאך די מאשינען, וואס ווארפן ארויס ארבעטער פון זייער באשעפטיקונג.

חוץ דעם איז ענגלאנד שוין ניט מער די אמאָליקע „וועלט־פאבריק", ווייל יענע מדינות, וועלכע פלעגן זיך נוציקן אין אירע פּראָדוקטן, לערנען זיך אויס פאר זיך אליין צו פאבריצירן וואס א טאָג אלץ מער.

אין דער זעלביקער צייט וואקסן די לאסטן דורך דער פאר־גרעסערונג פון דער פלאָטע און דער ארמיי.

און דאס פאָלק, וועלכעס מוז אָט־די אלע לאסטן טראָגן, ווערט טעגלאך אָרימער און די אומצופרידנהייט ווערט אלץ מער און דייטלאכער אויסגעדריקט.

דאס פאָלק זיפצט און קרעכצט. דאס נוצן אויס געוויסע שארלאטאנעס, כדי דעם המון אויפצורייצן געגן די אידן, דער־מיט אומדירעקט באשיצנדיק די רעגירונג, וועלכע איז די רעגי־רונג פון דעם קאפּיטאליסטישן קלאס. „דאס פאָלק איז אומעטום פויל נאָכצודענקען איבער די ווירקלאכע אורזאכן פון דער שלעכ־טער לאגע" און נעמט זיך דערפאר צו די „געלט־אידן", פאָלגנדיק די שארלאטאנעס.

אָט דאס, הייסט עס, איז דער אמת'ער כאראקטער פון דעם היינטיקן אנטיסעמיטיזם.

דאס יאָר 1884 האט זיך אויסגעצייכנט דורך עלילות־דם,

וועלכע זיינען געקומען פון אַלע זייטן. זיי האָבן אימער און ווי־דער עראינערט אָן דעם שרעקלאכן מיטלאַלטערלאכן טיסאַ־עסלאר פּראָצעס פון דעם פאַרגאַנגענעם יאָר, וועלכן עס האָט זיך אַזוי געוואָלט פאַרגעסן, כדי צו קענען קוקן אָן פאראכטונג אויף דעם צייטאַלטער פון דאַמפּפקראַפט און עלעקטריציטעט, פון עוואָלוציע און סאָציאַליזם, פון טעכנישן און קונסט־פּאַרברייטנ־דיקן פּראָגרעס.

טיילווייז אין דעם דאָזיקן נייעם טומל, טיילווייז אויך צוליב דיסהאַרמאָניע אין דער פּאַרוואַלטונג פון דעם „פּוילישן אידל“, אַרום וועלכער עס וועט נאָך גערעדט ווערן, איז די אַגיטאַציע בנוגע צום אַנטיסעמיטיזם אָפּגעשטעלט געוואָרן. אין די וויי־טערדיקע נומערן געפינען זיך נאָר שוואכע אָפּקלאַנגען דערפון.

מיין אייגענער נאַציאָנאַל־שמערץ האָט דערגרייכט זיין שאַרפסטן אויסדרוק אין דעם פאָלגענדן, אַלס פּאָעזיע פיליכט ניט זייער באַדייטנדיקן געדיכט, וועלכעס איז ערשינען אין נומער 10, צום שלום פונם יאָר תרמ"ד.

## ריקבליק אויף דעם אַלטן יאָר.

לאָזט אים גיין דעם יאָר, דעם אַלטן,
האַלט אים ניט צוריק;
ער איז פול מיט שרעקגעשטאַלטן,
בלוט איז אין זיין בליק!
לויטער צרות, קיין נחמות,
האָט ער אונז געבראַכט,
אין דער גאַנצער וועלט מלחמות,
מענטשנמאָרד און שלאַכט.

אייער יאָר! ער גייט, איר אידן,
לאָזט אים, לאָזט אים גיין!
לאָזט אים גיין, און זייט צופרידן,
וואָס ער בלייבט ניט שטיין.

מענטשן האָבן זיך געוואונדערט,
עס זאָל קענען גאָר
אין דעם ניינצענטן יאָרהונדערט
נעבן אזא יאָר...

לאָזט אים גיין, און פאָלגט מיין עצה,
גיט אים עטוואס מיט,
לאָז ער נעמען אויפן פלייצע
איין אנטיסעמיט!
כאָטשבי איינעם פון דער באַנדע,
אפשר ווערט באפרייט
דורך דעם איינעם פון גרויס שאַנדע
אונזער „נייע צייט".

אונזער צייט שעמט זיך אודאי
מיט די אייניקלאַך
פון דעם אַלטן טאָרקוועמאדאָ
מיט די שמעקערלאַך.
דער פראָצעס פון טיסא־עסלאר
קרענקט זאָגאר דעם זון
פון דעם נאצארענער צעסלער
ווען ער הערט דערפון.

לאָזט אים גיין מיט די פּאָגראָמען,
וואָס ער האָט געבראַכט;
לאָזט אים נעמען די בני־המן,
וועלכע טאָג און נאכט —
אונז פארפאָלגן מיט זלזולים,
מיט העפּ־העפּ, האָם־האָם.
מיט די שענדלאכסטע בלבולים,
מיט עלילת־דם.

דער „פוילישער אידל“ און דאָס אידישע טעאַטער.—אונזערע ראָמאַנען.—די געשיכטע פון די אידן אין ענגלאַנד.—אַן אַמע־ריקאַנישער פאָרשלאַג.—די ערשטע פראָבן פון אידישער דיכ־טונג און די אידישע שפּראַך.

חוץ זיין נאַציאָנאַלער אויפגאַבע, פון וועלכער מיר האָבן גערעדט אין דעם לעצטן קאַפּיטל, און דער סאָציאַלער, אַרום וועלכער עס וועט גערעדט ווערן אין דעם נעקסטן, האָט דער „פוילישער אידל“ געהאַט אַ ליטעראַריש־בילדנדיקע אויפגאַבע.

דער אידישער אַרבעטער האָט צו יענער צייט און אפילו אַ לאַנגע צייט שפּעטער קיין ליטעראַטור ניט געהאַט. אין העב־רעאיש זיינען שוין געווען אַ גאַנצע רייע ערנסטע, בילדנדיקע ווערק, אָבער העברעאיש—דאָס איז דער שבת־לשון, וועלכער איז אים געווען אַזוי פרעמד ווי אַ שבת־קלייד פאַרן לייב. אין זיין וואָכעדיקן לשון האָט ער גאָרניט געהאַט,—כמעט גאָרנים. אפילו בעלעטריסטישע ווערק האָט ער נאָך אַזוי גוט ווי גאָרניט געהאַט. מענדעלע מוכר־ספרים, לינעצקי, ספּעקטאָר און נאָך צוויי־דריי, דאָס זיינען געווען אַ ל ע, סיידן מען רעכנט שרייבער ווי אייזיק מאיר דיק און אַ קריץ דאָ, אַ קריץ דאָרטן פון די שרייבער אין וועכנטלאַכע צייטונגען.

צו מיין שאַנדע מוז איך אָבער זאָגן, אַז ווען איך האָב זיך גענומען צום „פוילישן אידל“, האָב איך ניט געהאַט געלעזן ניט איין־איינציקע ציילע אפילו פון די שרייבער, וועלכע איך האָב דאָ אויסגערעכנט.

און דאָ דאַרף מען געבן ניט נאָר בעלעטריסטיק, מען מוז אויך שרייבן פּאָליטיק, און דערלאַנגען אַלע וואָך אַ לייט־אַרטיקל,

און שרייבן „נייעס“, און—אין אָנהויב—טעאַטער־רעצענזיעס, און דורכזען, דאָס הייסט אָפּט איבערשרייבן, זעלטן־ווען בלויז איבער־מאַכן קאָרעספּאָנדענצן, און איינגיסן דעם לעזער אַביסעלע גע־שיכטע, און—שפּעטער—אַלע ליבע וואָך אַ פּעקעלע פרישע איינגע־נע־געבקענע וויצן און פּאָליטישע נאָטיצן און וואָס איר ווילט אַליין.

אגב אורחא האָט מען געדאַרפט „מאַכן אַ לעבן“ און דאָס אי פאַר זיך אַליין, אי פאַרן „פּוילישן אידל“, וועלכער האָט ערשט אָנגעהויבן צו טראָגן אויף זיין אייגענער חיונה, ווען איך בין פון אים אַרויסגעגאַנגען.

פון די טעאַטער־רעצענזיעס בין איך באַלד פּטור געוואָרן. מיין לעצטע איז דערשינען אין נומער 16 (פונם 7טן נאָוועמבער), וועלכע האָט זיך זייער אויבערפלעכלאַך באַשעפטיקט מיט שמר'ס „אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ“. היינט איז די דאָזיקע טעאַטער-קריטיק אינטערעסאַנט הויפּטזאַכלאַך דערמיט, וואָס דאָרטן ווערט צום ערשטן מאָל איינגעפירט אַ מיס סאָנים, וועלכע האָט יענעם אָוונט געשפּילט צוזאַמען מיט יעקב אַדלער. פון די שוישפּילער זאָגט די רעצענזיע:

„מיסטער אַ ד ל ע ר'ס ליבהאַבער וואַר זייער גוט. אָבער נאָך בעסער די ראָלע פונ'ם רוב, וועלכער ער האָט אויך געשפּילט.

„מיס ס אָ נ י ס האָט פיל טאַלענט געצייגט אין דער ראָלע פון דער טאָכטער, נאָר האָט זי, ווי עס שיינט, ניט גע־האַט גוט איינגעשטודירט דאָס שטיק.

„מיסטער פ ר י ד מ אַ ן אַלס כאַסיע איז געוועזן, ווי געוויינטלאַך, צום בלייבן אָן זייטן לאַכנדיס.

„גוט וואַר אויך מיסטער מ אַ ק ס אַלס מוטער פונם חתן ווי אויך אַלס נאַכטוועכטער.

„מיסטער י אַ ק אַ ב אָ ו ו י ץ אַלס שרכן וואַר אין מאַנכע שטעלן פאַרצינלאַך, הגם ער האָט געמעגט אייניקע ווער־טער אין די קופּלעטן דורכלאָזן“.

נו, די מיס סאַניס, וועלכע „האָט געצייגט פיל טאַלענט“, איז די איצטיקע מיסעס ליפּצין, איינע פון די בעסטע שוישפּי־לערינס, וועלכע די אידישע בינע פאַרמאָגט, און פאַר וועלכער יעקב גאָרדין האָט געשריבן, צווישן אַנדערע גרויסע דראַמען, זיין „מירעלע אפרת“. דאָס שטיק איז געשפּילט געוואָרן פאַר די לעצטע 10 יאָר ניט ווייניקער ווי זיבן־אַכט־הונדערט מאָל און היינט*) איז שוין ניט מער זיכער, צי מרס. ליפּצין שפּילט „מי־רעלע אפרת“, אָדער מירעלע אפרת שפּילט מרס. ליפּצין.

און אַזוי ווי מיר האַלטן ביים אידישן טעאַטער פון יענע צייטן, לאָמיר וועגן אים דאָ זאָגן אַ פּאָר ווערטער.

איך האָב פריער געזאָגט, אַז פון די רעצענזיעס בין איך באַלד פּטור געוואָרן. דער אמת איז, איך האָב עס איינפאַך ניט געקענט אויסהאַלטן.

מען האָט געשפּילט אין קליינע, איינגע זאַלן מיט אַ בינע ניט זייער פיל גרעסער ווי אַ בימה אין אַ גרויסער שול. אויב די שוויץ־סיסטעם איז געווען שרעקלאַך אין דעם שניידער־פאַך, איז זי אין אידישן טעאַטער געווען נאָך שרעקלאַכער. די שילדערונג דערפון אין דעם ערשטן קאַפּיטל איז זייער ווייניג איבערטריבן.

וואָס פאַר פּיעסן מען האָט געשפּילט, דערפון האָט מען היינט אַ שטיקעלע ידיעה. „אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ“ איז ניט געווען פון די ערגסטע. עס איז געווען אין דעם לאָנדאָנער אי־דישן רעפּערטואַר אַ שטיק מיטן נאָמען „יארמאַלאַוו“, ווייס איין „יודע־הכל“ ווער עס האָט זי פאַרפאַסט. די קריטיק אין „פּוי־לישן אידל“ זאָגט פון איר: „דער אויטאָר האָט געגעבן מענטשן ראָלן און האָט פאַרגעסן זיי צו זאָגן וואָס צו רעדן“. — די „מאַמע’ס זינדל“ פון שמר; „מנשה בן ישראל“, אַ היסטאָרישע דראַמע אין פינף אַקטן און זיבן בילדער, מיט געזאַנג, פאַרפאַסט פון קאַצענעלענבויגן; „די שטומע כלה“ פון נאָלדפאַדן; אימעצנס

*) אין יאָר 1909.

„דון יהודא אברנאל“ און „דער פאַלשער מלמד“; גאָלדפאַדנס „אינטריגאַנטן“ און שמר׳ס „בלוטיגער אדיע“ — זענען צווישן די פילע פיעסן, וועלכע מען האָט געגעבן אויף דער לאָנדאָנער בינעלע יענעם יאָר.

ווי אַזוי מאַנכע פון זיי זענען געשפּילט געוואָרן קען מען אורטיילן פון דער אויבן־ציטירטער רעצענזיע איבער „אַ קלאַפּ פאַר אַ קלאַפּ“.

ווי דער לעזער האָט ווארשיינלאך שוין אליין געזען, האָט דאָרין מיסטער אדלער געשפּילט צוויי ראָלן: אַ ליבהאָבער און אַ רב. מ י ס ט ע ר פרידמאַן האָט געשפּילט כ א ס י ע און די ראָלע פון דער מ ו ט ע ר האָט אויסגעפירט מ י ס־ ט ע ר מאַקס, הגם אַקטריסעס האָט, דאַכט זיך ניט געפעלט, אַקטיאָרן געווים ניט.

פרידמאַן איז שוין טויט. ער איז געווען איינער פון די בעסטע קאָמיקער פון יענער צייט. ער האָט מיך אָפט אַמור־ זירט, אָבער נאָר ווען ער האָט געשפּילט. צום אומגליק פלעגט ער מיך אָפט באַזוכן אין דער רעדאַקציע, וואו ער פלעגט מיר פּשוט דערגיין די יאָרן.

„שראַבט אַראָן אינ׳ם בלעטעלע!“ איז געווען זיין סטע־ רעאָטיפּע פראַזע. ער פלעגט זאָגן וואָס מען דאַרף וועגן אים זאָגן׳ ער האָט דאָך „אַ וואַב מיט עופּעלאַך“; „ני, וואוס? אָך געהט׳ס דען אופּ? שראַבט׳ס! זוגט׳ס, מיסטער פרידמאַן... גרויסער קאָמיקער... גור איי־איי־איי! און זינגט... אַ פּראַכט, אַ פּראַכט! אָך געהט׳ס דען אופּ? למען השם פאַרגעסט ניט דום זינגען... יאָך בין׳ך דאָך אַ משורר אין שיל, אין ס׳געהט צי יומים נוראים...“

***

וואָס ניט מען פאַר אַ ראָמאַן? דאָס איז געווען אַ דאגה, וועלכע מען האָט שוין אַזוי לייכט פון זיך ניט געקענט אָפּ־ טרייסלען.

מיר האָבן געוואָוסט, אַז אויף דעם פּעליעטאָן האַלט זיך דער גאַנצער בנין. דער פונדאַמענט איז געווען אונטער'ן שטריך. וואָס טוט מען?

„שפּרינצע, נעבאך!" איז קיין גרויסער דערפאָלג ניט גע-ווען, הגם פילע האָבן דערפון הנאה געהאַט צוליב דער טענ־דענץ. די עפּידעמיע פון „בעוויבטע בחורים" האָט געהאַלטן אין איין פאַרשפּרייטן זיך איבער'ן גאַנצן געטאָ. „שפּרינצע, נעבאך!" האָט געטראָפן דעם נאָגל אויפ'ן קאָפּ, אָבער אַ ראָ־מאַן איז דאָס ניט געווען און דער עולם האָט געוואָלט האָבן אַ ראָמאַן. האָסטו ניט קיין ראָמאַן, דאַן מאַך צו די קרעמל! נאָך אַ מאָל: וואָס טוט מען?

מיט אַ זויערער מינע האָב איך זיך געזעצט איבערמאַכן אויף אידיש „וויעק פּערעזשיט ניע פּאָליע פּעראַייטי", און די־דאָזיקע דערציילונג אונטער דעם נאָמען „דער קאָנטאָניסט" איז געגאַנגען אַ וואָכן פופצן.

דער דערפאָלג איז געווען זייער באַדייטנדיק. דער בייט־ראַג צו דער אידישער ליטעראַטור צווייפלהאַפט. דאָס שלימסטע דערביי איז באַשטאַנען דאַרין, וואָס איך האָב געמאַכט אי־בערזעצונגען ווי אַ איד עסט אפיקומן.

פונדעסטוועגן האָט גאָר ניט געהאָלפן, מען האָט געמוזט ווייטער איבערזעצן.

דער נעקסטער קרבן אויף דעם מזבח פון דער געטין נויטווענדיקייט איז געווען „יאָנאַטאַן פּראָק" פון היינריך צשאָקע, וועלכער איז אין מיינע יונגע יאָרן געווען אַזאַ נויטווענ־דיקייט אין אַ אידיש הויז אין דער ליטע, וואו השכלה האָט געהאַט די מינדסטע באַדייטונג, ווי די מזוזה אליין. אַלע שידוכים, וואָס זענען אויסגעקומען אָן שדכנים, זענען געמאַכט געוואָרן דורך היינריך צשאָקע און ווער עס האָט ניט געלייענט זיין „פּרינצעסין פאָן וואָלפענביטל" האָט ניט געהאַט קיין רעכט זיך צו רופן אַ געבילדעטער בחור, אָדער אַ דיטאַ מיידל. אָרעם־בחורים און אַלע וואָס האָבן צו יענער צייט ניט גע־

קענט לייענען טייטש, האָבן זיך געלאָבט מיט אים אין מרדכי אהרן גינצבורג'ס איבערזעצונג פון זיין „וואלפורגי'ס נאכט" („ליל שמורים"), בעת דאָס לייענען פון אלאמאָנטארע" אין אָריגי־נאל האָט דעם לעזער דערפון כמעט געגעבן א דיפלאָם אויף פילאָזאָפיע. צשאָקע'ס ממשלה איבער אידישע הערצער אין דער ליטע איז געווען אבסאָלוט און אומבאגרעניצט.

און מיר האָבן זיך גענומען צו „יאָנאטאַן פראָק", וועלכער איז ביי אונז געגאנגען אונטער דעם נאָמען „ליבע און רעלי־גיאָן" פון נומער 25 ביז 41. די איבערזעצונג האָט מיר גע־קאָסט געזונט און אביסל שברי־לב, מחמת ביים איבערזעצן האָט מען געמוזט אָפט זאָכן פארקנייטשן און פאדרייען כדי נים אויפצורייצן קעגן דער צייטונג א געוויסן קלאַס צווישן די ליבע לעזער און לעזערינס.

צווישן דער און דער נאָענטסטער איז דערשינען א קורצע סקיצע, וועלכע איך האָב איצט, נאָך 25 יאָר, ווידער געלייענט און בין פון איר זייער נתפעל ניט געוואָרן.

אין די נומערן 3 ביז 49 איז געגאנגען א פרייע באארבע־טונג פון באָגראָוו'ס „מיריאמא" אונטער דעם נאָמען „מרים", א היסטאָרישער ראָמאַן פון דער צייט פון גזרת ת"ח.

וואָס מיין איבערזעצונג איז ווערט פון א ריין ליטערא־רישן שטאַנדפונקט ווייס איך ניט. וואָס איך ווייס אָבער יאָ איז, אז איך האָב אין אָט-דער ארבעט אריינגעלייט א סך ליבע. וויפיל עס איז געווען אין מיין הארצן אָנגעקליבענע בלוטיקע שטיקער פון דעם לאנגן אידישן מארטירערטום, האָט זיך צו־נויפגעשמאָלצן אין דער דאָזיקער איבערזעצונג.

אָט איז א לידעלע, וועלכע איז ביי באָגראָוו'ן אינם אָרי־גינאל נאָך ניטאָ:

„ארעמער אידעלע,
וואו איז דיין פידעלע,
וואו איז דאָס לידעלע,
וואָס דו פלעגסט זינגען?

זעסטו ניט קומענדיק
פײגעלאך זומענדיק,
קײנמאָל ניט אומעטיק,
גוטע נײעס ברינגען?

קום אהער, אידעלע,
ניך נעם דײן פידעלע,
שפּיל אויף דײן לידעלע
פון אַלטע יאָרן...
וויש אוים די אויגעלאך,
זע ווי די פויגעלאך,
טאַנצן אין בויגעלאך,
זינגען אין כאָרן".

א לידעלע, וועלכע פאַרשפּאָרט מיר צו פאַרלירן פיל מער ווער־מער ווענן דער דאָזיקער איבערזעצונג.

*
**

טײלווײז אום צו בילדן דעם אידישן אַרבעטער, יעדנ־פאַלס אויף אַזוי פיל, וויפיל מײנע באַשרענקטע קענטניסע האָבן געקענט געבן, און זײנע, דעם אַרבעטער'ס, באַשרענקטע וויסנ־לוסט האָט געקענט נעמען, און טײלווײז, כדי צו ווײזן אַז ענגלאַנד איז פאַר אידן קײנמאָל קײן גן־עדן ניט געווען, האָב איך אין דעם „פוילישן אידל" געגעבן אַ ביסעלע געשיכטע.

די געשיכטע פון די אידן אין ענגלאַנד איז געגאַנגען אין דעם צווײטן האַלבן יאָר. דאָס מיטלאַלטער ביז דער פאַרטרײ־בונג — אין 9 קאַפּיטלען פון נומער 32 אָן און דאַן 3 קאַ־פּיטלען, וואו עס איז געשילדערט ווי אַזוי די אידן זענען צו־ריקגעקומען אין די צײטן פון קראָמוועל, דורך די שתדלנות פון מנשה בן ישראל.

בײדע אָפּהאַנדלונגען זענען אַרויסגענומען פון מילמאַנ'ס

„געשיכטע דער יודען". אין א נאָטיץ אין נומער 32 ווערט דער לעזער אויפמערקזאם געמאכט אז —

„מיר האָבן אָט־דעם פּאַרפאסער אויסגעקליבן, מחמת ער איז א קריסט און אים וועט מען ניט חושד זיין, אז ער איז מ ג ז ם. אין דער דאָזיקער געשיכטע וועלן פילע לעזער געפינען זאכן, וואס מען וואָלט אויף זיי קיין פּאַראיבל ניט האָבן, ווען זיי וואָלטן זיי געהאלטן פאר גוזמאות. לאָזן זיי וויסן, אז א קריסט האָט געשריבן דעם אָריגינאַל פון אונזער שילדערונג".

דערמיט איז דער עיקר געמיינט די הריגה פון יאָרק, וועלכע איז אפילו אין דער אידישער געשיכטע, וואו מיט בלוט גע־פאַרבטע בלעטער זענען ניט קיין זעלטנהייט, א שרעקלאכע זאך.

ווי היינט געדענקט איך די אויפרעגונג, אין וועלכער איך בין געווען בעת מיין פעדער האָט אַרויסגעבראַכט אויפ'ן פּאַ־פּיר דעם סוף פון דער שרעקלאכע מעשה. איך האָב, דוכט מיר, אין יענע שעה דורכגעלעבט די אסיפה אין דעם שלאָס (אין יאָרק, ענגלאַנד), וואו מען האָט געלאָזן די אידן זיך באַ־האַלטן פון זייערע שונאים. איך האָב ווי מיט די אייגענע אויערן געהערט דעם רב'ס רעדע, אין וועלכער ער האָט גע־ראַטן זיך ניט איבערצוגעבן אין דעם פיינד'ס הענט און בע־סער צו שטאַרבן דורך די אייגענע.

„ווער עס וויל אַרויסגיין, זאָל גיין בשלום!" הער איך אים אויסרופן, און איך זע ווי אייניקע גנב'ענען זיך שטילערהייד אַרויס, זיך שעמענדיג פאר זיך אליין און, דאכט זיך, פאר מיר...

און דאַן ווערט פאר מיינע אויגן מיט אמאָל א שרפה... דאָס האָט מען אָנגעצונדן דעם שלאָס... דאָס ברענט דאָס אייגנ־טום פון די נעפאַנגענע... גוט, גוט! לאָז ברענען! די שונאים וועלן קומען רויבן און וועלן געפינען אש... גוט געטאָן! גוט!

און איצט דערהער איך קולות פון ווייבער און קינדער, וועמענס מענער און טאַטעס קוילען... איך קען שווערן, איך

הער דעם שרעקלאַכן יאָמער... און אָט קוילען זיי זיך אַליין... עס פליסט בלוט ווי וואַסער אין אַלע ווינקעלאַך... און מער ווי דער רב און יאָאַכים זענען ניטאָ... אַלע זענען טויט... עס גייט מיר אַריבער אַ סקרוך איבער'ן לייב.

און אַ— אַהאַ, דער סוף! — אָט שלאַכטעט דער אַלטער גרייז־גרויער רב פריער יאָאַכימ'ן, זיין משרת און דאַן... לאָזט ער אַריין אַ שפּיז אין זיין אייגענער האַרץ און שטאַרבט דער לעצטער...

מיין האַנט ציטערט, אָבער באַשריבן איז די הריגה פון יאָרק פאָרט. „דאָס קען נאָר אַ שטאָלענע פעדער, קלער איך, אַ גענזענע וואָלט דערצו קיין האַרץ ניט געהאַט".

נאַטירלאַך, דאָס איז אומזין, איך וויים: גענוג האָבן גענזענע פעדערן אויך געשריבן שרעקלאַכע מעשיות, אָבער איך בין צופרידן, וואָס דער עסק איז צו־ענד. מען קען משוגע ווערן.



צווישן די באַדייטנדערע בייטראַגן פון דרויסן זענען געווען די „בריוו פונ'ם פוילישן גרעניץ", געשריבן פון אַ מאַן, וועל־כער פלעגט זיך אונטערשרייבן „גרענצבאָטע". זיי זענען געוועזן אָפט אינטערעסאַנט און כמעט שטענדיג גוט געשריבן.

די אַנדערע קאָרעספּאָנדענצן פון בוקאַרעסט און אַנדערע רומענישע שטעט; פון ליווערפּול, לידז, מאַנטשעסטער, גלאַז־גאָו, נאָטינגהעם א. אַז. וו. אין גרויס־בריטאַניע האָבן אָפט געהאַט אינהאַלט, אָבער זעלטן אַ ליטעראַרישן ווערט. ..

דאָסזעלביקע קען מען זאָגן פון בריוו, וועלכע מיר פלעגן קריגן פון רוסלאַנד און דייטשלאַנד. שרייבער וויפיל איר ווילט, טאַלאַנט — ניט אַ ברעקל. דער נאָר־וואָס דערמאָנ־טער „גרענצבאָטע", וועלכן איך האָב פערזענלאַך קיינמאָל ניט געקאָנט און פון וועלכן איך געדענק זייער ווייניג, אפילו ניט

דעם נאָמען, איז געװען דער אײנציגער שרײבער מיט א רעכט צו דעם טיטל. װאָס איז, װער װײס, פון אים געװאָרן?

דער „גרענצבאָטע" איז אויך געװען אינדירעקט די אורזאך פון מײן ערשטן אנגריף אויף דער אידיש־אמעריקאנישער פּרעסע, װעלכע איז אָפּגעדרוקט געװאָרן אין נומער 30.

דער גאנצער אינצידענט איז געװען אין זיך אלײן זײער אומבאדײטנד, אָבער ער איז כאראקטעריסטיש פאר דעם אָנהויב פון דער אידישער פּרעסע אין אמעריקע און פאר די מעטאָדן, װעלכע האָבן מיטגעװירקט דערצו, אז די אײגנטימער פון א אידישן בלאט אין ניו יאָרק זאָלן מיט דער צײט װערן רײך. איך װעל מיר דערפאר דערלויבן צו רעפּראָדוצירן יענע נאָטיץ, אונטערשטרײכנדיג די שטעלן, אויף װעלכע מיר װילט זיך ספּעציעל אויפמערקזאם מאכן דעם לעזער.

אָט איז זי, עטװאָס געקירצט:

„ה' שרהזאָהן, דער ארויסגעבער פון די „יודישע פאָלקסצײטונג" און „אידישע גאזעטן", האָט די פרײנט־לאכקײט געהאט זיך פאר אונז... שטארק צו אינטערע־סירן, גלײך פון אָנהויב אָן.

„אוים פרײנטשאפט (בײזע צינגער װאָלטן געזאָגט „מפני שעינו צרה בשל חברו"!) האָט ער גלײך װי אונזער צײטונג איז ערשינען, אויף אונז פון דער װײטן גענומען װארפן בלאָטע. מיר האָבן געשװיגן, מחמת אונז האָט דאָס ביסל בלאָטע ניט באריט, זי איז פון זיך אלײן צור־ריקגעגאנגען „אריבער דעם אָקעאן" צום ליבנסװירדיגן זענדער

„עטלאכע װאָכן שפּעטער קריגן מיר א נײעם באַ־װײז פון ה' שרהזאָהנ'ס ליבנסװירדיקײט: ער שרײבט א לאנגן בריװ צום רעדאקטאָר פון דעם „פּױלישן אידל", זאָגנדיק, אז זײן עצה טובה פון אן „אוהב נאמן" איז, אז דער רעדאקטאָר זאָל לאָזן זײן צ י י ט ו נ ג א ו נ־ט ע ר ג י י ן, ע ר ז א ל װ ו ע ר ן ז ײ ן

אַגענט אין ענגלאַנד און זאָל פאַר אים שרייבן אַרטיקלען, פאַר וועלכע ער וועט באַצאָלן. די ערע צו ווערן ה' שרהזאָהנ'ס אַגענט און מיטאַרבעטער וואַר נאַטירלאַך זייער גרויס... אָבער געענטפערט האָט ער... ניט.

„הער שרהזאָהן ווערט אָבער ניט מיד טוענדיג טובות און איצט קומט ער און טוט אונז די פאָלגנדע טובה אָן. ער גייט און דרוקט אָפּ די „בריפע פונם פוילישן גרעניץ" אויף באָות פון אונזער צייט און מכוח זאָגן, „אַז די קאָרעספּאָנדענץ איז אַרויסגענומען... איז ער שטיל ווי אַ מויז".

דאָס ווערט געשטעמפּעלט אַלס „פּלאַגיאַט" א. אַז. וו.

דער הער שרהזאהן איז שוין טויט, און אָנשטאָט די דאָזיקע צייטונגען דערשיינט היינט אַ טעגלאַכע צייטונג, וועלכע איז איינע פון די זייער וויינציגע אידישע פּרעס־אונטערנעמונגען, פון וועלכע די באַלעבאַטים זענען געשטאָרבן רייכע לייט.

באַמערקנסווערט איז נאָך, אַז די שפּראַך אין די אַמעריקאַנישע צייטונגען איז געווען כמעט קלאַסיש אין איר אומגעלומפּערטקייט — אַרום יענער צייט. אין אונזער אייגענער צייטונג איז די שפּראַך געווען זייער שלעכט אין דער איבערזעצונג פון „יאַנקעטאַן פּראָק", ווי עס זענען כמעט אַלע איבערזעצונגען פון דייטש. די אידייע, אַז דאָס פּירט מען איבער די דייטשישע שפּראַך, אידישנדיק די ווערטער, איז נאָך געווען אַזוי טיף איינגעוואָרצלט ביי אונז אַלעמען, אַז מען האָט עפּעס אַזוי ווי געשאַנעוועט ה' צשאָקע און אים אַזוי ווייט ווי מעגלאַך געלאָזט רעדן ווי ער רעדט. דער רעזולטאַט איז נאַטירלאַך געווען זייער אַ טרויעריקער. דאָס וואַרפט זיך ספּעציעל אין די אויגן, ווען מען פאַרגלייכט אין דעמזעלביקן „פוילישן אידל" די איבערזעצונגען פון רוסיש און פון דייטש.

אויסער די ארבעטער־לידער, ארום וועלכע עס וועט גע־רעדט ווערן אין דעם נאָענטסטן קאפּיטל, און די פּאָר נאַציאָנאַ־ליסטיש־געשטימטע קלייניקייטן, וועלכע זענען שוין ציטירט גע־וואָרן, זיינען פון מיין פעדער אין יענער צייט דערשינען איי־ניגע זאכן, אויף וועלכע עס לוינט זיך אָפּצושטעלן. און דאָס ניט אזוי צוליב זייער אינערן ווערט אלס פּאָעטישע שרייבע־רייען, ווי אום דורך זיי צו קריגן אן איינבליק אין דער אַנט־וויקלונג פון אידיש אלס א ליטעראַרישער שפּראַך.

לאָמיר נעמען מיין אייגענעם פאל. עס וועט געוויס זיין א ביסעלע אומבאקוועם: זיך אַליין אַנאַליזירן איז נאָך מיט אַיין איינציגער מדרגה לייכטער ווי פּאָר א טויטן זיך אַליין באַלמעסן. אָבער וואָס זאָל מען טאָן? איך האָב קיין אנדערן ניט. אלזאָ!

ווען דער „פּוילישער אידל" איז געגרינדעט געוואָרן, און איך בין אין געדאַנקען דורכגעגאַנגען אלע „דעפּאַרטאַמענטן", בין איך געבליבן שטיין זייער צעטראָגן ביי דער פּאָעזיע. וואו נעמט מען כאָטש אין יעדן צווייטן, דריטן, פערטן נומער א געדיכטעלע? ווי הייסט דאָס עפּעס א צייטונג גאָר אָן פּאָ־עזיע?

איך אַליין האָב אין מיין לעבן „ווערזיפיצירט" געדאַנ־קען און געפילן אזוי גוט, אָדער אזוי שלעכט ווי איך האָב געקענט, זינט איך בין ארויס פון קינדערשע פּלודערקעס. איך האָב אויף מיין געוויסן רוסישע פאַבלען פון דער צייט, ווען איך בין אַלט געווען עלף־צוועלף יאָר; זיי זענען גליקלאַכערווייז פארלאָרן געגאַנגען און האָבן געוויס קיין בעסערן „שיקזאַל" ניט פארדינט. העברייאיש האָב איך געשריבן צו זיבעצן יאָר (אין גראַמען) און אליעזר ליפּמאַן זילבערמאַן בעל „המגיד" האָט זיי געפונען דרוקפעיאיג. א יאָר פריער איז אין אַן אַל־בום פון א יונגער דאַמע דערשינען פון מיר דאָס געדיכט — אין הויך דייטש! —

Fralein Rose,
Sie, famose,
Inhaltslose,
Zuckerdose!

און אַנדערע, עטוואָס גרעסערע, אָבער פיל ערגערע, אין דער שפּראַך פון שילער און היינע, מיינע דייטשע ליבלינגס־דיכטער.

בקיצור, איך האָב אין דעם יאָר 1884 שוין געהאַט הינטער זיך אַ „פּאָעטישע" פאַרגאַנגענהייט אין דריי שפּראַכן און אין דעמזעלביקן יאָר האָב איך אפילו אַ קלעטער געטאָן אויף דעם ענגלישן פאַרנאַס, מיסברויכנדיג מילטאָן און בייראָנ'ס לשון פאַר נעגראַמטע פּריוואַט־יסורים...

אָבער אידיש!

אמת, איך אַליין האָב שוין פּרובירט שרייבן ליצנות אין אידישע פערזן מיט אַ יאָר זיבן פריער, אָבער דאָס איז געווען — ווי געזאָגט — ליצנות. וועלכער מענטש וועט שרייבן ערנסטע זאַכן אין אידיש? קודם כל איז די שפּראַך אַזוי אָרעם אין ווערטער, אַז חוץ די פּאָעזיע, וואָס דריקט זיך אויס אין אַ זיפץ און אַ קרעכץ, קען אין איר ניט פאַרטייטשט ווערן אַזוי, אַז מען זאָל זי פאַרשטיין. דאַן, דאַרף מען דאָך צום דיכטן אין אידיש דענקען אין אידיש, און מיר אַרבעטן דאָך מיט אַלע כוחות צו דענקען, כדי צו קענען רעדן, אין אייראָפּעאישע לשונות; עס איז דעם אידנ'ס — און ווייטער קיינעמ'ס ניט — אַמביציע צו רעדן אַלע שפּראַכן בעסער, לכל הפחות ניט ערגער, ווי די, וואָס אין איר זיינען זיי געבוירן געוואָרן.

וואָס־זשע טוט מען? און דאָ דאַרף מען אַ געדיכט טאַקע אָט ווי דאָס „ליבע ברויט".

און דערווייל פאַרגייט איין וואָך, צוויי וואָכן, דריי וואָכן — עס דערשיינט אַ „פּוילישער אידל" און ניט אַ גראַם!

איך קום אויף אַ פּלאַן. איך וועל פּרובירן מאַכן אַ סאַטירישן געדיכט, כאָטש זיך נוקם צו זיין אָן די קאָרטנשפּילער צווישן די אידישע אַרבעטער: די מגפה קאָרטן האָט דאַמאָלסט, ווי איך האָב שוין דערציילט, פאַרוויסט פיל פאַמיליען־לעבנס.

איך וועל עס פּרובירן. דאָס דאַרף גיין!

האָב פּרובירט און עס איז געגאַנגען. אין דעם פערטן נומער איז דערשינען מיין געדיכט „צוויי געסעלאַך (אַ כאַראַק־טער־בילד פונם אידישן לעבן אין לאָנדאָן)" מיט דעם פאָלגנדיקן אַרויספאַר:

„איין אַ קליינע געסעלע, אַ שמוציגע, אַ שמאָלינקע
„זיצט אַ יונגע ווייבעלע אין קעמערל אליין;
„שבת איז אוועקגעגאַנגען און איר מאַן נפתּלינקע
„האָט איר „אויף אַ ווײַלינקע" געלאָזן דאָ אליין".

דאַן גייט אַ באַשרייבונג, אין זיבן סטאַנצן, פונם ווייבע־לע'ס ליידן, וואַרטנדיג ביז דרייַ אַזייגער באַנאַכט אויף איר מאַן און דאָס געדיכט ענדיגט זיך מיט די ווערטער:

„אין אַן אַנדער געסעלע, אַ שמוציקע, אַ שמאָלינקע,
„אין אַ פיינעם שטיבעלע מיט אידעלאַך געפילט,
„האָט די ו ו י י ד ז ש ע ס און דערצו אַ זילבער אור נפתּלינקע,
„זיצנדיק ביים טישעלע, אין קערטעלאַך פאַרשפּילט".

און דער עולם האָט עס אַזוי גוט אויפגענומען, אַז יעקב אַד־לער האָט עס אָנגעצייגט אַלס אַ דעקלאַמאַציע פון דער בינע און האָט עס אויך דעקלאַמירט.

מיין שמחה איז געווען גרויס ביז איך האָב זיך געטראָפן מיט פיליפּ קראַנץ. אַט־דער ניכטערער פּראָזאַיק האָט זיך דערקלערט אין אַלגעמיין צופרידן, אָבער ער האָט געפונען, אַז איך געברויך צופיל די פאַרקלענערונגס־ענדונג, ווי, למשל, ווייבעלע, קעמערל, אידעלאַך, קערטעלאַך און אַפּט, וואו זי איז איינפאַך „אַבסורד", ווי צ. ב. אין דער פּראַזע: „קלאַפּט דער פערפענדיקעלע", וועלכע קומט דאָרטן פאָר.

פון דעסטוועגן איז געווען געמאַכט אַן אָנהויב, ווען נים פאַר אידישע פּאָעזיע, יעדנפאַלס פאַר ריטמישע פערזן פון עכט־אידישע ווערטער אויף אַן עכט־אידישן סוזשעט.

האָבנדיג געגעבן דעם אַרבעטער אין אַ אידישע איבערזעצונג

טהאָמאס הוד'ס „ליד פונ'ם העמד" (אין נום. 6), האָב איך אין נומער 8 אָפּגעדרוקט אַ ליד, וועלכעס האָט געהאַט אַ גרויסן ערפאָלג. דאָס האָט געהייסן: „לאָנדאָן ביינאַכט" און איז געווען (נאָר אין דער פאָרם) אַ נאָכמאַכונג פון אַ געדיכט, וועלכעס איז אין רוסלאַנד דאַן געווען פאַרבאָטן. איר פאַרפאַסער מיאַטלעוו איז אפשר — איך ווייס' עס ניט — מיט קיין אַנדער געדיכט ניט באַקאַנט, אָבער רוסישע לעזער געדענקן געוויס ווייניקסטנס דעם איינדרוקספולן אָנהויב, וועלכער קומט ביי מיר אויס:

איר לעמפּעלאַך, לאַמטערנערלאַך,
דערציילט מיר, וואָס ביינאַכט,
זיך שטייענדיק און ברענענדיק,
איר צייטנווייז באַטראַכט.

און ענדיקט זיך אין יעדער סטאַנצאַ מיט דעם רעפריין (צו־געזאַנג):

די לעמפּעלאַך זיי ברענען זיך,
באַלייכטן יעדעס הויז;
צי זעען זיי — צי הערן זיי,
דאָס זאָגן זיי ניט אויס.

און אַזוי ווי עס איז גלייך דערצו געפונען געוואָרן אַ אידישע מעלאָדיע, האָט מען עס כמעט אומעטום געזונגען.

אין די סאַטירישע געדיכטע „דער קריכער", „דער צבועיאַק" און אין דער קליינער דראַמאַטישער סצענקעלע „פאַרט ניט גע־כאַפּט!", האָט זיך בּיסלאַכווייז אויסגעאַרבעט דאָס, וואָס מיר רופן ליטעראַרישער אידיש, מער ווי אין דער פּראָזאַ, ווייל דאָ איז די שפּראַך און איר אידישקייט געווען וויכטיקער ווי דאָרטן. אין די אַרבעטער־לידער אויך, אָבער אין אַן עטוואָס נידעריקערן גראַד, מחמת דאָ איז דער עיקר וויכטיק געווען דער אינהאַלט. זיי האָבן געזאָלט וועקן און דערצו איז דעם שמש'ס הילצערנער האַמער אַזוי עפעקטיוו ווי דעם גלאָק'ס זילבערקלאַנג.

דער דערפאָלג פון אָט די און אַלע אַנדערע לידער האָט ארויס־

גערופן נאָכפאָלגער און נאָכמאַכער און אונזער לשון האָט דערביי דאָס געוואונען, וואָס מען האָט זיך גענומען שעמען ניט צו שרייבן נעדיכטן מיט אַ ריטם און אויף אַן איראָפּעאישן אופן און מען האָט אָנגעהויבן צו זאָגן „אידיש“, אנשטאָט „זשארגאָן“, דאָס הייסט האָבן אַ האָרעלע רעספּעקט פאַר זיך אַליין.



גשמיות געגן רוחניות. — ווי מיר קומען צו צום אידישן ארבעטער. — א חודש אן ארבעט. — א נייער פאראיין, א נייע באוועגונג. — כייקל און מייקל. — שלום.

„ויתרוצצו הבנים בקרבה״!

צוויי נשמות זיינען געווען אין דעם „פוילישן אידל״ פון אנ־הויב אן. א שבת'דיקע און א וואכעדיקע, עס האט פריער אדער שפעטער געמוזט קומען צו א שפאלטונג און עס איז געקומען ווען די צייטונג איז געווען אין דער זיבעטער וואך פון איר צווייטן יאר־גאנג.

די שבת'דיקע נשמה וועלכע איז געווען מיינע, האט געהאט אין זין נאר רוחניות: אידייען, איבערצייגונגען, די סאציאליסטי־שע באוועגונג. געווים, דערמיט איז געווען פארבונדן אביסעלע גאוה, א שיין ביסעלע אייגענליבע און א גאנצע מאסע פון אן אינ־סטינקטיוון שטרעבן צו דערגרייכן נייע וועלטן, אויפצוטאן עפעס אין דער אלטער וועלט; ניט אכטנדיק דערויף, וואס יעדע פיאנער־ארבעט פארלאנגט א סך ענערגיע־פארשוועגדונג, זעצט פאראויס א סך טאפן אין דונקעלן, זוכנדיק א וועג, פרובירנדיק טרעפן צום ציל, אפט פארקריכענדיק אן א זייט. אבער ווי דאס זאל נים זיין, איז דערביי ניט געווען קיין שטרעבן נאך געלט; מער ווי דאס. מען איז, ווי די לעזער ווייסן שוין, פון אנהויב אן געווען בארייט צו פאר־לירן געלט.

מיין חבר ראבינאוויטש, דאגעגן, הגם ער איז אויך געווען באַ־רייט צו צו לייגן צום ערשטן קווארטאל, אפשר אויך צום צווייטן, אבער נאר בתנאי, אז דער דריטער און דער פערטער זאלן אפצאלן כפל כפלים. פאר אים איז חוץ דעם, דער „פוילישער אידל״ געווען

א געשעפט אפילו ווען מען האט ביי אים געמוזט האבן היזק, ווייל אן ד ע ם געשעפט, וואלט ניט געווען קיין דרוקעריי, און די ציטונג איז דאך, ווי מיר האבן געזען, נאר צוליב די דרוקעריי גע־גרינדעט געווארן. זיינע איז, דערפאר, די וואכעדיקע נשמה אין דער אונטערנעמונג, און צו זיין גערעכט צו אים מוז מען זאגן, אז איך האב דעמאלט געהאט א הכנסה פון אן אנדער זייט, בעת ער האט זי ניט געהאט. די עולה איז פיליכט נאר געווען וואס ער האט ניט פרובירט האבן א זייטיקע הכנסה, כדי ניט צו וואכעדיק צו מאכן די נשמה זיינע, אבער איך משפט אים ניט.

דער פאקט בלייבט פונדעסטוועגן אז ער האט די גאנצע צייט געצויגן צום ריוח, בעת איך האב געשטרעבט צו אן אידעאל. דער רעזולטאט דערפון איז געווען, אז מיר האבן געמוזט ענטוועדער זיך אייניקן אויף א קאמפראמיס, אדער פאנאנדערגיין גלייך די ערשטע וואך.

מיר האבן זיך געאייניקט אויף א קאמפראמיס:

די ציטונג האבן מיר באשלאסן, זאל אנפאנגען ניט אויסגע־שפראכן סאציאליסטיש; איר מאטא זאל זיין דער פסוק: יגיע כפיך כי תאכל, וועלכער שטעלט צופרידן דעם געוויסן און איז, אין דער־זעלביקער צייט, ניט קיין שטער צו ביזנעס; זי זאל באלויכטן טאג־פראגן ווי א סאציאליסטן דארף עס טאן, אבער זאל דערווייל נאך ניט אויפהויבן די רויטע פאן, ווייל דאס קען פארטרייבן שווארצלא־כע און גרינלאכע מענטשן, וועלכע מ'דארף ביי זיך האלטן און, אויב זיי זיינען ביי אונז ניטא, אפילו צוציען, כדי זיי מיט דער צייט צו מאכן רויט, ברייננגענדיק אין צירקולאציע אויף א האסטיקערן אופן די בלוט אין זייערע אדערן.

און חוץ אלע מעשות — האבן מיר זיך געטרייסט און ניט מיט אונרעכט — דארף מען דאך אפילו די רויטע ע ר ש ט ל ע ר־נ ע ן ל י י נ ע ן א י ד י ש.

און אזוי איז געווען. דער „פוילישער אידל" איז געווארן דער דרדקי־מלמד פאר דער יונגער אידישער סאציאליסטישער באוועגונג און איך וואלט, לכל־הפחות, יענעם ערשטן יאר זיכער דערמיט גע־

ווען צופרידן. ליידער האָט די וואַכעדיקע נשמה, זייענדיק אין דרוק, דאָרטן וואו די צייטונג ווערט אַלע וואָך געמאַכט ביסלאַכווייז, אָנ־געהויבן צו נעמען די אויבערהאַנט אין דעם קאָנפליקט מיט דער שבת'דיקער, איבערהויפּט אַזוי ווי לעצטע איז געווען אין דרויסן.

איך ווייס, אַז איך כאַפּ די פיש פאַרן נעץ, אָבער אום פּטור צו ווערן פון דעם פּונקט, וועל איך דאָ גלייך זאָגן, אַז אין אויגוסט 1885 איז געווען אין לאַנד אַן אַלגעמיינער וואַל, אין דעם אידישן דיסטריקט אין ווייטשעפּל האָט קאַנדידירט סעמיועל מאָנטעגיו. מיין שותף האָט אָן מיין ווייסן, אין דרוק, אַריינגעשטעלט אַ נאָטיץ צו גונסטן פון הערן מאָנטעגיו'ס קאַנדידאַטור און דאָס איז פאַר מיר געווען אַ פּאַסירצעטל. איך האָב גענומען מיין העקל און מיין פּעקל און בין אַרויסגעגאַנגען פון דער צייטונג.

***

פונדעסטוועגן בין איך דאָ נאָך אויסן געווען צו זאָגן אויף וועלכן אופן דער „פּוילישער אידל" איז געקומען צו האָבן דעם כאַ־ראַקטער וואָס ער האָט געהאַט, כדי אַז דער לעזער זאָל דייטלאַך פאַרשטיין דאָס, וואָס וועט דאָ איצט געזאָגט ווערן,—איצט ווען מיר קומען צו דער סאָציאַל־עקאָנאָמישער זייט פון דעם „פּוילישן אידל".

און דאָ איז נויטיק צו ווייסן, אַז פאַר מיר איז געווען אַ דונקע־לע מאַסע. אַ אידישער פּראָלעטאַריער איז געווען אַ נייס, אַלע באַמי־אונגען די אַרבעט צו אָרגאַניזירן זיינען ביז דאַן „פאַרלאָפן אין זאַמד" ווי די דייטשן זאָגן (אויף אונזער לשון). נאָך איידער ליבערמאַן איז אַהינגעקומען, נאָך אין 1872, איז אַן אַרבעטער פאַראיין געגרינדעט געוואָרן, דאַן אין 1876 דורך ליבערמאַנען, דאַן אין 1880 מיט דער באַטייליגונג פון אונז ביידן.*) אַלע די גרינדונגען זיינען ניט געוואָרן איבער נאַכט. אפילו איצט, אין 1884) ניט אַכטענדיק אויף דער שטאַרקער עמיגראַציע, איז נאָך געווען ווייניק וואָס האָפענונג אויף דערפאָלג אין אַזאַ אונטערנעמונג.

*) זע אויבן זייט 106.

אינסטיקטיוו האָב איך, דאכט זיך, געטראָפן דעם ריכטיקן וועג. װאַרשײנלאך דערפאר, ווייל איך האָב געלעבט א י ן דער מאסע, פאר וועלכער עס איז אויסגעקומען צו ארבעטן.

און דער ערשטער פונקט אויף דער טאָגעס־אָרדענונג איז, קלאָר, געװען דער:

מען דארף דעם ארבעטער, דעם מאָדערנעם גלגול פון דעם אמאָליגן בעל־מלאכה, געבן צו פארשטיין, אז ער איז א מענטש; מען דארף אים ווייזן זיין יחוס צו זיך אליין, איידער מען קען אים ווייזן וואס ער האָט צו באטייטן אין דער געזעלשאפט און וואָס פאר א שייכות ער האָט צום צד פונם ארבעטער־קלאס אין דעם קלאסן־קאמף; מען דארף אים לערנען ניט אראָפצוכאפן די היטל פארן שנאָרער, וואָס שפילט די ראָלע פון א משכיל, אָן יחסן, א יודע־ספר, פאר דעם טעלער־לעקער ביי אידישן קצין און פארן קצין אליין: ד ע ר סאָרט פאראזיט פלעגט דאן שפילן א גרויסע ראָלע אין ווייטשעפל.

און ווי דאס פאסירט כמעט שטענדיק האָט זיך ארויסגעריסן דער ריכטיקער ווארט אין אַן געגראמטע פאָרם, — אין דער פארם פון א ליד אין צוזאמענהאנג מיט דער כראָנישער קראנקייט פון דעם לאָנדאָנער אידישן קווארטאל — מיט דער ארבעטסלאזיקייט, המכונה „סלעק“.

דאָס איז געװען מײן געדיכט „א חודש אָן ארבעט“, וועלכעס איך וועל מיר דערלויבן דאָ איבערצוגעבן:

איך בעט קיין נדבות
פון וועגן זכות אבות,
פארהאָרעװען וויל איך מיין ברויט;
נים בעטלען, ניט שנאָרען,
צו קבצנים ניט פארן,
ניט ווארטן אויף רייכע לייטס טויט.

---

מיר פעלט די חריפות
אין שנאָרערשע חניפות,

די דריידלאך, די קונציקע רייד;
ביים טיש פון א קצין, —
די אויגן צו גלאצן
דערצו בין איך ווייניק געשייט.

---

איך בעט ניט ביי קיינעם
א טייטל א שיינעם
איך וויל קיין „מורנו" ניט זיין;
איך וויל א באוואוסטער,
אלס ערלאכער שוסטער,
אלס ערלאבער שניידער נאָר זיין.

---

איך בעט ניט קיין שלישי,
קיין מפטיר, קיין שישי,
איך וויל ניט אין מזרח־וואנט שטיין;
אויף נארישע גאוה
בין איך קיין בעל תאוה,
מיין שטאָלץ איז מיין האנטווערק אליין.

---

נאָר ארבעטן וויל איך,
פארקויפן אייך ביליק
מיין פראצע, פון פנים דאָס שוויים;
נאָר קויפט עס געשווינדער,
מיין ווייב, מיינע קינדער —
אויף זיי דער רחמנות איז גרויס.

---

די נאָדל, דער הובל
זיי שאפן דעם רובל,
זיי שאפן דעם שילינג, דעם פראנק;
דער שניידער, דער סטאָליער
ווען אויך ניט קיין פוילער,
פארהונגערט ווען ער ווערט נאָר קראנק.

איך בעט קיין נדבות
פון וועגן זכות אבות,
פֿארהאַרעווען וויל איך מיין ברויט;
פון אַרבעט נאַר רייד איך,
איך וויל ניט גיין ליידיק,
באפרייט מיך דורך אַרבעט פון נויט!



אין דריי וואָכן שפּעטער געפינט זיך טאקע שוין אַן אָנצייגע צווישן די „אנאָנסן“ אין דער צייטונג, וואו עס ווערט געזאָגט, אז דער „ארבעטער אונטערשטיצונגס און בילדונגס־פֿאראיין“ וועט אפּהאלטן א מיטינג אין זיין נייעם קלוב אין הענבורי סטריט, שבת דעם 22טן נאָוועמבער און זונטאָג וועט געהאלטן ווערן א רעדע פון א „גאסט“, וועלכן מיר „האָבן איינגעלאַדן“ און דאָרטן וועט ג ע ־ ז ו נ ג ע ן ווערן „אחודש אַן ארבעט“ א. אז. וו. — עס האָט זיך, אלזאָ, שוין געהאט געפונען א מאָטיוו.

אנב אורחא מעג איך דא זאגן, אז ביי יענעם מיטינג האָב איך געהאלטן מיין ערשטן אידישן פאָרטראג פאַר אַן אמתער מאסן־פֿאר־זאמלונג. ניט אכטנדיק אויף די אידיש פון דעם ציטירטן געדיכט, איז מיין אידיש ביים פאָרטראג געווען געבראָכענע דייטש, פאַר וועלכער איך שעם זיך נאָך היינטיקן טאָג.

עס איז ניט קיין איבערטרייבונג צו זאָגן, אז יענעם זונטאָג— פיר יאָר נאָך ליבערמאנס טויט — האָט זיך אין ענגלאנד אָנגעפאנ־גען די אמת׳ע אידישע ארבעטער־באוועגונג, די אמת׳ע מאסן־בא־וועגונג.

דער לייט-ארטיקל אין דעם נעקסטן נומער (20) פון דער צייט־טונג באוויזט א ריכטיקע אָפּשאצונג פון דער גרינדונג פון דעם דאָ־זיקן קלוב אין הענבורי סטריט פון דעם פאראיין איבערהויפּט.

דער ארטיקל, וועלכער איז באטיטלט: „דער נייער ארבעטער

פאראיין" טראָגט אונטערן קעפל, אלס מאָטאָ, די איצט שוין אלגע־
מיין באקאנטע (ווייל אָפט ציטירטע) פראזע פון יאָהאן יאקאָבי:
"Die Grundung des kleinsten Arbeitervereins wird fur den kunftigen Culturhistorkier von groesseren Werth sein als der Schlachttag von Sadowa.

און ער פאנגט אָן מיט די ווערטער:

„דער וואונש, וואס איז געווען נענטער ווי יעדער אנדערער צו אונזער הארצן ווען מיר האָבן אָנגעפאנגען ארויסגעבן די בלאט איז ערפילט געוואָרן. די אידישע ארבעטער אין לאָנדאָן האָבן זיך ענדלאך פאראייניקט און זייער חברה האָט א געזונטן פונדאמענט. מיר ווילן זיך ניט שטארק איבערנעמען, אָבער אונז דאכט זיך, אז ע פּ ע ס האָט אונזער צייטונג דערצו בייגעטראָגן... און מיר קע־נען זאָגן, אז מיר „האָבן אונזער בלאט ניט אומזיסט ארויסגעגעבן".

דער ארטיקל איז א לאנגער און זיין הויפט אינהאלט איז א גאנ־צע רייע פּראקטישע פאָרשלאגן ווי אזוי צו פירן דעם קלוב. מיט די ווערטער: „אייניגקייט איז מאכט" שליסט ער.

פיליכט אינטערעסאנטער ווי דער ארטיקל איז א באריכט אין דעם פריערדיקן נומער וועגן דעם מיטינג, וואו דער „גאסט" האָט געהאלטן דעם דאזיקן פארטראג.

איך וועט ניט שאדן ביי דער געלעגנהייט אויפמערקזאם צו מאכן אויף צוויי זאכן, וועלכע דארפן אינטערעסירן אלע וואס שטו־דירן פאָלקס־באוועגונגען.

ביי אונז דאן, ווי אומעטום און שטענדיק, איז די איניציאטי־ווע געקומען פונם פאָלק און ניט פון איינצעלנע פערזאָנען. ווען דער פאראיין זאָגט, אז ער האָט „איינגעלאדן" דעם „גאסט" צו קומען און ריידן ביי דער גרינדונג איז דאס אמת. דאס איז אמת דאָ, ביי א קליינעם פאריין, מיט גאנץ קליינינקן פירער, ווי עס איז געווען אין דייטשלאנד מיט דעם „אלגעמיינעם דייטשן ארבעטער פאראיין" און דעם גיגאנט פערדינאנד לאסאל.

דאס איז איינס, א צווייטע זאך, אויף וועלכע מיר ווילט זיך אנווייזן, איז דער פאקט, אז גלייך ווי דער „פוילישער אידל" איז בעגרינדעט געוואָרן איז אין אים דער „שפרעכער" פארן ארבעטער

געוואָרן אַן ארבעטער, אַן אינטעליגענטער ארבעטער, אַ שניידער מיטן נאָמען אייזיק סטאָון. *)

אים האָט געפעלט טאלאנט, אָבער אויף זיין אייגענעם פּראָסטן אופן האָט ער אין דער צייט, וואָס איך האָב רעדאַגירט די צייטונג, געשריבן:

1) „די אידישע ארבעטער אין לאָנדאָן", א היסטאָרישן אר־טיקל, וועלכער איז פול פון וויכטיקע פאקטן, הגם זיין באלייכטונג איז אָפט קינדיש־נאאיוו און אויבערפלעכלאך.

2) „די לאגע פון דעם גרינעם אין לאָנדאָן".

3) „א בוט־פינישערס (טייל־שוך ארבעטער, דער וואָס ענ־דיקט אָפּ דעם שוך) לעבן אין לאָנדאָן".

חוץ די ארטיקלען — אלע לאנגע — האָט ער געשריבן פאר די צייטונג קליינינקייטן, מער אָדער ווייניקער אינטערעסאנטע.

דאָס הייסט, ווען די צייט פאר די מאסן־באוועגונג איז געווען געקומען, האָט זיך געפונען אין דעם פאָלק מאטעריאל פאר שרייבער און פירער, זאָגאר דיכטער.

עס וואלט געווים געווען דעמאגאָגיש צו זאָגן, אז דאס פאָלק האָט אונז גאָרניט געדאַרפט, זיכער איז אָבער, פון דער אנדערער זייט, אז קיינער פון אונז וואלט גאָרנישט אויפגעטאָן אָן דעם פאָלק, דאָס הייסט, ווען די צייט וואלט ניט געווען רייף און די פארהעלט־ניסע פאסענד, כדי ארויסצורופן ביים פאָלק די קראפט, וואָס האָט אין אים געשלומערט.

די צייטונג האָט אָבער דערביי פיל געטאָן ניט נאָר דורך דעם, וואָס זי האָט דירעקט געפּרעדיקט, נאָר אויך דורך דעם וואָס זי האָט דעם ארבעטער ביסלאכווייז איינגעוואוינט צו באטראכטן יעדע פּאָ־ליטישע, סאָציאלע און רעליגיעזע דערשיינונג פון א סאָציאליסטישן שטאנדפונקט, אים אויף דעם אופן געבנדיק א סאָציאליסטישע

*) ער איז שפּעטער געוואָרן אַ פּראָפעסיאָנעלער שרייבער אין באַלעבאַטישע צייטונגען. ער פלעגט מערסטנס שרייבן אונטערן פּסעוודאָ־נים „דער זקן". — ק. ס.

וועלט־אנשויאונג, זעלטן וואו ס'האָט זיך געפונען אפילו א זייטיקער אַרטיקל, וואָס האָ טווידערשפּראָכן דער דאָזיקער וועלט-אנשויאונג, — און עס איז דארום דורכאויס ניט קיין צופאל, וואָס פאַרן ענד 1884 איז דערשינענ מיין „יהי אור", די ערשטע אידישע סאָציאַליסטישע בראָשור.



פון דעם 38טן נומער אָן קומט אָן א וויץ־אָפּטיילונג אין דער צייטונג, דאָס איז דער „חייקל און מייקל"־ווינקל אינם פעליעטאָן. ווי „שולצע און מילער" — זייערע דייטשישע פּראָטאָטיפּן אין דעם בערלינער „קלאַדדעראַדאַטש" — זיינען זיי זיך מתוכח איבער אלץ וואָס עס מאכט זיך אינם קורצן דיאלאָג.

אָט זיינען איינִיקע פון זיי, כאראקטעריסטיש פון דער צייט פון די לאָנדאָנער פארהעלטעניש, וועלכע זיינען פונדעסטוועגן נאָך היינט אויך פארשטענדלאך:

**חייקל:** איי, האָט דאָס גומפּרעך א ביסל א צונג!
**מייקל:** אזוי! מסתמא טאקע א גרויסער ריידער...
**חייקל:** דאָס גראָד ניט, אָבער א מורא'דיקער טעלער־לעקער.

---

**חייקל:** וואָס טוען אייגנטלאך די ענגלענדער אין מצרים?
**מייקל:** זיי זיינען דארטן די עלפטע מכה.

---

**חייקל:** אין אביסיניען זיינען דא שווארצע אידן ווי איך הער.
**מייקל:** זיי איז, אויף דעם אופן, בעסער ווי אונזערע אידן אין רוסלאנד...
**חייקל:** מיט וואָס?
**מייקל:** זיי פארשפּאָרן פארשווארצט צו ווערן.

---

**חייקל**: אלע שרייען: אין אמעריקע איז היינט שלעכט; פונדעסטוועגן קומט קיינער ניט צוריק.

**מייקל**: שוטה! די מערסטע האָבן ניט מיט וואס צוריק־צוקומען.

....

---

אזעלכע זיינען אין די 12 נומערן דא א מאסע. די עטלאכע פאַרגעבראכטע וועלן זיין גענוג, כדי צו מאכן דעם באגריף פון דעם מהות פון דער צייטונג פולקום.

א חוץ די דערמאָנטע און ציטירטע לידער און גערדיכטן, האָבן געמאכט אן איינדרוק: „א מיידעלע אין דער סיטי" און די „פאר־ליבטע נייטערין", בשעת א לירישער גערדיכטל „צו די רייכע" האָט קנאפּ וואָס אָפּקלאנג געפונען.

---

א יאָר נאָך דער גרינדונג פון „פוילישן אידל" איז אין לאָנדאָן ערשינען, אלס מאָנאטלאכער קליינער זשורנאל, דער „ארבעטער־פריינט". מיט אים פאנגט זיך אָן א נייער קאפיטל אין דער גע־שיכטע פון דער אידישער ארבעטער־באוועגונג.



# דער „אַרבעטער פֿריינד" *)

די גרינדונג פֿון דער צייטונג. — מיין לאַגע און מיין באַ־
העלטעניס. — קראַנק. — איניקע פֿון די עשרה ראשונים.
— אונזער פּרינציפּיעלער באַמעלאַן. — דער כוואַט. — אונ־
זער אידישקייט.

דעם 15טן יולי, 1885 האָט דער ערשטער נומער „אַרבעטער פֿריינד" באַגריסט די שטאָט לאָנדאָן, וועלכע איז צו אים און זיינסגלייכן געווען פּונקט אַזוי גלייכגילטיק ווי, כאַפּט אייך אָן, אַ שטאַרקע, גרויסע, שטאָלצע שווייצער קו וואָלט זיין צו אַ משה רבינו'ס קיעלע.

איך האָב בדעה צו באַשרייבן פֿאַר די לעזער פֿונם דאָזיקן זשורנאַל די ערשטע זעכצן חדשים פֿון דעם „אַרבעטער פֿריינד"ס עקזיסטענץ, דאָס הייסט, די צייט ווען ער איז נאָך געווען אַ מאָנאַטלאַכע, ניט אַ וועכנטלאַכע צייטשריפֿט. דאָס וועט מיך ברענגען אין מיינע עראינערונגען ביז צום סוף יאָר 1886.

בתורת הקדמה וועל איך מיך דערלויבן דאָ זיך אַליין צו ציטירן. איך וועל איבערגעבן שטעלן פֿון אַן אַרטיקל, וועלכער איז מיט פֿינף יאָר צוריק געווען געדרוקט אין דעם „אַרבעטער פֿריינד" גופא, בעת די לאָנדאָנער חברים האָבן געפייערט זיין צוואַנציקסטן געבורטסטאָג. איך האָב דאַן געשריבן:

„דאָס בילד שטייט מיר פֿאַר די אויגן!

*) „דאָס נייע לעבן", צווייטער יאָרגאַנג, העפֿטן 7, 8, 10 און 11, ניו יאָרק, 1910.

PRICE IN LONDON ONE PENNY — IN THE PROVINCES 3 HALFPENCE

רעדאקציאן
282 CITY ROAD
E. C.

עקספעדיציאן
29, Fort St.,
Bruschfield St.




London July 15 1885. — No. 1 — לאנדאן ב׳ מנחם אב תרמ״ה

# פון דער רעדאקציאן.

ווי מיר האבען שוין ערקלערט אין אונזערן אויפרוף צו דען ארבייטערן, אונטערנעמען מיר דיא הערויסגעבונג פון דיזען „ארבייטער־פריינד" אום צו פארברייטען צווישען אידישע ארבייטער דען וואהרען סאציאליזמוס. מיר וויללען, דאס אלע זאללען קענען לעבען גלייך, פריי און גליקליך; מיר וויללען, דאס דיא געזעלשאפט זאלל זיין זא איינגעריכטעט, דאס קיינער זאל ניט וועלין און זאלל ניט קענען, ווען ער וועט יא וועלין, רויבען און אונטערדריקען דען אנדערן; מיר ווילען, מיט איין ווארט, גענצליך ענדערן דען יעצטיגען צושטאנד פון טיראניי און אונגירעכטיקייט, ווען איינער האט מיליאנען און דער אנדערער נארנישט, ווען דיא קאפיטאליסטען און אלע רויבער, וועלכע לייגען ניט אריין א פינגער אין קאלטע וואסער, לעבען אין ווילטאג, פארען אין קארעטען, זויפען און טרינקען, און דיא ארבייטער הארעווען טאג און נאכט, פארלירען זייער געזונד און אפט זייער לעבען און אם ענדע שטארבען פון הונגער. זאלך איין שרעקליכער צושטאנד קען ניט און דארף ניט מעהר דויערן, ער מוז גיענדערט און פערניכטעט ווערין, אום צו געבען פלאץ איינער נייער און גירעכטיגער געזעלשאפט. וועלכע ניט אונז און לערנט אונז דער סאציאליזמוס. מיר זיינען איבערציינט, דאס נור דער סאציאליזמוס אליין פיהרט אונז צו אונזערער בעפרייאונג. נור ער אלליין גיט אונז גוטע און ריכטיגע מיטעל, וויא אזוי דיא ארבייטער און דאס גאנצע פאלק קענען געהאלפען ווערען.

אבער, אום דער סאציאליזמוס זאלל דאס אללעס קענען טהון, מוזען דיא ארבייטער זיך פעראייניגען און ארגאניזירען, דאס זיי זאללען קענען אראפשלייdערן פון זיך אלע זייערע בלוטזויגערס און רויבערס, דאס זיי זאללין זיין שטארק און מעכטיג. דיא קאפיטאליסטען, מייסטערן און אללע רייכע און צופרידענע האלטען זיך שטארק איינע פאר דיא אנדערע און ווילען זיך אויף קיין פאך ניט אונטערגעבען. פון זיי בעשטייט דיא רעגירונג, און זיי פירען דיא רעדל. זיי האבען פיר זיך סאלדאטען, פאליציי און געריכטע, און ווען דיא ארבייטער ווען זיך ניט פעראייניגען און וועלין ניט גיין אלע איין וועג, זא וועלין זיי אימטער פערשווארצט זיין און ליידען אלע צרות, וויא יעצט. דאריבער האבען נאך אין 1848 יאהר דיא בעסטע און גרעסטע לעהרער פון דען יעצטיגען סאציאליזמוס, קארל מארקס און ענגעלס, געשריבען אין זייער בערימטען „מאניפעסט פון דער קאמוניסטישער פארטיי": ארבייטער פון דער גאנצער וועלט, פעראייניגט איך! יא, פעראייניגט איך, ארבייטער, און דאן וועט איהר בעפרייט ווערן פון אייער יעצטיגע שקלאווערייא און ארמוט! דען ריכטיגען וועג און דיא ריכטיגע מיטלען גיט אייך דער סאציאליזמוס, און איהר האט נור נאכצוגיין דיזען וועג, ערלערנען און אנצונעמען דיזע מיטלען.

וואס היסט סאציאליזמוס, וואס לערנט ער און וואס וויל ער, וויא אזוי דיא ארבייטער דארפען זיך אם בעסטען ארגאניזירען, וועלכע זאכען דארפען זיי פארמיידען, ווער זיינען דיא ריכטיגע און פאלשע ארבייטער־פריינד — דאס אלעס און איבערהויפט אלע פראגען, וועלכע זיינען פערבונדען מיט סאציאליזמוס, וועט „דער ארבייטער־פריינד" זעהן וואס בעסער און דייטליכער צו ערקלערן. מיר בעטען נור אונזערע לעזער גוט און ערנסט נאכצודיינקען, וואס מיר וועלן שרייבען. ווען דער לעזער וועט פינדען, דאס מיר אירען זיך און זיינען אומרעכט, בעטען מיר אונז שרייבען, און מיר וועלין אנשטענדיג ענטפערן, עס וועט אונז פרייען צו זעהן, דאס אונזערע לעזער אינטערעסירען זיך און גיין אריין אין דיא טיפע און גרויסע פראגען פון סאציאליזמוס. „דער ארבייטער־פריינד" וועט איבערהויפט ניט זיין

„אין א שלאָפצימער, דלד אמות אף דלד אמות, אין אַן אַלטע הויז (29 קאַלטשעסטער סטריט), פארזאמלען מיר זיך — ניט מער, אפשר ווייניקער, ווי א מנין מענטשן איין זומער נאָכ־מיטאָג.

„מיר זיינען אַלע יונג, אפילו איך, דער עלטסטער פון אַלע־מען, הגם נאָך אַלץ אויף דער גרינער זייט פון דרייסיק.

„איז פיליפ קראַנץ דאָרטן ? איך געדענק ניט. איך בין אויך ניט זיכער, צי סיימאָן קאהאַן איז דאָרטן פאראַן, אָבער איך זע דייטלאך פאר מיינע אויגן אי וועס׳ן, אי הילעלזאָנ׳ען: מיינע ערשטע ליבסטע צוויי תלמידים. פאר הילעלזאָנ׳ען פסקן איך שאלות, פארענטפער קשיות; פאר וועס׳ן, ווידער, בין איך א ווערטערבוך אף צוויי פיס; פאר ביידן — אי א רב, אי א מלמד. זיי פארדינען א בעסערן....



הילעלזאָן וועס

„מיט זייביידן האָב איך אין צייט פון עטלאַכע וואָכן צוגע־בראַכט נעכט טענה'נדיק, אז מ'דאַרף נאָך ניט קיין צייטונג.

„אַ יאָ! איך בין געווען דאַגעגן באַ דער גרינדונג, ווי אויך שפּעטער באַ דער פאַרוואַנדלונג פון דעם מאָנאַטלאַכן „אַרבעטער פריינד" אין אַ וועכנטלאַכן, — איך, וועלכן מאַנכע האַלטן פאַר דעם גאַנצן אויפטוער אין דער זאַך.

„וואָרום בין איך געווען געגן אַ צייטונג?

מיין בראָשור „יהי אור" איז געווען נאָר־וואָס דערשינען. ווי מען קאָן זען אויף איר פאָדערבלעטל, האָט זי געזאָלט זיין די ערשטע פון אַ ריי בראָשורן, וועלכע האָבן געדאַרפט געשריבן ווערן אונטער דעם אַלגעמיינעם נאָמען: „אידישע פאָלקס-ביב־ליאָטעק".

„די גרינדונג פון אַ צייטשריפט — אפילו אַ מאָנאַטלאַכע — איז מיר פאָרגעקומען אַן איבעראייַלטער שריט צו יענער צייט. לאָמיר פריער האָבן — פלעג איך טענה'ן — פאַרן אידישן אַרבעטער כאָטש אַן אָנהויב פון אַ ליטעראַטור.

„מען האָט מיר ניט געפאָלגט. עס איז געוואָרן אַ צייטונג. אויב דערפאַר קומט אימיצן אַ דאַנק, אָדער אַ קלאַפּ — דאָס קומט יעדנפאַלס מיינע תלמידים ניט מיר.

„און אַט, דאַכט זיך, זעץ איך זיך באַ אַ בערג טיש און פאַרטראַכט זיך מיט אַ פעדער אין דער האַנט, מיט אַ שטיק פּאַפּיר פאַר די אויגן, און עס גיסט זיך אַרויס אַ פערז נאָך אַ פערז, און עס ווערט אַ סטראָפע נאָך אַ סטראָפע, און איך רוי־בער, און איך שוויץ, און איך הוסט, אָבער עס גייט, עס ווערט, עס וואַקסט.... דער „צורוף צום „אַרבעטער פריינד".

„און ווי איך ענדיק ווידערהוילנדיק די ערשטע סטראָפע:

איך הער דיינע שטימע, די שטימע דער וואָרהייט
דעם קול פון דעם ווירקלאַכן אַרבעטער־פריינד;
איך הער דיך פון וויטן און הער דיך מיט קלאָרהייט,
מיט הערצלאַכער פריידע באַגרים איך דיך היינט *)

*) זע באַנד 2, זייט 84.

„ווי איך ענדיג אזוי שרייבן, דאכט זיך מיר, אז מיין הארץ ווערט צעפלאצט; דאכט זיך מיר, אז איך קען באגרייפן ,וואס א מוטער די געווינערין פון אן ערשטלינג, פילט ווען דאס קינד קומט אף דער וועלט: איך פארשטיי, דאכט מיר, אי די געבורטס־שמערצן, אי די פריידן פון א גליקלאכער מוטערשאפט. (מיין ערשטלינג איז דאס געדיכט געווען נאר אין א געוויסן זין).

„איך וויים היינט, אז אין דעם „צורוף" זיינען דא חסרונות אן א שיעור, אבער איך דאנק מיינע פריינד, וועלכע האבן מיך דערצו באגייסטערט, מיר אליין, כמעט, אויף להכעיס! איך דאנק זיי פאר דער געלעגנהייט, וואס זיי האבן מיר גענעבן דעם „צורוף" צו שרייבן אין א בלאט, וועלכעס זיי האבן באשאפן, מיך ניט פאלגנדיק, געגן מיין ראט.

„דער ערשטער יאר „ארבעטער פריינד" איז פילייכט דער אינטערעסאנטסטער פון יענעם פעריאד, וועלכער ענדיגט זיך אין 1891 מיט דער שפאלטונג, ווען גאלאפ, פייגענבוים, איך און אנדערע האבן זיך אפגעטיילט פון די, וועלכע האבן (מיט א מערהייט שטימען!) געמאכט די צייטונג פאר אן אנארכיסטישער.*)

*) אין דער „פרייער געזעלשאפט" פון אויגוסט 1910, האט ד. ב. (ש. יאנאווסקי) פרובירט אפלייקענען דעם פאקט, אז א מערהייט שטימען האט געמאכט דעם „ארבעטער פריינד" פאר אן אנארכיסטישער צייטונג. מארים ווינטשעווסקי האט אויף דעם געענטפערט אין „דאס נייע לעבן" פון סעפטעמבער 1910 (די „פרייע געזעלשאפט" האט זיך אפגעזאגט עס צו דרוקן). אין זיין ענטפער ציטירט דער זיידע דעם סעקרעטאר'ס באריכט (אויף זייט 2 פון נומער 15 „ארבעטער פריינד", 1891), וואו ס'ווערט געזאגט בפירוש, אז די פארזאמלונג פון 3טן אפריל 1891, אין היסטארישן „בערנער סטריט קלוב" האט מיט א מערהייט פון 25 קעגן 22 שטימען באשלאסן, אז „דער קלוב זאווי דער „ארבעטער פריינד" זאל איבערגיין אין די הענט פון דעם אנארכיסטישן טייל פון די מיטגלידער פון קלוב" (פריער איז דער „ארבעטער פריינד" געווען גלייכצייטיק אויך דער ארגאן פון די סאצ. רעוואלוציאנערן און סאצ. דעמאקראטן). — ק. מ.

„דעמאָלט, דעם ערשטן יאָר, איז די צאָל פון די אַרויסגעבער נאָך געווען זייער קליין. קיין היים פאַרן „אַרבעטער פריינד" האָבן מיר ניט געהאַט, קיין דרוק ניט, גאָרניט. די ליטעראַרישע קרעפטן אונזערע זיינען אויך נ י ט געווען אי־אַי.

„קראַנץ, אונזער רעדאַקטאָר, האָט נאָר־וואָס געהאַט אָנגעהויבן צו שרייבן אידיש (זיין דעביוט האָט ער געמאַכט אין יאָר 1884, אין מיין „פוילישן אידל", ווי איך האָב שוין דערציילט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל) און, צו קיין גנאי זאָל אים דאָס ניט זיין, ער האָט זיך געלערנט שערן אויף אונזער באָרד. ער איז אין דעם פּרט ניט געווען דער איינציקער.

„אָבער ניט אַכטנדיק אַף אַלע שטערונגען און שוועריקייטן; ניט אַכטנדיק אַף דעם, וואָס אונז האָט, ווי געזאָגט, געפעלט אַלץ וואָס מענטשן באַדאַרפן אום ווי עס איז אַרויסצוגעבן אַ צייטונג, איז דער „אַרבעטער פריינד" אַרויסגעקומען כמעט רעגלמעסיק אַלע חודש — זעכצן חדשים נאָכאַנאַנד".



איידער איך גיי ווייטער, לאָמיך זאָגן אַ וואָרט אָדער צוויי וועגן מיין דאַמאָלסטיקער לאַגע.

אין דער ציטירטער סטראָפע פונם "צורוף" זאָג איך: „איך הער דיך פון ו ו י י ט ן" און דעם לעזער מוז דאָס פאַרקומען קשה, מחמת איך דערצייל פריער ווי אזוי דאָס ליד איז געשריבן געוואָרן אין לאָנדאָן גופא. דער אמת איז, אַז אונטער דעם גערדיכט איז געשטאַנען אַ פּאַריזער דאַטום און חוץ מיינע אינטימע פריינד האָט קיינער ניט געוואוסט וואָר דער „מ. וו." איז, וועלכער האָט אונטערגעשריבן דעם אויפרוף. דאָס איז אַלץ געווען צוליב דער אָרעמער שטיקעלע ברויט, וועלכע מיין דזשאָב ביי די זעליגמאַנס האָט מיר געגעבן, מיך צווינגענדיק דאָן און שיינע עטלאַכע יאָר שפּעטער זיך צו באַהאַלטן הינטער פאַרשיידענע פּסעוודאָנימען. לידער און אַרטיקלען,

געשריבענע אין לאָנדאָן, פלעגן דערשיינען אין „ארבעטער פריינד" דאטירט פון אלערליי ערטער, אמאָל זאָגאר פון אמע־ריקע, און דאָס אין אַ צייט, ווען מיר האָט זיך אפילו נאָך גאָר ניט גע'חלומ'ט, אז איך וועל ווען עס איז האָבן אַן אמת־פיזישע מגע־ומשא מיט „קאָלומבוס'עס מדינה".

בא דער דאָזיקער געלעגנהייט מעג דאָ געזאָגט ווערן, אז אזוי וויית ווי איך געדענק, איז דער „צורוף" געווען דאָס ערשטע, וואָס איז ארוים פון מיין פעדער אונטער דעם נאָמען „מאָרים ווינטשעווסקי". נאטירלאך, בא אָט־דער געלעגנהייט, ווי כמעט תמיד שפעטער, איז דער נאָמען אין פול ניט אונ־טערגעשריבן געוואָרן. שפעטער באם „משוגענעם פילאָזאָף" איז קיין אונטערשריפט גאָר אינגאנצן ניט געווען.

איצט אַ וואָרט וועגן קראַנץ צו יענער צייט.

מיר האָבן אים דערוויילט פאר רעדאקטאָר, ניט אכטנדיק דארויף, וואָס אים האָט געפעלט דער לשון. דאָס איז אָבער ניט געווען דערפאר אליין וואָס מיר האָבן ניט געהאט קיין אַנדערן: זיין איינציקער קאָנקורענט וואָלט איך געקענט זיין, און איך האָבן דאן, ערשטנס, צו שווער געארבעט פאר מיין חיונה, און, צווייטנס, ווי געזאָגט, געלעבט אין אַ אייביקער אנגסט, אז איך זאָל ניט פארלירן דעם דזשאב, פון וועלכן איך האָב דיזאָזיקע חיונה געצויגן. ניט דערפאר אָבער אליין וואָס ער האָט ניט געהאט קיין געגן־קאנדידאט איז ער געוואָרן אונזער פאָן־טרעגער און אונזער וואָרט־פירער. אפילו ניט די טאטזאך, וואָס ער האָט געהאט אַ סאָלידן וויסן און איז געווען שוין דאן אַ פראָפעסיאָנעלער ליטעראט, האָט געהאט פיל צו זאָגן אין דעם וואָל. שווערער ווי דיביידע זאכן האָט זיך גע־לייגט אָפ'ן וואָגשאָל, ווען זיינע מעלות זיינען געוואוינגן געוואָרן לגבי זיינע חסרונות, דאָס פאָלגנדיקע:

פיליפ קראַנץ איז געווען, וואָס די דייטשן רופן אַן „ער־לאכע הויט". ער איז אויך געווען פייאיק אויף דעם העכסטן גראד פון זעלבסטלאָזיקייט און צו דערזעלבער צייט אזוי פריי

פון סענטימענטאַליטעט, פון אַרױסגעװיזענער דערגעבנקײט, װי דאָס קען נאָר זײַן אַ בשר־ודם. אין אים האָט מען געזען די פּאַרקערפּערטע ערלאַכקײט, און מען האָט אים אַלגעמײן געאַכט. ער איז דערפאַר געװײלט געװאָרן אויף אַן אופן, װעלכן מען קען נאָר רופן זעלבסטפאַרשטענדלאַך, װײל ערלאַכקײט איז דאָן פּיל װיכטיקער געװען װי סטיל, שפּראַכקענטניש און אַלע אַנ־דערע זאַכן. איבריגנס, בין איך דאַן דערװײלט געװאָרן אַלס זײַן מיטאַרבעטער און מײַן עובדא איז געװען איבערצוזען זײַנע מאַנוסקריפּטן בנוגע צו דער שפּראַך.



פּיליפּ קראַנץ אין לאָנדאָן

און אַזױ װי איך װעל זיך װאַרשײַנלאַך ניט אַזױ גיך צו־ריקקערן צום דאָזיקן, דעם פּערזענלאַכן, עלעמענט אין דער רע־דאַקטאָר־װאַל, לאָמיך דאָ דעם עולם מגלה סוד זײַן, אַז דעם רעדאַקטאָר'ס שכירות איז געװען ניט נאָר דער היפּוך פון גרױס, נאָר אויך דער גענצלאַך פון זיכער. איך װײס ניט מער אַף

קלאָר, אָבער איך גלויב ניט, אז קראנץ האָט אין לאָנדאָן ווען עס איז פארדינט פון זיין רעדאקציאָנעלער טעטיקייט פולע פינף דאָלאר א חודש. אין אָנהויב געווים פיל ווייניקער, און בא מיר איז קיין שום ספק ניטאָ, אז ווען ניט זיין שטארקער קער־פער-בוי, זיין געזונטער שלאָף, וועלכער פלעגט אים אין יענע צייטן העלפן פארשלאָפן מער ווי איין פרישטיק א וואָך, וואָלט ער זיכער געקומען קיין אמעריקא א האלב־אויס־און פארהונגער־טער קאנדידאט אויף אלע חלאים רעים ונאמנים, וואָס זייער מקור איז איבערגעהיפטע מאָלצייטן.

שטארק און ביטער האָב איך אים אין די שפּעטערדיקע יאָרן אָנגעגריפן.*) מיר מאכט דערפאר ספּעציעל פארגעניגן אים אָפּצוגעבן וואָס אים קומט מיט א פולער מאָס, אויב ניט מיט א קופּ



צווישן די גרינדער פונ'ם „ארבעטער פריינד" זיינען מיר געבליבן אין געדעכעניש חוץ די דערמאָנטע דריי: וועס, הי־לעלזאָן און סיימאָן קאהאָן, אייניקע אנדערע. צווישן דידאָ־זיקע אנדערע פארנעמט דעם ערשטן פּלאַץ סיימאָן פרימאַן, אַן אינטעליגענטער, פייאיקער יונגער מאַן, מיט פּרעטענזיעס אָף פּאָעזיע. איך ווייס ניט צי ער וואָלט אונטער גינסטיקערע אומ־שטענדן געוואָרן א דיכטער, אָבער אז ער האָט געהאַט אין זיך די מעגלאַכקייט צו ווערן א זשורנאַליסט איז זיכער. ער האָט שפּעטער פאר'ן אנארכיסטישן „ארבעטער פריינד" געמאכט אי־בערזעצונגען פון ענגליש און זיי האָבן זיך גוט און לייכט גע־לייענט.

*) אין די „געזאַמלטע ווערק" זיינען דערפון געבליבן שפּורן אין זעקסטןבאַנד, אין די פּאַבלען (זייט 21) און אין קאַפּיטל „ער" (זייט 213) — ק. מ.

הערי קאָפּעלאנסקי, וועלכער שרייבט היינט פון לאָנדאָן קאָ־רעספּאָנדענצן אין דער „פרייער ארבעטער שטימע“, איז דאָ־מאָלסט נאָך קיין שרייבער ניט געווען, אָבער א זייער סימפּאָ־טישער יונגערמאַן, אַן אידעאַליסט פון אַן אידעאַליסטישער פּאַ־מיליע. זיין פאָטער, זיין ברודער און זיין שוועסטער האָבן אַלע געהערט צו דעם „ארבעטער פריינד“'ס משפּחה און זיינען אַלע מיר א לאַנגע צייט געווען זייער ליב. א סאָציאַליסטישע פּאַ־מיליע, דאָס הייסט אין א הויז, וואו דער טאַטע איז ניט געגן די קינדער פאַר זייערע אידייען, איז אין די אכציקער יאָרן געווען א גרויסע זעלטנקייט. בא זיי האָט דער פאָטער ניט נאָר ניט געשטערט, ער האָט זיי אפילו אין זייערע סאָציאַליסטישע אָדער (שפּעטער) אַנאַרכיסטישע שטרעבונגען צוגעהאָלפן.

אין איין פרט איז דער אַלטער געווען נאָך פיל אינטע־רעסאַנטער פאַר אַלע זיינע קינדער און פאַר פיל אַנדערע פון אונזער קליינעם קרייז. ער איז געווען א פּרינציפּיעלער און אויסגעשפּראָכענער אָנהענגער פונ'ם אָפּטן בייטן פון מיי־נונגען. היינט איז ער אויך אַן אַנאַרכיסט, למשל: ער האָט איבערגעלייענט אַן ארטיקל פון יאָפּא און דער ארטיקל איז אים געפעלן געוואָרן. מאָרגן אָבער וועט ער לייענען א מאמר אָדער וועט הערן א דרשה פון א סאָציאַל־דעמאָקראַט, איז ער א סאָציאַל־דעמאָקראַט, און אַזוי ווייטער. בא וועמען אין קעשענע איז דאָס, נאָך אַלע מעשות, דען דער אמת? בית שמאי זאָגן אַזוי, בית הילל זאָגן גראַד פאַרקערט. זאָגט די גמרא: „אלו ואלו דברי אלהים חיים“, ביידנס רייד זיינען איינ־געגעבן פון דעם לעבעדיקן גאָט, „והלכה כבית הלל“, אָבער דער דין איז ווי בית הלל. אַזוי זאָגט די גמרא. דער אַל־טער קאָפּעלאַנסקי — אויב ער לעבט נאָך, זאָל ער לאַנג און גליקלאָך לעבן! — זאָגט אויך אלו ואלו דברי אלהים חיים, מער נישט מאָנטיק קען זיך זיין הלכה כבית הלל און דינסטיק — הלכה כבית שמאי: דאָס ווענדט זיך אָן דעם, וועלכן צד מען הערט. וואָס איך בעט אייך, איר זאָלט אין לעזן אונ־

טערשטרייכן, איז דער פאַקט, וואָס דער דאָזיקער מיינונגס־איבערבייט אָהין און צוריק, פון איין פּאַרטיי צו דער אַנ־דערער און אַזוי זיכער ווידער צוריק ווי באַם פּערפּענדיקל, פון דעם אַנגעצויגענעם וואַנט־זייגער בעת ער באַוועגט זיך צווישן מזרח און מערב, אָדער צווישן צפון און דרום, איז בא אים געווען אויסגעשפּראָכן, פּרינציפּיעל און „באַוואוסטזיניק“. אַן אינטערעסאַנטער טיפּ, ניין?



צווישן די עשרה ראשונים געפינט זיך אַ יונגער אַרבע־טער, וועלכער איז אויך אַן אויסערגעוויינלאַכע דערשיינונג אין פילע הינזיכטן. דאָס איז דער אויבנדערמאָנטער הילעלסאָן.

ער איז אין דעם יאָר, ווען מיר גרינדן דעם „אַרבעטער פריינד“ אַלט אַ יאָר צוואַנציק. ער קומט פון אַן אָרעמער בעל־מלאכה פאַמיליע און אין לאָנדאָן איז ער אַ סטאָליער. זיין וואוקס איז אַ האָרעלע אונטער דעם דורכשניט פון אי־דישע יונגע לייט, זיין געזיכט איז ניט קיין טיפּיש־אידישער פּנים. ער איז ניט געווען קיין כבד־פה, אָבער ער רעדט מיט שוועריקייט, אַ שטייגער ווי אַ מענטש, וואָס געפינט ניט לייכטע ווערטער, אין וועלכע ער דאַרף אויסדריקן זיינע געדאַנ־קען. זיין אויג איז כמעט פאַרבלאָז, אָבער שאַרף און שיינט אַריינצונעמען אַ סך אַף אַמאָל, און אַריינצובליקן נישקשה'דיק טיף. אינגאַנצן זעט ער אויס ווי איינער, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אַף ברויט מיט וואַסער „איין מאָס“, אָדער ווייניקער ווי די מאָס, אָבער דערפאַר אויך אַ סך און אָפטע קלעפּ פון אַ געזונטער נאַגאַיקע. „אַ דערשלאָגענער, נעבאך!“ וואָלט אַף אים מיין גוטע אַלטע מאַמע געזאָגט, זי, וועלכע איז געווען אַ גרויסער מבין אַף אָרעמע קינדער, און האָט זיי דורכגעבליקט מיט איר ליבפולער האַרץ — בעסער ווי אַ היינטיקער עקספּערט מיט רענטגען־שטראַלן.

און דער דאָזיקער „דערשלאָגענער, נעבאך!" איז געווען מאָראַליש, פיזיש און אינטעלעקטועל אַ ניט־דערוואַקסענער... העלד? נו, דאָס וואָרט איז פיליכט צו שטאַרק, אָבער לאָ־מיר זאָגן: כוואַט. ניט דערוואַקסן. זיי בלייבן אָפט ניט דערוואַקסן די גרעסטע קינדער פון די אונטערשטע שיכטן פון אונזער פאָלק.

עס איז כדאי זיך אָפּ אים אַ ווײַלינקע אָפּצושטעלן.

אינטעלעקטועל האָט ער דעם קוראַזש צו דענקען זעלבסט־שטענדיק, אומבאַשרענקט און אָן מורא פאַר ערגעץ אַ דאָגמאַ אָדער אַ כלומרשט אײַנגעפונדעוועטן אמת, אָדער אַ קאָנווענ־ציאָנעלן „עד כאן אומרים". ער שטעלט זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּ, ער דענקט אימער לאָגיש און וואָס אים פעלט אין וויסן, אָבער דאָס ווייס ער אַליין. ער איז אין זיך ניט גע־נאַרט, אָבער אויך ניט אין אַנדערע. ער ווייס, אַז דאָס וואָס די ווייסערס ווייסן, איז אויך ניט גאָט ווייס ווי פיל, אָדער ווי טיף. און ער איז אימער בערייט צו שטרייטן און צו פאַרטיידיקן זײַנע אידייען געגן מענטשן, וועלכע האַלטן זיך פאַר גייסטיגע ריזן לגבי אים. ער טוט דאָס, הגם זײַן צונג דרייט זיך ניט, הגם זײַן מוח'ס ווערטערבוך איז אַזוי קליין, אַזוי אָרעם אין ווערטער; הגם אפילו די וואָס ער האָט, קו־מען ניט אַפּן שפּיץ צונג בשעת ער דאַרף זיי גראָד האָבן, אָט לערך, ווי די אָרדנונגס־וועכטער אין די בלויע רעק, וועלכע דרייען זיך אַרום בעת איר דאַרפט זיי ניט וואו איר זאָלט ניט זײַן, און זײַנען קיינמאָל ניטאָ ווען איר שרייט: פּאָליציי!

פיזיש ווייס ער ניט וואָס מורא האָבן באַטייט. געוויס, ער וועט ניט שטעלן זיך, ווי סיראַנאָ דע בערזשעראַק, איי־נער געגן הונדערטער, אָבער ער וועט פון זיי ניט אַנטלויפן, אויב זיי וועלן זיך שטעלן געגן אים. ער האָט אַ שאַרבן אָפּ זײַנע פּלייצעס, וועלכער שיינט צו זײַן געמאַכט פון שטאָל, ניט פון ביין. ער קלאַפּט אַרײַן מיטן שטערן זײַנעם אַ נאָגל אין האָלץ און רייסט אַרויס אַ נאָגל פון האָלץ מיט די

ציינער. ער צעברעכט אַ שטעקן, אים אַ האַק טוענדיק געגן זיין קאָפּ, ווי אַן אַנדערער וואָלט עס געטאָן געגן אַן אייזערנעם סלופּ. ער קלעטערט אַרויף אויף אַ וואַנט, באַנוצנדיק די ערטער אין טירן און פענסטער און דערגרייכט דעם דריטן גאָרן מיט אַ בויגזאַמקייט אינ'ם קערפּער און אַ געשווינדי־קייט, וועלכע דערמאָנען אָן זשאַן וואַלזשאַן באַם מאָנאַס־טיר, בעת ער ראַטעוועט זיך אַהין פון זיינע פאַרפאָלגער, ער מיט פאַנטינען אויף די הענט — אין וויקטאָר הוגאָ'ס „מיזע־ראַבעל״. ער טוט פילע אַנדערע זאַכן, וואָס אַן אַנדערער טוט ניט.

ער איז בערייט צו אונטערנעמען וואָס פאַר אַ טעראָריס־טישע טאַט איר ווילט אַליין, און אַ לאַנגע צייט דולט ער מיר אַ מוח אים צו געבן אַן איינפירונג באַ די „ניהיליסטן״ אין רוסלאַנד, וועלכע וואָלטן אים דאַרפן קענען אויסנוצן, און גלויבט מיר ניט, ווען איך זאָג אים, אַז איך האָב מיט זיי קיין שום דירעקטע שייכות ניט. ער מיינט, אַז דאָס טרוי איך אים ניט.

זיין מאָראַלישער מוט איז כמעט נאָך וואונדערבאַרער. אויב אַ זאַך איז טעאָרעטיש גוט איז עס פאַר אים פּראַקטיש וויכטיק דורכצופירן. ער גייט ביזן סאַמע סוף פסוק. ער פירט דורך אַלץ וואָס איז אין זיינע כוחות. ליידער קען איך ניט גיין דאָ וועגן אים אַליין ביזן סאַמע סוף — איך האָב קיין רעכט ניט צו באַרירן זיין פּריוואַט לעבן — אָבער ער האָט אין זיין „רעקאָרד״ אַ העלדנטאַט, אַ מאָראַלישע העלדנ־טאַט, וועלכע איז זעלטן אין אונזערע רייען, זייער זעלטן. *)

באַ דעם אַלעם איז אָט־דער מענטש מיט זיין גרויסן פיזישן כוח, מיט זיין אייזערנעם געשטעל, מיט זיין שטערן, וואָס איז האַמער און מיט זיינע ציינער, וואָס זיינען צוואַנגען, אַ ווייכע,

*) זע באַנד זעקס, זייט 199, וועגן דעם אַרבעטער און דער ליּ־ליע.

ליבענדיקע נאַטור, פּייאיק אַף טרערן ווען זיין נשמה ווערט עקסטרא דורכגערירט, ווען זיין האַרץ ווערט שטאַרק באַוואויגן...

מיט עטלאַכע יאָר שפּעטער איז ער באַשעפטיגט מיט דעם געדאַנק צו דערפינדן אַזאַ מין סטאָליער־האַנטגעצייג, וואָס זאָל פאַרנעמען דעם אָרט פון אַ האַלב טוץ אינסטרומענטן. משמעות איז דאָס געבליבן אַ חלום, הגם ער האָט לאַנג און פלייסיק עקספּערימענטירט.

אַזוי האָט אויסגעזען איינער פון די גרינדער פונ׳ם „אַר־בעטער פריינד״, אַ יונגער אַרבעטער, וועלכן די נאַטור האָט אויסגעצייכנט פון פילע און די ביטערע נויט האָט פאַרקריפּלט, כדי זיי זאָלן זיך ניט מערן די גבורי ישראל אין דעם „פּראָסטן״ פאָלק.



אין דעם נעקסטן קאַפּיטל וועל איך צוקומען צום „אַרבע־טער פריינד״ גופא. איך וועל, האָף איך, זיין אימשטאַנד צו געבן די לעזער אַ שטיקעלע באַגריף פון דעם אינהאַלט פון די זעכצן מאָנאַטלאַכע נומערן, און ווי ווייט זיי וואַרפן אַ ליכט אַף דעם כאַראַקטער פון יענעם פּעריאָד. ווען איך וועל האַלטן אַזוי ווייט, וועל איך פּרובירן קלאָר מאַכן איין פּונקט, וועלכן איך האָב אָפט אויבערפלעכלאַך באַרירט און דאָס איז אונזער אַזוי־גערופענע „אומפּאַרטייאישקייט״ פון יענער צייט, דעם „פּאַרע־ווען לאָקשיזמוס״ פון די אַמאָליקע פּאַרעווע לאָקשן.

דאָ וועל איך דערוויל באַרירן אַן אַנדער פּונקט: אונזער דאַמאָלסטיקע אידישקייט.

ווי איך האָב שוין דערציילט אין די קאַפּיטלען וועגן דעם „פּוילישן אידל״, איז די האַלטונג פון מיין ערשטער אידישער צייטונג געווען אַזאַ, אַז איר אידישקייט האָט זיך געוויזן קלאָר, דייטלאַך און בולט אַף דער סאָציאַ־

ליסטישער „פּאָדקלאָדקע" *) ביים „ארבעטער פריינד" איז געווען — מאַנכע וועלן עס רופן אַ פאַרשריט, אַנדערע אַ ריק־טריט — די מעשה פאַרקערט: אַף דער אידישער „פּאָדקלאָדקע" איז געווען צו זען קלאָר דייטלאַך און בולט דער סאָציאַליזם.

אין דעם „פּוילישן אידל" זיינען מיר געווען סאָציאַ־ליסטישע אידן, אין דעם „ארבעטער פריינד" זיינען מיר גע־וואָרן אידישע סאָציאַליסטן.

אין יענעם, צוויי יאָר נאָך די פּאָגראָמען, האָט מען נאָכ־אַנאַנד געקלערט וואָס טוט מען פאַר דעם אידן דערוויל, פאַר ביאת הגואל, פאַר דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אין דעם נייעם אָרגאַן האָט מען, בּיסלאַכווייז פאַרגעסנדיג די רציחות פון 1881 און די רדיפות פון 1882, אוועקגעלייגט די „יודענפראַגע" אַף דער אויבערשטער פּאָליצע און מען האָט זיך גענומען וואָס גי־כער אָראָפּברייינגען די גאולה.

ווען איך וועל קומען צום אינהאַלט פונם „ארבעטער פריינד" וועל איך ווייזן, אַז אַ אידישער אָדער האָט בּאַ אונז געקלאַפּט אַפילו שפּעטער, אָבער עס איז קיין צווייפל ניטאָ, אַז די אי־דישע נויט און דער אידישער פירונג האָט אונז שוין מער ניט אַזוי אינטערעסירט ווי אַמאָל.

לאָגישערווייז האָט זיך אַף דעם זעלביקן אופן געענדערט אונזער שטעלונג צו די אידישע נאַציאָנאַליסטן, די חובבי ציון אָדער „פּאַלעסטינצעס", ווי מיר פלעגן זיי רופן מיט אַ שיין ביסל פאַראַכטונג אין דער אויסשפּראַך פונם וואָרט.

בעת מען האָט פריער זיי ווייניקסטנס ניט אָנגעגריפן, זעענדיק אין זיי מענטשן, באַ וועלכע אַ גרויסער אומגליק האָט צעשטערט דעם גייסטיקן גלייכגעוויכט, האָט מען זיי איצט באַ־טראַכט פאַר אַ שטער אין וועג, פאַר מענטשן, וואָס זיינען מעכב די גאולה, די אמת'ע גאולה פאַן כנסת האדם, זיך פאַרדרייענ־דיג אַ מח מיט דער גאולה פון כנסת ישראל, וועלכע איז אַ

*) אונטערשלאַק.

נעכטיקער טאָג... ארויסגייענדיג פון דעם דאָזיגן שטאַנדפּונקט, האָט מען זיי אָנגעגריפן אלס געפערלאַכע רושטערער.

די סאָציאַליסטן זיינען איצט געשטאַנען קעגן די נאַציאָנאַליסטן — אין דעם לאָנדאָנער אידישן קוואַרטאַל — ווי פיינטלאַכע ברידער!



אייזערנער לוינגעזעץ. — א וועקער. — דער ערשטער „באַ־ראַבאַנשטשיק“. — צו וויסנשאַפטלאַך. — איז די וועלט משוגע געוואָרן?

אכט זייטן קוואַרטאַ פאָרמאַט איז אַלץ, וואָס מיר האָבן זיך געקענט פאַרגינען צו געבן דעם לעזער פון דעם אידישן (אויסגעשפראָכן־) סאָציאַליסטישן אָרגאַן פון חודש צו חודש. אין די דאָזיגע אכט זייטן אָבער איז געגעבן געוואָרן א שיין ביסל גוטע לעזע־שטאָף. דאָס בעסטע איז אין אָנהויב געקומען פון פיליפּ קראַנצ׳ס פעדער.

ער האָט אין די ערשטע צוויי נומערן געשריבן א קורצן אי־בערבליק איבער דער געשיכטע פונם סאָציאַליזם, וועלכע האָט אין זיך געהאַט פיל באַלערנדיקעס.

נאָך וויכטיגער איז געווען זיין אַרטיקל אין דעם נומער 2 איבער „דאָס אייזערנע לאָהנגעזעץ“, אין וועלכן דער שרייבער האָט פּאָפּולאַריזירט לאַסאַל׳ס ווערטער וועגן דעם אין זיין „אַנטוואָרטשרייבן“. די דייטשע סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט צו יענער צייט כמעט שוין געהאַט אויפגעגעבן דאָס, אַף וואָס לאַ־סאַל האָט מיט צוואַנציג יאָר פריער געלייגט אזוי פיל געוויכט, אָבער אין דער רעדאַקציע פונם „אַרבעטער פריינד“, ווי אין פילע אַנדערע סאָציאַליסטישע רעדאַקציעס, האָט נאָך קיינער דערפון ניט געוואוסט.

דער אמת איז, אַז דער טרייד־יוניאָניזם, וועלכער האָט אין לאַסאַלס צייטן זיך אין ערגעץ, חוץ אין ענגלאַנד, ניט געזען און איז נאָך אַפילו דאָרטן געלעגן אין די ווינדעלאַך, האָט אין אונ־זערע קרייזן געפונען נאָר אָפּאָזיציע, אָדער, ווען שוין גוט, א

גאנץ גלייכגילטיגע שטעלונג צו זיך. דאָס ציינט זיך אַם בעס־טען פון אַן אַרטיקל אונטערשריבן .I. S (דאַכט זיך אייזיק סטאָון) איבער „טרייד־יוניאָניזם און סאָציאַליזם". דאָרטן ווערט עס דערקלערט פאַר אַ רעאַקציאָנערע זאַך, וואָס קען טאָן „זייער ווייניג ווארהאפט גוטעס און קען פיל שאַדען" דערמיט, וואָס דאָס פאָלק ווערט דורך דעם „אָראָפּגעפירט פונם ריכטיגן וועג".

אָבער ערשט די פאַרברייטונג און פאַרשטאַרקונג פון די טרייד־יוניאָניסטישע באַוועגונג האָט דעם „אייזערנעם לאָהנגע־זעץ" צו אַ געוויסן גראַד אָפּגעשוואַכט. פונם סאָציאַלדעמאָקראַ־טישן פּראָגראַם אין דייטשלאַנד איז אָט־דער געזעץ — איינער פון די וויכטיגסטע עיקרים פון די אַמאָליגע לאַסאַלעאַנער — אַרויסגעפאַלן אָפיציעל און אינגאַנצן ערשט אין דעם יאָר 1891, ווען דאָס ערפורטער פּראָגראַם איז אָנגענומען געוואָרן, און ווען עס איז דורך פרידריך ענגעלס באַקאַנט געוואָרן מאַרקס'עס געגנ־ערשאַפט צו דעם פאַראייניגונגס־פּראָגראַם פון 1875 אויף דעם היסטאָרישן פאַרטיי־טאָג אין גאָטהאַ, צוזאַמען מיט מאַרקס'עס קריטיק, וועלכע ביז דאַן—אין אַ משך פון גאַנצע זיבן יאָר — איז נאָר געווען באַוואוסט צו די פירער און דורך זיי, מעג מען אָננעמען, צו די רעדאַקטאָרן פון די וויכטיגערע צייטונגען.



אין די ערשטע צוויי נומערן האָב איך גענומען אַ שוואַכן אַנטייל. אין דעם דריטן האָב איך אויפגעשריבן אַן אַרטיקל, וועלכער האָט פאַר זיך אַליין קיין גרויסע באַדייטונג ניט, אָבער שטעלט מיט זיך פאָר אַ מין אַרויספאָר אויף דעם ריכטיגן וועג, אויף דעם איינציג־ריכטיגן וועג פאַר מיר אַליין.

מען וועט אַנטשולדיגן, אויב איך וועל זיך אויף דעם פונקט אַ ווײַלינקע אָפּשטעלן. דאָס איז, אמת טאַקע, אַ ריין פּער־זענלאַכע זאַך, אָבער עס איז מער אָדער ווייניגער טיפּיש פאַר פילע אַנדערע אין מיין דעמאָלדיקער לאַגע.

אין דעם „פּוילישן אידל“, דעם פּרוזדור לטרקלין פונם „אַר־בעטער פריינד“, האָב איך מיין פעדער, ווי די לעזער ווייסן שוין, אויספּרובירט אין אַלערליי ליטעראַרישע מינים טעטיגקייט. איך האָב געשריבן פּאָליטיק, געדיכטע, וויצן, רעצענזיעס, געשיכטע (!), ראָמאַנען (איבערזעצטע) און וואָס ניט? איך האָב געפילט אין זיך אַ דראַנג עטוואָס צו טאָן פאַרן אידישן אַרבעטער, פאַרן אַר־בעטער כּלל, וועלכן איך בין, לויט פּיסאַרעווס חשבון מיט יאָרן פריער, דאַן שוין שולדיג געווען אַזוי פיל פוד ווייץ, אַזוי פיל־פאַר שטיוול, אַזוי פיל בגדים און העמדער, אַזוי פיל ביכער, זאָגאַר— אַט טאָקע די ביכער, פון וועלכע איך האָב דאָס געשעפּט די גאַנצע חכמה מיינע, די גאַנצע תורה, די גאַנצע „בילדונג“, וואָס ער, דער אַרבעטער, האָט דאָס איצט געדאַרפט „געניסן“ פון מיר.

פרעגט זיך: וואָס טוט מען פאַר אים? ביז איצט האָב איך אַרומגעטאַפּט ווי אַ בלינדער מיטן שטעקן פון זעלבסט־קריטיק אין דער האַנט, פאַרזיכטיג קלאַפּנדיג פאַר יעדן טריט צו זען, צי געפין איך זיך אַף אַ פעסטן באָדן, צי פאַרקריך איך ניט ענטוועדער אין אַ צו־נידעריגן אָדער אין צו־הויכן אָרט: אין אַ ליטעראַרישן זומפּ, אָדער אַרויף ערגעץ אַזאַ הויך, פאַר וועלכע מיינע פיס זיינען צו שוואַך און וואו מיר קען אָנהויבן צו שווינדלען פאַר די אויגן מיט דעם פּועל יוצא, אַז איך זאָל, ווי פילע אַנדערע, כּמעט אַ געהרגעטער ווערן, בלייבנדיג אַ לי־טעראַרישער קאַליקע אַף אייביק.

וואָס טוט מען? דער אַרבעטער באַדאַרף לערער. דערצו טויג איך ניט. ער באַדאַרף פירער און וועגווייזער. דאָס, דאַכט זיך, איז מיין „פאַך“ אויך ניט. אַן אָרגאַניזאַטאָר צו זיין פיל איך אין זיך אויך ניט קיין קראַפט. אים בדרך כּלל אויסבילדן וואָלט געווען אַ יושר בין איך אָבער דערצו ניט פאַרבערייטעט: „קשוט עצמך ואחר קשוט אחרים“ (פּוץ זיך און דאַן ערשט פּוץ אַנדערע) איז מיר כּסדר געשטאַנען פאַר די אויגן. וואָס בין איך פאַר אַן אויסבילדער?

איך וועל זיין אַ וועקער — האָב איך באַ זיך באַשלאָסן. יאַ,

איך וועל זיין א וועקער פארן אידישן ארבעטער. איך וועל אים וועקן אף אלערליי אופנים. איך וועל אים אויפמונטערן ווען ער וועט האלטן באם אפשטארבן פאר דער באוועגונג. איך וועל אים וועקן ווי אמאל צו סליחות, א שטייגער „אידן, אין שול אריינ'עט!" און וועל אים וועקן ווי אין דער היים דער טרומייט וואס רופט דעם סאלדאט צו מושטירן זיך צום קאמף אין דער ארמיי.

בא מיר האט זיך אויפגעלעבט א פלאן אנצופאנגען שרייבן, ערשטנס, נאטיצן איבער צייט-פראגן, אבער נאך קירצער ווי פריער, אינם „פוילישן אידל" און דאן „בארעבאנשטשיקעס" — חוץ, פארשטייט זיך, די קאמף-לידער.

וועגן די נאטיצן וועט גענוג זיין צו זאגן, אז מיך האט די דערפארונג געהאט געלערנט, אז וואס קירצער, שארפער און קלארער א פאראגראף איז, אלץ מער איז דא א שאנס, אז ער וועט ווערן געלעזן. אזוי ווי מיר איז וויכטיג געווען, אז אפילו דער מאן, וואס האט ערשט אנגעפאנגען צו לעזן אן נקודות, זאל מיך פארשטיין, האב איך בא דער „קורצקייט" און דער „שארפ־קייט" גוט געשוויצט. אויך האט זיך בא מיר דער פאראגראף, אדער נאטיץ, ערשט שפעטער אויסגעארבעט אזוי, אז ווייניגסטנס איך אליין זאל מיט אים צופרידן זיין. אבער א גוטער מיטל צו וועקן די מאסן איז דאס געווען גלייך פון אנהויב אן.

בא די „בארעבאנשטשיקעס" בין איך לאנג ניט געבליבן, אבער איך וועל מיר דערלויבן גלייך דא צו ציטירן צוויי פון דעם דאזיקן סארט ארטיקלען; דעם ערשטן, כדי צו געבן אן אידייע פון דער פארם און דעם צווייטן, מחמת ער דריקט אם בעסטן אויס מיין דאמאלדיגן שטאנדפונקט אין דער אידן־פראגע.

***

דעם ערשטן ארטיקל, וועלכער טראגט די קעפל: „ארבע־טער, שטייט אויף!" וועל איך איבערגעבן עטוואס פארקירצט. אט איז ער:

„איר שלאָפט, אָרעמע אַרבעטער? און דענאָך איז אייער בעט אַ האַרטע, אָן א קישן צו־קאָפּנס, אָן א פּערענע אונטערן זייט, אָן אַ פרישטיק פאַר דעם קומענדן מאָרגן!

איר שלאָפט, און אייער ווייב גייט אָן שיך, אייערע קינ־דער גייען אין לומפּען; אין טיש פעלט אַ ברעט, אין שטול אַ פוס, אין פענסטער אַ שויב, די ווענט זיינען פוסט און דער מאָגן נאָך פוסטער.

אָבער וואָס? איר האָט יא וואָס צו עסן? איר האָט יא אַ פרישטיק אַף מאָרגן? אָבער איר זייט פאַרדונגענע שקלאַפן, איר זייט בּאַ אַ מענטשן אין דער האַנט און מאָרגן קענט איר שטאַרבן פאַר הונגער — איר מיט אייערע ווייבער און קינ־דער, און דאָך וואָלט די וועלט ניט קענען באַשטיין א טאָג אָן אייער האָרעוואַניע.

„דאָס געלט אליין קען ניט אַקערן, ניט זייען, ניט שטריקן, ניט שפּינען, ניט נייען; ניט בויען קיין הייזער און ניט פלאַסטערן קיין ברוק.

„און איר מיינט, אַז דאָס מוז אַזוי בלייבן! און איר שלאָפט, אָרעמע אַרבעטער! איך פרעג איך, וואָס שלאָפט איר?

„איר שלאָפט, אָרעמע אַרבעטער! איר זענט די מיליאָנען און איבער אייך הערשט א הייפל מענטשן, וואָס זיינען רייך געוואָרן פון אייער אַרבעט. איר ווערט באַגראָבן אין די קוילנ־גרובן, איר ווערט פאַרשאָטן אין די זילבערמינען, איר ווערט דערטרונקען אין ים, איר ווערט גע׳הרג׳עט אין מלחמות, — איר, אייערע ברידער, אייערע קינדער! און צוליב וואָס? אום אַז דער רייכער זאָל שטאָפּן אַלץ מער און מער געלט אין זיינע קעשענעס, אום אַז דער קאַפּיטאַליסט זאָל טרינקען ווייַן און פאָרן אין קאַרעטן — — —

„פון אייער האָרעוואַניע זיינען געוואָרן גימנאַזיעס, קאַ־לעדזשעס, אוניווערזיטעטן. קומען אייערע קינדער דאָרטן אָן? און ווייסט איר וואָס זיי לערנען זיך אין די שולן, וואָס דער קאַפּיטאַליסט גיט אייך? ניט מער ווי אַזוי פיל צו קענען לייַ־

ענען די געזעצן, וואָס ער מאַכט פֿאַר אײַך. ניט מער אום צו קענען אײַך בעסער האַלטן אין צוויק. און אײַך אַרט דאָס אַלץ גאָר ניט און איר שלאָפֿט. זאָגט, אָרעמע אַרבעטער, וואָס שלאָפֿט איר?

„איר שלאָפֿט, ווײַל מען האָט אײַך אײַנגערעדט, אַז עס קען אַנדערש ניט זײַן, ווי עס איז.

„אײַערע בלוטזויגערס, די קאַפּיטאַליסטן, מיט זייערע פֿרומע געלערנטע אונטערהעלפֿער, זיי ווייסן אַלע גאַנץ גוט, אַז — — פֿילע זאַכן האָבן זיך פֿאַרענדערט ביז הײַנט און אַז דאָס וואָס הײַנט איז, קען אויך אַזוי ניט בלײַבן.

„זיי ספּעקולירן אויף אײַער אומוויסנקייט, זיי שערן אײַך, ווײַל איר זײַט דומע שעפּסן און וואַרעמען זיך מיט אײַער וואָל.

„איר שלאָפֿט און זיי זינגען אײַך אײַן: זיי זאָגן אײַך צו הרים וגבעות אויף נאָכן טויט און די עולם הזה נעמען זיי פֿאַר זיך. זיי קאָרמענען אײַך מיט פּוסטע רייד, מיט שײנע ווערטלאַך, זיי זאָגן אײַך צו דעם שור־הבר און זיי עסן סטייק אויף ד ע ר וועלט, און ווען איר שטאַרבט, וואַרפֿן זיי צו אײַערע יתומים אַ ביין, אײַערע אלמנות אַ שטיקל סקאָרינקע — אײַך, אײַך, אײַך! וואָס אויף אײַערע פּלייצעס ליגט די גאַנצע מאַשינעריע פֿון דער וועלט, פֿונם האַנדל, פֿון די פֿאַבריקן, פֿון אַלץ! ——

„איר האָט גענוג געהאָרעוועט. עס איז צײַט, אַז איר זאָלט אַנהייבן לעבן!"



ניט אַכטנדיק אויף די פֿינף־און־צוואַנציק יאָר, וואָס זײַנען פֿאַרפֿלאָסן זינט דער צײַט, ווען דער דאָזיקער אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן, שטייען מיר נאָך הײַנט קלאָר פֿאַר די אויגן די שטראַלנדיקע פּנימער פֿון די צוויי אידישע אַרבעטער וועם

און הילעלזאָן, וועלכע איך פלעג טרעפן יעדן טאָג צו יענער צייט, בעת איך האָב זיי דעם דאָזיקן אַרטיקל פאָרגעלייענט. אין די מאַטע און פולע אויגן פון וועס, ניט ווייניקער ווי אין די גלאַנציקע, כמעט שטעכיקע אויגן פון הילעלזאָן האָב איך געלייענט סימפּאַטיע און ליבע און באַוואונדערונג. איך האָב גע־פילט, אַז דאָס האָט זייער קול, דער קול פון דעם אידישן שום־טער און דעם אידישן סטאָליער גערעדט דורך מיין פעדער און איך בין אַ גליקלאַכער געגאַנגען שלאָפן, הגם איך האָב דאָן, ווי כמעט אימער, פריער און שפעטער, גאַנץ גוט געוואוסט, אַז מיין שרייבעריי איז ניט דאָס וואָס זי האָט באַדאַרפט זיין.

איידער איך גיי איבער צום צווייטן „באַראַבאַנשטשיק“, מוז איך זיך אויף אַן אויגנבליק אָפּשטעלן אויף אַ פּאָר קלייניקייטן.

אין דעמזעלביקן העפט, וואו עס איז געווען געדרוקט דער ציטירטער אַרטיקל, איז אויך דערשינען מיינס אַ געדיכט: „דברי שכיב מרע“. דאָס געדיכט איז געווען היילע „אַגיטאַציע“ און הגם עס האָט גערעדט צום פאָלק מיט קלאָרע ווערטער און איז, דאַכט זיך, געווען וואָס מען רופט „רירענד“, האָט עס געמאַכט אַ שוואַכן איינדרוק אין אונזער קליינעם קרייז. אַ באַווייז אַז דער עולם איז גאָר ניט אַזאַ גולם ווי מען מיינט.

אַן אַנדער קלייניקייט, אויף וואָס עס ווילט זיך אויפמערק־זאַם מאַכן דעם היינטיקן לעזער אין פאָלגנדיקעס:

ווי מען קען זען פון דעם לייטאַרטיקל אין נומער 4 (15 אָק־טאָבער 1885) האָט מען שוין דעמאָלט געהאַט זיך צו פאַרענט־פערן קעגן דער באַשולדיגונג, אַז דער זשורנאַל „איז צו וויסנ־שאַפטלאַך, צו קאַלט און ניט פאַרשטענדלאַך פאַר די געוויינ־לאַכע לעזער“. — אייניקע—באַקלאָגט זיך פיליפּ קראַנץ—גייען אַזוי ווייט, אַז זיי באַהויפּטן, אַז מען ברויכט איבערהויפּט ניט צו שרייבן וויסנשאַפטלאַכע אַרטיקלען, דאָס הייסט, אַרטיקלען, אין וועלכע מען דערקלערט גרינדלאַך די לערן און פּרינציפּן פונם סאָציאַליזם. דער „אַרבעטער פריינד“ דאַרף נאָר באַרירן פּראַק־טישע פראַגן, דאַרף דערקלערן דעם אַרבעטער ווי אַזוי מען

רויבט אים פון אַלע זייטן, און דארף, מיט איין וואָרט, ווירקן מער אויף די געפילן פון דעם לעזער אַלס אויף זיין פאַרשטאַנד“.

דער שרייבער גייט אַזוי ווייטער ביז ער קומט צו דעם נאַ־טירלאַכן שלום, אַז מען דארף אי דאָס אי יענעס. איי עס איז שווער צו פאַרשטיין? נו, זאָגט ער, „אַ סאָציאַליסטישעס בלאַט איז קיין בבא־מעשה און מען מוז טאַקע מיט דעם קאָפּ ארבעטן, ווען מען לעזט עס“.

גערעכט, ברודער קראַנץ, געווים גערעכט. אָבער דער אָרע־מער „ארבעטער פריינד“ האָט אַזוי אויך געהאַט ווייניגער לעזער ווי דאגות פּרנסה און וואָלט ער ווירקלאַך געבויט אויף אַזוינע לעזער, וואָס זיינען צופרידן צו „ארבעטן מיטן קאָפּ“, וואָלט ער לאַנג ניט עקזיסטירט. און אונזער רעדאַקטאָר זאָגט טאַק צו נייעס. עס פאַנגען אָן צו גיין נאָטיצן אין דער צייטונג, — נאָטיצן איבער זאַכן, וועלכע „מען קען ניט באַהאַנדלען אין באַ־זונדערע ארטיקלען“, מחמת עס פעלט פּלאַץ, זאָגט ער. דער אמת איז, ווייל עס פילט זיך, אַז מיט קורצע נאָטיצן וועט מען ניכער צוציען לעזער ווי מיט לאַנגע געלערטע ארטיקלען.

און פון דעם דאָזיקן נומער אָן ווערט טאַקע דער „ארבע־טער פריינד“ אינטערעסאַנטער פאַרן ברייטן עולם. אפילו קראַנצ׳ס ערנסטע ארטיקלען ווערן לעבעדיקער, ווייל זיי נעמען אָן אַ פּאָלעמישן כאַראַקטער. חוץ דעם „נאָטיצבוך“ שרייב איך אימער דעם לייט־ארטיקל און אָפט אַ געדיכט. דאָן קומט אין דעם בלאַט צו אַ נייע אָפּטיילונג קאָרעספּאָנדענצן, אויך אַ כראָניק פון דער באַוועגונג אין פאַרשיידענע לענדער.

וועגן דאָס אַלץ וועט אונז פיליכט נאָך אויסקומען צו רעדן אויספירלאַכער. דערווייל לאָמיר ניט כאַפּן די פיש פאַרן נעץ און זיך אומקערן צו אונזער ענין.

**אונזער ענין איז דער צווייטער „באַראַבאַנשטשיק“.**

***
****

**דערשינען איז ער טאַקע אין דעם 4 פונם 15טן אָקטאָבער.**

אזוי ווי אין אים איז קלאָר אויסגעדריקט מיין נאַציאָנאַלער שטאַנדפּונקט — אויב ניט דער שטאַנדפּונקט פון דער רעדאַק־ציע — און איז אויסגעדריקט מיט אַ וואַרעמקייט, וועלכע מען טרויט היינט געוויינלאַך ניט צו דעם „אידיש־שפּרעכנדן" סאָצי־אַליסט פון יענער צייט, וועל איך מיר דערלויבן דעם דאָזיקן אַר־טיקל אינגאַנצן איבערצודרוקן:

## איז די וועלט משוגע געוואָרן?

„וואָס? די וועלט איז משוגע געוואָרן? אין דעם פערטן פערטל פונם נײַנצענטן יאָרהונדערט ווערן גאָר אַ י ד ן פאַרפאָלגט?

ווי? זעקס און נײַנציק יאָר נאָך דעם ווי פראַנקרייך האָט די מענטשן־רעכטע דערקלערט, טרײַבט מען פון דײַטשלאַנד, יאָגט מען פון עסטרייך, דריקט מען אין רוסלאַנד, ווערגט מען אין רומעניען — די אידן?

איז דאָס יאָר 1848 געווען אַ חלום, ניט מער ווי אַ חלום? איז דאַמאָלסט דאָס בלוט פון אייראָפּע'ס איידלסטע מענער פאַר־גאָסן געוואָרן אומזיסט?

איז עס מעגלאַך, אַז דאָס יאָרהונדערט, וואָס האָט געטראָגן אַ ליבּ, האָט געבוירן אַ מויז? וואָס איז שוואַנגער געוואָרן מיטן סאָציאַליזם, האָט געבראַכט דער וועלט די העסלאַכע מיס־געבורט, דעם אַנטיסעמיטיזם?

וואָס? די גרויסע רעפּובליק פון יענער זייט אַטלאַנטיק לאָזט ניט אַרײַן פאַרפאָלגטע אידן אַן געלט?

וואָס?! איז דער טעלעגראַף דערפונדן געוואָרן ניט מער, אום אַז לאָנדאָן זאָל וויסן וואָס פּעטערבורג טוט אָפּ איבער אברהם, יצחק און יעקבֿ'ס אייניקלאַך? און דער טעלעפאָן? אָט־דער בילד־שיינער מוזיניק פון דער נײַער צייט, דאָס וואונ־דערקינד פון דער ציוויליזאַציע, וואַקסט ער אין דער וועלט נאָר אום צו לאָזן הערן אידישן יאָמער, אַ נײַעם ירמיה'ס נייע קלאָגן, פון איין מדינה אין די אַנדערע?

און די אייזנבאַנען? די דאַמפשיפן? זיינען זיי געמאַכט געוואָרן ניט מער אום אַז יעדעס לאַנד זאָל קענען וואָס גיכער פון זיך פאַריאָגן אידן?

וואָס? וויקטאָר הוגאָ איז טויט, כדי ביסמאַרק זאָל לעבן?

נאָך אַמאָל: איז די וועלט פאַרריקט געוואָרן?

ניין, אַי, וואָס־זשע טוט זיך דאָ? הערט אויס:

מיר שטייען היינט פאַר דעם ל ע צ ט ן ק א מ ף פון דער געוואַלט מיט דער גערעכטיקייט, פון דער פינסטערניש מיט דעם ליכט, פון דעם באַטרוג מיט דער וואָרהייט, פון דעם געלט־זאַק מיט דער גלייכהייט.

איצט באַטראַכט! האָט איר געזען ווי אַ חלב־ליכטל גייט אויס? האָט איר געזען מיט וואָס פאַר אַ פאַרצווייפלונג זי וואַרפט פון זיך פלאַמען בעת זי שמילקעט זיך, אַ מינוט איידער זי ווערט אינגאַנצן פאַרלאָשן?

האָט איר געזען ווי אַ שלעכטער מענטש, וואָס האָט טויזנט שוואַרצע פלעקן אויף זיין געוויסן, וואָס דאַרף נאָך אַ לאַנגן לעבן פון רויב און באַטרוג און מאָרד ענדלאַך שטאַרבן — ווי ער וואַרפט זיך, ווי ער שלײדערט זיך איידער זיין טויט קומט אָן?

די קאַפּיטאַליסטישע הערשאַפט גייט אויס און דאָס וואָס זי וואַרפט פון זיך אַזעלכע פלאַמען, דאָס איז נאָר ווייל זי דאַרף זיך נאָך אַביסעלע שמילקענען און דאַן אויף אייביק פאַרלאָשן ווערן.

די טיראַניי, דער דעספּאָטיזם האַלט באַם שטאַרבן. דערפאַר וואַרפט ער זיך מיט אַזאַ פאַרצווייפלטע אָנשטרענגונג.

אָבער פאַרוואָס — פרעגט איר — ווערט דערווייל גראָד דער איד צוגעדריקט?

גוט געפרעגט. אָבער ווער דריקט אים? דער רוסישער פּויער? דער דייטשער אַרבעטער? דאָס רומענישע פאָלק? ניין! טויזנטער מאָל ניין! די טיראַנען דריקן אים, די דעספּאָטן פאַרפאָלגן אים, די הערשער יאָגן אים.

אָבער איר זאָגט, אַז מען האָט געזען, אין רוסלאַנד, ווי דער פּויער האָט אים געשלאָגן און דער אַרבעטער האָט אים געריסן?

ווער האָט געזען בלינדע האָבן געזען. לאַכט ניט! די וואָס האָבן געזען דאָס וואָס איר זאָגט, זיינען ווירקלאַך געווען בלינדע, וויניקסטנס קורצזיכטיקע, מענטשן, וואָס זעען דעם שטעקן און זעען ניט די האַנט; וואָס זעען דעם בייסנדיקן הונט און זעען ניט דעם בייזן פּריץ, וואָס רייצט אים אָן.

וואָס פאַרשטייט איר דאָס ניט? דעם אָרעמען הונט האָט מען דאָך מיט אַבזיכט געמאַכט בייז. מען האָט אים אויסגעהונגערט כדי ער זאָל זיך כאַפּן בייסן. אָבער אַפילו הונגעריגערהייט האָט ער ניט פריער געביסן ווי ביז מען האָט אים ניט גוט אָנגערייצט.

קורצזיכטיקע מענטשן! זיי האָבן געזען דעם בייסנדיקן רוסישן פּויער, דעם אויסגעהונגערטן, ווילד־געמאַכטן פּויער, אָבער דעם טיראַנס אַגענטן האָבן זיי ניט געזען!

וואָס אָבער האָבן די טיראַנען דערפון, וואָס זיי רייצן דאָס פאָלק אויף די אידן ?,

הערט אויס: די טיראַנען פילן, אַז זייער ממשלה וועט ענטוועדער שטאַרבן ווי אַן אויסגעלאָסענער, אויסשווינדער בעל־תאוה שטאַרבט, דאָס הייסט, ווען די ממשלה וועט זיך ענדיגן, ווייל זיי וועלן איר לאָזן, אליין מיטן גוטן ווילן אַוועקגיין; אָדער, ווען זיי וועלן דאָס ניט טאָן—און דער „ווען" איז כמעט איבריג — וועט זי, די הערשאַפט זייערע, שטאַרבן פּלוצלונג, מיט אַ מיתה משונה, אוידער זיי וועלן פאַספּייען מיט איר ווידוי צו זאָגן. עס וועט קומען אַ רעוואָלוציע און די רע־וואָלוציע וועט זיין אַ רויטע.

דאָס פילן זיי גאַנץ גוט.

וואָס־זשע טוט מען? מען פּרובירט שיסן, הייגען, איינ־קערקערן, פאַריאָגן די מענטשן, וואָס ווילן דעם פאָלק עפענען די

אויגן. מען פּרובירט דאָס טאָן. מען טוט עס. עס העלפט ניט.

דער רעוואָלוציאָנערער ים ברויזט. דער שטורעם וויל דאָס רעגירונגס־שיף צום איינזינקען ברענגען. ביטער! מען זוכט עצות, מען געפינט ניט.

האַלט! אָט איז אַ אידל! לאָמיר פּרובירן אים אַריינוואַרפן אין וואַסער, טאָמער וועט ד אָ ס העלפן! טאָמער וועט דאָס שיף ווערן לייכטער!

גוט. דער אידל ווערט די כפרה, הגם אינגאַנצן קען מען אים ניט דערטרינקען... ער לערנט זיך שוין צוויי טויזנט יאָר שווימען אין אַלע בייזע ימים.

דער פּלאַן איז גאָר ניט שלעכט. אָבער די טיראַנען מערקן ניט, אַז דאָס גאַנצע שיף איז צעלעכערט און די בייזע וועלן שלאָגן ביסלאַכווייז פון אַלע זייטן וואַסער אַריין. זיי מערקן ניט, אַז פריער אָדער שפּעטער מ ו ז דאָס שיף אונטער־גיין מיט זיי צוזאַמען; מיט דער טיראַניי, מיטן קנוט, מיט אַלעם מיט אַן אַנדער! נאָר דערווייל צאַפּלען זיי זיך ווי אַ פּיש אין נעץ. און אַזוי ווי דער פּיש ווייס ניט, אַזוי ווייסן זיי ניט, אַז זייערע מינוטן זיינען געציילטע.

דער רוסישער פּויער, דער דייטשער אַרבעטער, דער רומעני־שער המון האַלטן ביים „לויזברעכן“.

עסן, עסן, עסן! — שרייען זיי.

נאַ־דיר אַ אידל! זאָגן די רעגירונגען און טראַכטן אין זיך: עס אים און ווערג זיך!

איז די וועלט משוגע געוואָרן?

ניין! די וועלט האַלט נאָר ביים ערנייערט ווערן. די זון חאַלט ביים אויפגיין. וואַרט אַ ווייַלינקע, עס וועט באַלד ווערן טאָג.

דער געשריי, דער רויש, וואָס איר הערט, דאָס איז דער קול פון די נאַכט־אוילען, דער רויש פון פלעדערמייז, פון די קאַפּיטאַליסטישע ווילדע ברואים וואָס ציטערן פאַרן זונליכט.

דערוויַיל אָבער לייַדט פּאַרט דער איד מער פאַר אַלעמען?
געוויס לייַדט ער. ער איז דער שוואַכסטער און לייַדט דער־פאַר דער ערשטער, ער מוז לייַדן ביז דער טאָג פון אָפּרעכענונג וועט קומען, און וויל ער ניט האָבן צו לייַדן צו לאַנג, לאָז ער העלפן ברענגען דעם טאָג וואָס גיכער.
און קומען וועט דער טאָג.
גיט אַ קוק! די קאַפּיטאַליסטישע אייז הויבט שוין אָן צו צעגיין, דער טיראַנישער שניי הויבט שויין אָן צו שמעלצן. דיר איז קעלטער ווי אַלעמען, אידעלע? וואַרט, נאָך אַ פראָסט, דאַן וועסטו הערן אַ דונער, וועסט זען אַ בליץ און דאַן קומט דער זומער!
נאָך איין קאַמף און דאַן וועסטו זיין צווישן די פעלקער אַ ברודער צווישן ברידער".



**אַרטיקלען און געדיכטע. — דער מאַן מיט 22 לשונות. — אידישער און אירישער נאַציאָנאַליזם.—משה ואהרן און די גילדערנע קאַלב. — דוד גאָרדאָן און יענער. — אַליין אויפ'ן פּליט.**

מיט דעם פינפטן נומער (פונם 15טן נאָוועמבער 1885) ווערט מיין טעטיגקייט פאַרן „ארבעטער פריינד" גרעסער און אויך פּלאַנמעסיגער. איך פאַנג אָן צו שרייבן לייט־אַרטיקלען. שפּעטער שטעלט זיך אַרויס, אַז דאָס איז אומפּראַקטיש, מחמת איך בין פּאַרט „אַ זייטיגער מענטש" און זיי נעמט ווידער אויף זיך קראַנק. איך שרייב נאָטיצן און אין יעדן נומער אַלגעמיינע אַרטיקלען, דאָס הייסט, אַזעלכע, וואָס האָבן ניט קיין דירעקטע שייכות מיט טאָג־פראַגן. אויך דערוואַכט איצט מיין מוזע...

פון די לייט־אַרטיקלען איז דער ערשטער ניט שלעכט גע־שריבן און כאַראַקטעריסטיש. ער טראָגט דעם טיטל: „די וועלף און די שעפּסן" און ווענדט זיך געגן דזשאָזעף טשעמבערליין, וועלכער איז דאַמאָלסט נאָך געווען ראַדיקאַל. כאַראַקטעריסטיש איז דער אַרטיקל דערמיט, וואָס אין אים ווייזט זיך די טענדענץ פון סאָציאַליסטן אָם מערסטן און אָם גיפטיגסטן אָנצוגרייפן ניט דעם רעאַקציאָנער, וואָס איז אָן אָפענער, אויסגעשפּראָכע־נער געגנער פון יעדן פּראָגראָס, נאָר דווקא דעם ראַדיקאַלן ניט־סאָציאַליסט, הגם ער שטייט אָפט זייער נאָנט צו אונזערע אי־דייען, אַמאָל זאָגאַר סימפּאַטיש. די היינטיגע „רעפאָרמיסטן" אָדער „רעוויזיאָניסטן" זיינען חולק אויף אָט־דער טאַקטיק; אין יענע צייטן איז דאָס געווען די איינציגע דענקבאַרע טאַקטיק סאַי פאַר מאַרקסיסטן, סאַי פאַר סאָציאַליסטן פון אַנדערע מינים.

פון די אַלגעמיינע אַרטיקלען איז איינער („די אַרבעטער און זייערע פירער“) אינטערעסאַנט, ווייניגסטנס פאַר מיר, דערמיט, וואָס אין אים ווערט אויסגעדריקט דער גייסט פון אָפּאָזיציע, פון קריטיק נעגן די אייגענע פירער, — דערזעלביגער גייסט, וועל־כער האָט מיר דאָ אין אַמעריקע מיט צען יאָר שפּעטער דיקטירט די אַרטיקלען „פויל אָדער צוגעפוילט?“, „מער לופט, מער ליכט“ און אַזוי ווייטער, פאַר וועלכע מען האָט מיך כמעט מחרים נעווען אין דער היגער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי. ווען איך דערמאָן זיך איצט, אַז צווישן די דאָזיגע אייגענע פירער איז געווען מיין היים-געליבטער וויליאַם מאָריס, דער דיכטער פונם „גן עדן אויף דער וועלט“, ווילט זיך מיר פּשוט אַליין אַ גלעט טאָן אין בעקעלע און זאָגן: „שישו בני מעי, איך האָב עס גע־וואגט“.

אַן אַנדער אַרטיקל „סאָציאַליזם אין ענגלאַנד“ מאַטערט זיך צו דערקלערן, וואָרום די באַוועגונג מאַכט אַזוי ווייניג פּראָגרעס אין דער מדינה, וואו דער קאַפּיטאַליזם איז אַזוי שטאַרק אַנט־וויקלט. די אַרגומענטאַציע איז אויבערפלעכלאַך און שוואַך, הגם ניט פאַלש.

מער אין דעם „זשאַנר“ פון דעם שפּעטערדיגן „משוגענעם פילאָזאָף“ איז געשריבן דער אַרטיקל „ביי מערעם טיסאָדס (אַן אויסשטעלונג פון וואַקס־פיגורן) — אַן אונטערהאַלטונג מיט אַ קינד“.

אויף דעם אַרטיקל „נאַציאָנאַליזם“ אין נומער 11 וועט אפשר לוינען זיך שפּעטער אַ ווײַלינקע אָפּצושטעלן. דערווייל וועל איך מיט אַ פּאָר ווערטער באַלייכטן מיין „ערוואַכטע מוזע“:

לאַנג געשלאָפן האָט זי ניט.

זיך אויסרייבנדיג די אויגן האָט זי מיך באַשאָנקען מיט אַ ליד „דריי ווערטער“ וואָס איז באַשטאַנען פון דריי טיילן אין דריי פאַרשיידענע ריטמען. מיין אָרעמע מוזע איז, משמעות, נאָך ניט געווען אינגאַנצן אויפגעוואַכט. דאָס געדיכט איז גע־ווען ניט געראָטן אין אַלע זיינע טיילן און ריטמען, — אַזוי ניט

געראָטן, אַז איך האָב ניט געהאַט דעם מוט דערמיט צו פאַרגע־מען אַ פּאָר בלעטער אין מיין דאָ-ניט-לאַנג ערשינענער זאַמלונג.

דערפאַר איז געוועזן און געבליבן מיינער אַ ליבלינג דאָס געדיכט „רענט", געדרוקט אַ חודש שפּעטער. ניט אַכטנדיג אויף זיין פּראָסטקייט, איז דאָס געדיכט, נאָך מיין מיינונג, איינ־דרוקספול. דאָס איז איינער פון יענע גייסטעס־קינדער מיינע, וועלכע איך וואָלט פאַרטיידיגן געגן אַ וואָלט קריטיקער, ווי „געגורט" עס זאָלן ניט זיין זייערע לענדן, ווי שאַרף עס זאָלן ניט זיין זייערע שווערטן".

אַ געדיכט: „דער 15טער אפּריל", געשריבן פאַרן יאָרצייט פון פּעראָווסקאַיאַ, זשעליאַבאָוו און זייערע חברים, וואָס איז אויך ניט אריינגעקומען אין מיין בוך, קען פיליי‌כט נאָך אַמאָל צורעכט-געמאַכט ווערן.

פאַרגעסן האָב איך צו זאָגן אַז „רענט" ווי פיל אַנדערע פון מיינע באַלאַדן (אויב איך מעג זיי אַזוי רופן) איז געגרינדעט אויף אַ פאַקט, אַ מעשה שהיה.



אַרום יענער צייט האָט אין דער אידיש־רוסישער קאָלאָניע פּאַסירט אַ זאַך, וואָס האָט אונז אַלעמען גוט דורכגעטרייסלט.

אין אָנהויב יאָר 1886 איז אין לאָנדאָן אַרעסטירט געוואָרן אַ (נאָך־) יונגער מאַן, וועלכן איך וועל רופן אַפּאָלאָן, ווי זיין ערשטער נאָמען איז געוועזן. דער מאַן, היינט ווייט, ווייט פון אונז און פון אונזערע רייען, איז געוועזן פון די עשרה ראשונים, ווען ניט צווישן די אידישע סאָציאַליסטן, יעדנפאַלס צווישן די רוסישע סאָציאַליסטן־נאַראָדניקעס מזרע היהודים. דאָס הייסט ניט צווישן די חברים פון ליבערמאַן, נאָר צווישן די גענאָסן פון זונדעלעוויטש.

זיין הויפּט־אויסצייכנונג איז פונדעסטוועגן ניט באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער איז געוועזן איינער פון די ערשטע, נאָר אין

דעם, וואָס ער איז געווען איינער פון די פּייאָנסטע צווישן אונז.

ער איז פריער פאַר אַלץ געווען אַ בלשן, וואָס עס איז שווער צו געפינען זיין גלייכן. ווי דער אַלטער לאַווראָוו, וועלכער האָט אים זייער ליב געהאַט, פלעגט דערציילן מיט גרויס התפּעלות, האָט ער, אַפּאָלאָן, פאַרשטאַנען זעקס שפּראַכן צו שרייבן און רעדן און נאָך זעכצן צו לייענען, מאַנכע פון זיי אָן דער הילף פון אַ ווערטערבוך. אינגאַנצן 22 שפּראַכן! כמעט אַ דריטל לשונות, וואָס יוסף הצדיק האָט צו זיי געמוזט האָבן אַ מלאך פון הימל פאַר אַ מלמד!

אָבער דאָס איז ניט אַלץ.

אונזער אַפּאָלאָן איז געווען אַ „מעין המתגבר" ווי ר' אלעזער בן ערך און אַ „בור סיד שאינו מאבד טפּה" ווי ר' אליעזר בן הורקינס. זיין וואונדערבאַרער זכרון האָט אים געמאַכט פאַר אַ קוואַל פון אַנעקדאָטן סאַי געשיכטלאַכע, סאַי הומאָריסטישע, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגענומען. חוץ אַלעמען האָט ער געהאַט אין זיך אַזאַ מאַסע וויסן פון אַלץ אין דער וועלט, אַז פאַר אינגערע מענטשן, ספּעציעל יונגע אַרבעטער, איז ער געווען אַ מין וואַנדל־ענציקלאָפּעדיע, וועלכע מען האָט געפונען אומעטום, באַרייט זיך צו לאָזן בלעטערן און בלעטערן עד אין סוף.

און שטעלט זיך פאָר! דער דאָזיקער מאָן מיט זיין רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט און שטאַרק אויסגעצייכנטע געגנוואַרט ווערט פּלוצלונג פאַרהאַפטעט פאַר... פאַר וואָס מיינט איר? פאַר פאַלשע טשעקס און „פאַלשע אָבליגאַצעס".

און אין נומער 8 „אַרבעטער פריינד" ערשיינט „אַ בריוו פון געפענגניש" וואו ער דערקלערט זיין אומשולד.

וויסן דאַרף מען, איידער מיר גייען ווייטער, אַז אַפּאָלאָן איז אַרעסטירט געוואָרן צוליב אַ געוויסן טרוסעוויטש און צוזאַמען מיט אים. פון מויל־צו־אויער איז דעמאָלסט ביי אונז געגאַנגען אַ קלאַנג, אַז טרוסעוויטש איז געווען אַ ברודער פון דעם

באקאנטן דעגאיעוו, וועלכער איז געשטאנען אינם דינסט פון דער רוסישער זשאנדערמעריע (די דריטע אפטיילונג) און האט נאכהער צוגעהרגעט סודייקינען, דעם באקאנטן מלאך חבלה פון דער רוסישער טיראניי, און די געפעלשטע באנדס האבן געהאט א פאליטישע געשיכטע הינטער זיך.

אין דעם דערמאנטן בריוו שרייבט אפאלאן, אז „נאר גע־וויסע פ א ל י ט י ש ע א ו מ ש ט ע נ ד ן" האבן פאר־אורזאכט זיין באקאנטשאפט מיט טרוסעוויטשן און אז ער פלעגט מיט אים נאר צוזאמען זיין, כדי צו פארהיטן אז עס זאלן ניט ליידן פערזאנען פון דער רעוואלוציאנערער פארטיי אין רוסלאנד. אפאלאן האט אונז פארזיכערט, אז ער וואלט זיך קענען אויספיינען און ריינוואשן ביי דער ענגלישער פאליציי, אבער דערמיט וואלט זיין פארבונדן א פ א ר ר א ט געגן געוויסע מענטשן אין רוסלאנד. „איך וועל בעסער שטארבן", האט ער געשריבן.

צו דעם דאזיקן בריוו האט די רעדאקציע אפגעגעבן די פאלגנדיקע דערקלערונג:

„מיר באשטעטיגן פולשטענדיג דעם אמת פון אפאלאנס דער־קלערונג. מיר זאגן הויך און אפן, אז ער איז אן א ו מ־ש ו ל ד י ג ע ר א פ פ ע ר פון געוויסע אומגליקלאכע פאליטישע אומשטענדן און פון זיין באקאנטער ערלאכקייט און רירנדיקער גוטהארציקייט. ער איז מיט אייןווארט א פאליטי־שער מארטיר."*)

פרעמד און אפגעשטארבן איז דער מאן היינט פאר אונזערע אידייען און באשטרעבונגען, אבער איך שרייב אט־די ווערטער מיט דער אויסדריקלאכער כונה, אז זיי זאלן פארשטאפן דאס

*) דער „ארבעטער פריינד" האט אויך געעפנט א פאנד פאר אפא־לאן (פינקנשטיינ'ס) פארטיידיקונג. מאריס ווינטשעווסקי (אונטערן נאמען ל. ב ע נ ע ד י ק ט) האט געגעבן צושטייער א פונט (פינף דאלאר), א גאר גרויסע סומע פאר יענער צייט. — ק. מ.

מויל פון ערגעץ אַ פאַרלוימדער וואָס קען זיך נאָך היינט עפענען נעגן מיין אמאָליגן חבר, זיך באַציענדיג אויף זיין „זיצן אין אַן ענגלישער טורמע פאַר פאַלשע בילעטן“.

און קיינמאָל וועל איך ניט פאַרגעסן וואָס מיר אַלע (צווישן זיי ניקאָלאַי טשאַיקאָווסקי) האָבן דורכגעלעבט דעם טאָג פון זיין משפט אין און אַרום דעם געריכט־זאַל. איך פיל נאָך איצט און לעב פון דאָס ניי איבער דעם שרעקלאַכן אויגנבליק בשעת מען האָט אים דערקלערט פאַר „שולדיג“ און דעם נאָך שרעק־לאַכערן, ווען מען האָט אים פאַרמשפט אויף אַ יאָר טורמע!

געזעסן איז ער ניין חדשים. איך, צווישן אַנדערע, האָב אים באַגעגענט ביים אַרויסגיין פון געפענגניש. ער האָט אויסגעזען געזינטער און שטאַרקער: ער האָט צום ערשטן מאָל אין יאָרן אַ לאַנגע צייט געפירט אַ רעגלמעסיגן לעבן און — אַ וויכטי־גער דעטאַל! — האָט אַלע טאָג געגעסן.

זאָגן מוז איך נאָך וועגן אים, אַז מיט זיין גאַנצן ענצי־קלאָפּעדישן וויסן און מיט אַלע זיינע 22 לשונות האָט ער צו יענער צייט גאַרנישט, לחלוטין גאַרנישט, געשריבן און האָט, דאַכט זיך, צום שרייבן טאַקע ניט געהאַט קיין טאַלענט *).

*) אַפּאָלאָן וואַלענטין פינקנשטיין, ווי ער האָט זיך אָנגערופן, ווען מיר האָבן זיך באַקאַנט אין יאָר 1903 אין לאָנדאָן, איז געבאָרן געוואָרן אין סעניי, אָדער קאַלוואַריע, סואוואַלקער געגנט, ליטע, אַרום 1849. ער איז געווען אַ ווייטער קרוב פון ר׳מאַטעס שטראַשון אין ווילנע און האָט דאָרט געלערנט. צו פערצן יאָר איז ער אַריינגעטראָטן אין ווילנער ראַבינער־שול און אין 1873 איז ער אַרעסטירט געוואָרן צוזאַמען מיט סאָניאַ באַרעל. ער קומט שפּעטער נאָך קעניגסבערג שטודירן מע־דיצין. ער העלפט פון דאָרט זונדעלעוויטשן אין דער רעוואָלוציאָנע־רער אַרבעט. ווען ער האָלט באַם ווערן אַרעסטירט און ער האָט מורא, אַז מ׳וועט אים אויסליפערן נאָך רוסלאַנד, אַנטלויפט ער קיין פּאַריז. אויפ׳ן פאַרלאַנג פון משה העס׳עס אלמנה, נעמט ער זיך אָן רעדאַקטירן העס׳עס איבערגעלאָזענע שריפטן. נאָר פינקנשטיין איז ניט אַר־

אין דער צייט, אָרום ווּעלכער דאָ ווערט גערעדט, איז אין מיין אייגענעם אַנטוויקלונג־פּראָצעס פאָרגעקומען עטוואָס, וואָס היינט זעט אויס אַביסל קאָמיש. כדי אַז מען זאָל דאָס בעסער פאַרשטיין, מוז איך אַ כאַפּ טאָן אַ פּאָר חדשים פאָראויס און צוערשט אָט־וואָס דערציילן:

עס איז אויבן דערמאָנט געוואָרן אַן אַרטיקל אין נומער 11 (מאַי 1886) אונטער דעם נאָמען „נאַציאָנאַליזם“. דער דאָזיקער אַרטיקל באַהאַנדלט די אידישע פראַגע, פאַרגלייכנדיג די לאַגע פון די אידן מיט דער לאַגע פון די אירלענדער. דאָרטן ווערט אויסגעפירט, אַז די ישועה פון די אייביק־פאַרהונגערטע אירלענדער וועט ניט קומען דורך דעם, וואָס זיי וועלן זיך דערשלאָגן צו האָום־רול, נאָר דורך דעם, וואָס די עקאָנאָמישע פאַרהעלטנישע וועלן ווערן בעסערע. אפילו שוין צוגעבן, אַז אין אירלאַנד וועט ווירקלאַך ווערן בעסער „ווען די רעגירונג וועט זיין אַ נאַציאָנאַלע, אַ ריין איירישע, ו ו ע מ ע ן וועט בעסער ווערן?

בעטזאָם (זיינע באַקאַנטע האַלטן אים פאַר אַ פּוילנצער), האָט ער בלויז צוזאַמענגעשטעלט העס׳עס „די גענעטישע וועלט־אנשויאונג“. אין פאַריז ווערט ער שפּעטער אַרעסטירט צוזאַמען מיט מענדעלסאָנען, ווען מ׳געפינט אַ באָמבע, וואָס די פּאָליציי דיינקט ס׳איז באַשטימט פאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטן. מ׳וויל אים אויסליפערן קיין רוסלאַנד, נאָר אַ דאַנק דעם פּראָטעסט פון די רעוואָלוציאָנערע סאָציאַליסטן אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך און ענגלאַנד שיקט מען אים אַרויס קיין לאָנדאָן. דאָרט ענדיקט ער אַף אַדוואָקאַט, רעדאַקטירט אין די „טיימס“ די אָפּטיילונג איבער סלאַווישע און באַלקאַנישע לענדער. די פּאָגראָמען אין רוסלאַנד מאַכן אים נאַציאָנאַליסטיש. באַזונדערס קראָפּאָטקינ׳ס רעדע אין מאַנטשעסטער, וואו ער האָט באַשולדיקט אידן אין עקספּלואַטירן די פּויערים. פינקנשטיין ווערט א חובב ציון, העלפט גרינדן דעם ת. צ. פאַראיין „קדימה“ (אַרום 1890) און איבערזעצט אין

אפשר דעם פאַרמער, אָבער וואָס איז מכח דעם לאַנד־אַרבעטער? שטעלט אייך זאָגאַר פאָר, אַז מען וועט אַלע לענדלאָרדס פאַר־טרייבן און מען וועט דאָס לאַנד פאַרטיילן צווישן די, וואָס קע־נען עס נעמען אין אַרענדע פון דער אירלענדישער רעגירונג, וואָס דאַן? דאַן וועלן ניט זיין (ווי איצט) עטלאַכע טויזנט לענד־לאָרדס, נאָר אַ פערטל מיליאָן. וועט אָבער דעם אַרבעטער דערפון בעסער זיין? — — —"

אוןְ ווְייטער אין דעמזעלבינן אַרטיקל זאָג איך:

---

ענגליש דר. פינסקי'ס „אויטאָעמאַנציפּאַציע" (לאָנדאָן 1890). נאָר זיין „זיצן אין אַן ענגלישער טורמע פאַר פאַלשע בילעטן" האָט אים גייסטיק צובראָכן. ער איז געווען אַן אַמביציע און ניט אַרויסגע־וויזן קיין איניציאַטיווע אויסצונוצן זיין בריטן וויסן. עטלאַכע יאָר (1902—1905) איז ער געווען סעקרעטאַר פון דער ענגלישער ציוניסטישער פעדעראַציע און רעדאַקטירט איר אָרגאַן „די ציוניסטישע קאָרעספּאָנדענץ". דאָרט האָט ער געשריבן אַ פּאָר אַרטיקלען איבער דער געשיכטע פון די אידן אין פוילן אונטער די יאַגיעלאָ'ס. דאָס איך אויך געווען זיין באַליבטסטע טעמע פאַר אַ לעקציע. ווען זאַנגוויל האָט געגרינדעט די טעריטאָריאַליסטישע אָרגאַניזאַציע, איז פינקנשטיין געוואָרן איר סעקרעטאַר און דערביי געבליבן אַ מיטגליד אויך בײַ די ציוניסטן. אין צייט פון דער וועלט־מלחמת האָט די ענגלישע רע־גירונג אויסגענוצט זיין שפּראַכנקענטשאַפט אין דער מלחמה־צענזור. נאָר די ענגלישע פּאַטריאָטן האָבן אויסגעפונען, אַז זיין היימישער נאָמען איז ל י ט ו ו י נ אָ ו ו, וואָס קלינגט ענלאַך צו דעם פונ'ם באַרימטן באָלשעוויק. דער פאַקט, וואָס ער האָט געביטן זיין נאָמען (צוערשט האָט ער זיך גערופן פינקלשטיין, שפּעטער אַלבערט פינקנשטיין, אַ. וואָל פינקנשטיין א. אַז. וו.) האָבן די פּאַטריאָטן אויסגענוצט פאַר אַן אָנפראַגע אין פּאַרלאַמענט וועגן אים און די רעגירונג האָט אים געמוזט אָפּזאָגן פון דער פאַראַנטוואָרטלאַכער שטעלע. ער איז געשטאָרבן אין לאָנדאָן דעם 12טן יוני 1921. ער איז געווען אומפאַרהייראַט. — ק. מ.

„ווען מען האָט אין רוסלאַנד אָנגעפאַנגען צו שלאָגן די אידן, האָבן אונזערע רוסישע אידן אויך אַ שפרונג געטאָן אין נאַציאָנאַליזם אריין. די פרומע אידן האָבן געשלעפּט משיח'ן פאר דער צייט און די ניט־פרומע האָבן גענומען טראַכטן ארום נאַטירלאכערע, אָבער גראָדע אַזוי שווערע פלענער ווי אַזוי אינ־ניכן אראָפּצוברענגען די גאולה. דער דאַזיגער ברענענדיגער נאַ־ציאָנאַליזם וועט איצט ביסלאַכווייז קעלטער. אָבער ווידער אָנ־גענומען, אַז די גאולה איז שוין דאָ און מיר זיינען שוין אין ארץ ישראל, וואָס האָט דער אידישער ארבעטער דערביי געוואו־נען? אַ פעקל מצות, וואָס מען קען זיי ניט מקיים זיין אין חוץ־לארץ און אלע יום־טוב אַ טאָג רו ווייניגער.

„גייט, גייט! דאָס זיינען אלץ פוסטע חלומות!"

פונדעסטוועגן איז פאַרלויפיג מיין געגנערשאַפט צום אידישן נאַציאָנאַליזם נאָך אַלץ געווען אַ פאַסיווע. מיט עטלאַכע חדשים שפּעטער האָט זי אָנגענומען אַן אַקטיווע פאָרם.

צעטיילט אויף צוויי חדשים איז ערשינען אין דעם 2טן און 3טן נומער פונם צווייטן יאָרגאַנג אַן ארטיקל פון מיר אונטער־געשריבן „פאַלעסטיניזם און סאָציאַליזם".

דאָ בין איך שוין ארויסגעקומען ביד חזקה ובזרוע נטויה נעגן ישוב ארץ ישראל סאַי אַלס צוקונפטס־אידעאַל, סאַי אום צו העלפן דעם רוסישן אידן און דעם אידן בכלל אין זיין ביטע־רער נויט אונטער די שרעקלאַכע פארפאָלגונגען.

עס ווערט דאָרט געשילדערט דער פאָרשריט פונם סאָ־ציאַליזם, די וואַקסנדיקע מורא פאר אים פון די הערשנדיקע קלאַסן. עס ווערט בקיצור דערציילט דאָס, וואָס די לעזער האָבן שוין געהאַט אַ געלעגנהייט צו זען אין דעם פריער ציטירטן ארטיקל („איז די וועלט משוגע געוואָרן?") דאָס הייסט, אַז דער קאַפּיטאַליזם וויל אויף דעם אידן ארויפוואַרפן דעם בלבול פאר זיינע אייגענע חטאים און רייצט אויף דאָס פאָלק נעגן אידישע קינדער דורך נעדונגענע שאַרלאַטאַנעס. אין רוסלאַנד פירט דאָס צו פאָגראָמען.

דאַן ווערט אַזוי פאָרטגעזעצט:

„דאָס איז געווען אין 1881.

אַ קורצע צייט פריער זיינען די אידן, איבערהויפט די יונגע, מייסטנס געווען סאָציאַליסטן ענטוועדער בכח (ד. ה. אין גע־דאַנקען, אין געפיל) אָדער ב פ ו ע ל. יעדער אידישער יונגערמאַן, וואָס האָט געהאַט אַ ריין האַרץ און עטוואָס ביל־דונג איז געווען ערפילט מיט האָפנונג, אַז די וועלט האַלט ביים ערנייט ווערן און די ציל־באַוואוסטע פון זיי זיינען צו־געשטאַנען צו די רעוואָלוציאָנערע פּאַרטייען.

מיט אַמאָל זיינען געקומען די פּאָגראָמען.

דעם אידן איז געוואָרן אַיינג און שמאָל. דער וועג צו די נייע, סאָציאַליסטישע וועלט האָט אויסגעזען צען מאָל אַזוי וויט און דאָ איז מען אין אַ מדינה פול מיט ווילדע חיות.

די געשיכטע ווידערהאָלט זיך. דאָס וואָס איז געשען מיט דריי טויזנט יאָר פריער (ווייניגסטנס, ווי די, וואָס האָבן אמונה אין פּאַרמעס, גלויבן) האָט זיך ווידערהאָלט אין רוס־לאַנד.

דאָס פאָלק האָט גענומען שרייען:

וואו איז דער סאָציאַליסטישער מ ש ה ?

— שאַט, קינדערלאַך, ער קומט באַלד...

אַי, ווייו! ער זאַמט זיך, האָבן זיי געשריען, און מיר פאַר־קומען דאָ אין דער דאָזיגער מדינה.

— ווייסט איר וואָס? האָט זיך עפּעס אַ מין א ה ר ן אָפּגערופן, גיט אַהער אייער גאָלד און זילבער, לאָזן די ווייבער אויסטאָן זייערע תכשיטין, איך וועל דאָס אַלץ ערגעצוואו אַריינ־וואַרפן און מיר וועלן האָבן אַ נייעם גאָט, אַ נייעם אידעאַל, אַ נייע האָפענונג.

מען האָט דאָס געטאָן און פון דעם אויוון פון דער פאַנ־טאַזיע איז אַרויסגעקומען אַ גילדערנע קאַלב, וועלכע מען האָט אַ נאָמען געגעבן י ש ו ב א ר ץ י ש ר א ל.

און די אומגעדולדיגע אידעלאַך, וועלכע זיינען מיד גע־

וואָרן וואַרטנדיג אויף דעם אמתן גואל, האָבן אין איין קול אויסגעשריען:

„אלה אלהיך ישראל! —

דאָס איז אין קורצע ווערטער די געשיכטע פון דעם רוסיש־אידישן פּאַלעסטיניזם...

ווען מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אַ שטרוי און אַזוי האָבן זיך די רוסישע אידן אָנגעכאַפּט אָן פּאַלעסטינע".

אזוי ווייט מיין אַרטיקל. שאַרפער האָט זיך מיין אַנטי־נאַציאָנאַליזם פון יענער צייט ניט געקענט אויסדריקן.

און איצט קומט דער אויבן־אָנגעדייטעטער קאָמיזם.

אין דערזעלבער צייט ווען מיין פּאַסיווע געגנערשאַפט האָט זיך אַנטוויקלט צו אַן אַקטיווע — און איך וועל דערקלערן אַזוי גוט ווי איך קען די פּסיכאָלאָגיע דערפון איידער איך געזעגן זיך מיטן לעזער — לגבי דעם א י ד י ש ן נאַציאָנאַליזם בין איך בּיסלאַכווייז, אַליין דאָס ניט מערקנדיג, געוואָרן כמעט אַן א י ר ל ע נ ד י ש ע ר פּאַטריאָט, כמעט אַן „איירישמען".

דאָס האָט אָנגעהאַלטן אַ פּאָר יאָר. איך בין געוואָרן אַן איירישער „האָום רולער", אַ לײדנשאַפטלאַכער פּאַרטיידיגער פון אירלאַנד, אַ גיפטיגער שונא פון ענגלאַנד.

גלעדסטאָנען, וועלכן איך האָב פריער אויסגערופן טעגלאך וואָס אין קאָרט ניט שטייט, האָב איך איצט באַהאַנדלט צו־ערשט אָן האָס, שפּעטער זאָגאַר פריינטלאך, אַזוי גיך ווי ער איז אַרויסגעקומען אַלס מליץ יושר פאַר אירלאַנד און אַלס האָום רולער, הגם מיין מיינונג בנוגע צו וואָס דערפון וועט אַרויס־שפּראָצן פאַרן אירלענדישן לאַנד־אַרבעטער האָט זיך אויף קיין האָר ניט געהאַט געענדערט.

און איך בין געוואָרן באַהאַוונט אין אירלענדישער געשיכטע, פאָלק־סלאָר און מנהגים. איך וואָלט געקענט אויסרעכענען אַלע עולות, וואָס ענגלאַנד האָט באַגאַנגען געגן אירלאַנד ווען מען וואָלט מיך דערצו אויפגעוועקט אין מיטן נאַכט פון אַ שכור־פעסטן שלאָף. דער הייליגער פּאַטריק מיט זיינע וואונדער־טאַטן

איז ביי מיר געוואָרן אַן איינגעבירגערטער האַרץ־אַביוואַטעל, בעת ר' מאיר בעל־הנס איז לאַנג שוין געווען אַ גאַרנישט, אַ חלום, אַ לעבערלאַכע באַשעפעניש פון אַ קרענקלאַכער פאַנטאַזיע, פאַר וועלכן „אַן אויפגעקלערטער מענטש" דאַרף רויט ווערן.



נאָך איידער דער „אַרבעטער פריינד" איז געוואָרן אַ וואָכנ־בלאַט האָבן זיך אין אים באַוויזן צוויי נייע שרייבער, פון וועלכע איינער איז — פאַר מיר ווייניגסטנס — איצט אינגאַנצן פאַר־שוואונדן, בעת דער אַנדערער לעבט, אָבער אין אַן אַנדער אַטמאָס־פערע, אין אַמעריקע.

וועגן דעם ערשטן, וועלכער האָט געהייסן דוד גאָרדאָן, און האָט שפּעטער, אין 1889, פון זיך געלאָזט הערן פון פּאַריז, האָב איך ווייניג־וואָס צו זאָגן. ער האָט אין איינינגע קאָרעספּאָנדענצן געוויזן עטוואָס טאַלאַנט, אָבער ער איז באַלד ניט געוואָרן.

מער אויפמערקזאַמקייט פאַרדינט דער אַנדערער.

ער האָט ביי אונז אָנגעהויבן צו שרייבן אונטער דעם פּסעוו־דאָנים „יענער" און האָט אויף זיך גלייך געצויגן די אַלגעמיינע אויפמערקזאַמקייט.

זיין ערשטער אַרטיקל: „אין צווייען איז שטאַרקער" אין דעם 2טן נומער פון 2טן יאָרגאַנג (אויגוסט 1886) איז ניט געווען אַזוי אינהאַלטסרייך ווי דער צווייטער — „וואָרום בין איך אַ סאָציאַליסט?" — אָבער האָט שוין געוויזן ניט בלויז טאַלאַנט, נאָר אויך אַ האַרץ און וויסן.

אויב די דאָזיגע „ערינערונגען" וועלן פאָרטגעזעצט ווערן, וועט מיר אויסקומען וועגן אים אויספירלאַכער צו רעדן אין דער סעריע אַרטיקלען וועגן דעם זעכנטלאַכן „אַרבעטער פריינד". דאָ וועט גענוג זיין צו זאָגן, אַז ניט אַכטנדיג אויף זיין היינ־טיגער שטעלונג צו אונז און צו אונזער באַוועגונג, איז מיר דער שפּעטערדיקער „זקן גדול" פונם „טאָגעבלאַט" אַלס דער פאַר־

פאסער פון דער סאציאליסטישער ח נ ד ה, און אנגענעמע ערינערונג.

אלזא, גם „יענער" זכור לטוב!



מיט א פאר ווערטער וועל איך דא אפּשטעלן נאך א קלייניגקייט פון יענער צייט.

אין אנהויב יאר 1886 האט אין פעטערבורג געגומען דערשיינען י. ל. קאנטארס „היום", די ערשטע טעגלאכע צייטונג אין העברעאיש.

איך האב רורך ראבינאוויטשן (או"ר) געקראגן אן איינלאדונג צו שרייבן קארעספאנדענצן. קאנטארס נאמען איז מיר געווען באקאנט פון דעם יאר 1877. ווען איך בין צונויפגעקומען מיט ליבערמאנען און זיין „האמת", הגם פון וויטן. איך האב, נאטירלאך, פון דעם „היום"'ס פראגראם שוין געוזען, אז מיר זיינען איצט נאך פרעמדער איינער צום אנדערן ווי איך בין שוין דאן געוועזן מיט ראבינאוויטשן, אבער די אלטע ליבע צום אלטן לשון האט מיר געזאגט, אז מען דארף מיטארבעטן אין קאנטארס בלאט.

זעקס ארטיקלען אונטערשריבן „בן־נץ" זיינען אין „היום" געדרוקט געווארן ביזן מיטן פעברואר 1886.

דאן האבן אויסגעבראכן אין לאנדאן „אומרוען" (ראיאטס) פון ארבעטער, וועלכע האבן דערגרייכט דעם העכסטן פונקט אין דער בארימטער טראפאלגער סקווער דעמאנסטראציע.

וויסנדיג, אז קאנטארס בלאט ערשיינט אין דער הויפּטשטאט פון די צארן, האב איך נאטירלאך געשריבן זייער פארזיכטיג. פונדעסטוועגן האט מיין רעדאקטאר זיך דערשראקן און מיין זיבעטע קארעספאנדענץ האט ניט זוכה געווען צו זען די גרויסע ווייסע וועלט.

דערמיט האָט זיך אינגאַנצן געענדיגט מיין קאַריערע אַלס העברעאישער שרייבער.*)

אַמאָל טראַכט איך, אַז דאָס האָט זיך אַזוי געמאַכט צום בעסטן ניט בלויז פאַר דעם פיל-געפּלאָגטן העברעאישן לעזער, נאָר אויך פאַר מיר.

אַמאָל אָבער ענדיגט זיך אַ ריסבליק אויף דער פאַרגאַנגענהייט מיט אַ שטילן, האַלב דערשטיקטן זיפץ...

***

אַך האָב נאָר־וואָס דערמאָנט יהודה ליב קאַנטאָר און ליבערמאַנען פון דעם יאָר 1877. איך האָב אויך אָנגערופן ביים נאָמען ראַבינאָוויטשן און זיין שייכות צו מיר אין 1886. צווישן די דאָזיגע צוויי דאַטן און צווישן די נעמען פון ליבערמאַן און או"ר ליגט די פּסיכאָלאָגיע פון מיין ביטערקייט נעגן אונזער אידישן נאַציאָנאַליזם אין יענע צייטן.

נעחלומט האָט זיך מיר אַמאָל אַזאַ מין זאַך:

ווי אין וויליאַם מאָרים'עס „נן עדן אויף דער וועלט", טרעפן זיך צונויף עלטערע און אינגערע מענער, אַלע נאָך פריש און קרעפטיג און איין אין לוסטיגער — לעבנסלוסטיגער און קאַמפּ־לוסטיגער — חברה לאָזן זיי זיך זוכן דעם דאָזיגן גן עדן.

און ווי עס פּאַסירט אין אַ חלום, פאַרפּלאָנטערט זיך אַ מעשה אין אַ מעשה און זיינע וואַנדערער נעמען אָן די געשטאַלט פון די אַרגאָנאַוטן, וועלכע — ווי מאָרים אַליין, צווישן אַנדערע, האָט אַזוי שיין באַשריבן — לאָזן זיך איבער ימים זוכן דעם „גילדערנעם פליעס".

---

*) נאָכדעם ווי אָט־די ווערטער זיינען געשריבן געוואָרן (אין 1910), האָט מאָרים ווינטשעווסקי פאַרעפנטלאַכט אַ פּאָר אַרטיקלען אין ניו יאָרקער העברייאישע זאַמלביכער, „לוח אחיעבר", 1921, און „ספר הדואר", 1927. ער האָט אויך אין די לעצטע יאָרן אויפגעשריבן אין העברייאיש אַ טייל פון זיינע עראינערונגען. — ק. מ.

און ווייטער פלאָנטערט עס זיך אין דעם דאָזיגן חלום און די אַרגאָנאַוטן פון אַמאָל פאַרוואַנדלען זיך אין רוסיש־אידישע גן־עדן זוכער און טאָקע ניט אויף אַ קונסטפול־געבויטן גריכישן אַרגאָ־שיף, נאָר אויף אַ פּראָסטן ליטווישן פּליט, אויף וועלכן זיי לאָזן זיך אין ווייטע וועלטן — די ערשטע אין זייער נאַציע.

און צום פּליט האָט יעדער געבראַכט אַ באַלקן, ווער אַ שטאַרקערן, ווער אַ שוואַכערן און די דאָזיגער אַלע באַלקנס האָט אימיצער צונויפגעפלאָכטן מיט אַ מעכטיגן שטריק.

דער וואָס האָט דעם פּליט צונויפגעבונדן און נעמט דעם ערשטן פּלאַץ אויף אים זעט אויס ווי אהרן ליבערמאַן.

און נעבן אים שטיי איך, און או"ר און ליליענבלום און פיל אַנדערע. מיר גייען אַרויף־שטראָם, געגן ווינט און וועטער דורך פינסטערע נעכט און טרויעריגע טעג, אָבער מיט פולע, פריילאַכע הערצער, מיט שטאַרקע געהויבענע געמיטער.

און פאָרווערטס שווימט דער פּליט.

מיטאַמאָל פאַלט די וואָסלע אַרויס פון דער האַנט פון אונזער קאַפּיטאַן. ער אַליין איז טויט.

אין מיינע יונגע, שוואַכע הענט נייט איבער זיין אמט. איך פיל די לאַסט און די שוועריקייט. שווער, זאָגט דער רוס, איז מאָנאָמאַכ'ס היטל, אָבער מען מוז זי טראָגן.

דער פּליט שווימט.

דאַן קומט אַ דונערשלאַג פון צפון. עס פאַלט פּלוצלונג אַ געקרויינטע קאָפּ, עס שטייגט אויף אַ פינסטערע מאַכט, עס דער־לאַנגט זיך אַ טרייסל אונזער פּליט, עס שפּאַלט זיך אָפּ איין באַלקן נאָך דעם אַנדערן, די חברה ווערט קלענער און קלענער.

עס בלייבן נאָך צוויי באַלקנס, באַהעפט איינער אָן דעם אַנדערן, אָבער שוואַך. אויף איינעם שטייט או"ר, אויף דעם אַנדערן — איך.

וואו זיינען אונזערע חברים?

אַ שיפעלע איז אונז פאַרביי־געגאַנגען.

אויף איר האָט געפלאַטערט אַ פאָן, אַן אַלט־נייע פאָן, ניט קיין רויטע ווי אונזערע — דער דגל מחנה יהודה.

יעדער מיט זיין באַלקן איז צו איר האַסטיג צוגעשוואוּמען, האָט זיך אויף איר אַרויפגעכאַפּט און האָט אונז פאַרלאָזן. און יעדעם מאָל האָט דאָס אַ שטאָך געטאָן אין האַרצן.

אונז? יאָ. דערווייל זיינען מיר נאָך צוויי געווען. באַלד אָבער האָט די לעצטע שטיקל שטריק געפּלאַצט.

או"ר מיט זיין באַלקן האָט זיך אויך אָפּגעטיילט, האָט זיך אויך אַריבערגעקרוּשקעט אויף דער אַלט־נייע שיף און...

און איך בין געבליבן אַליין.

איינער אַליין.

און אין האַרצן האָט גענומען וואַקסן אַ גיפטיגע ביטער־קייט געגן דער שיפעלע, די פאָן און דעם דונערשלאַג וואָס האָט מיך פאַריתומט אויף דער וועלט.

נייע מענטשן זיינען נאָכדעם צוגעקומען, אַ נייער פּלים איז נעפלאָכטן געוואָרן, מיט נייע קרעפטן איז מען אומאויפהערלאַך נעגאַנגען אַרויף־שטראָם, זוכנדיג דעם גן-עדן אויף דער וועלט, אָבער דער שמערץ פון דעם צעשטערטן שיף פון 1877 האָט אַ לאַנגע צייט געניגעט טיף אין דער ברוסט.



אין דעצעמבער 1886 האָט אָנגעפאַנגען דערשיינען דער „אַר־בעטער פריינד" אַלע וואָך.



# מיין אָנקום אין אַמעריקע *)

690567. — גאַלאָפּ וואָלט עס אפשר ריכטיק אָפּגע־שאַצט. — דער קבלת־פּנים אין ניו יאָרק. — לוסיען סעניעל'ס נבואה. — אָדלער שפּילט מיין איבערזעצונג פון א „משוגענער" טעאטערשטיק. — איך בין א זינ־גער אויך! — דער „מירער עילוי". — דאַניעל דעליאָן נעמט ביי מיר אַ ליד. — דער נוארקער קוש. — באָס־טאָנ'ס „דענקנדע פּראָלעטאַריער". — פילאַדעלפיער ברכות. — דער באַלטימאָרער שפּיי.

6 9 0 5 6 7, זאַמאָסקאָוואָ־רעטשיע, אָקטאָבער 15, 1924...

לאָמיר דאָס פּאָרלויפיק לאָזן אָן אַ זייט. אונזער עסק איז אביסל ווייטערע פארגאנגענהייט: א מעשה, וואָס האָט פּאַסירט אין 1894, אין דער צייט ווען איך בין אַרויסגעפאָרן פון ענג־לאַנד, כדי צו קומען אַהער צו אייך אי אַמעריקע.

באַשלאָסן צו פאָרן האָב איך מיט אַ יאָר פריער אויף דעם דריטן קאָנגרעס פון דעם צווייטן אינטערנאציאָנאַל, וואָס איז אָפּגעהאַלטן געוואָרן אין ציריך, אין דער שווייץ, אין 1893.

פארבייגייענדיק מעג איך אייך זאָגן, אַז פון ציריך ביז איך דאָן אָוועקגעפאָרן זייער אומצופרידן מיטן צווייטן אינטער־נאַציאָנאַל. הגם דעמאָלט וואָלט מיר אויפ'ן זינען ניט געקומען ניט בלויז דער נומער 690567, נאָר אפילו די מעגלאַכקייט פון אַזא נומער אין אַ פּאָרטיי־ביכל אין מיין קעשענע. דאָס וואָלט זיך מיר פּשוט ניט גע'חלומ'ט.

אָבער, פרעגט איר, וואָס באַטייט 690567?

האָט געדולד.

אין ציריך, פּאַראַדירנדיק דעם 12טן אָקטאָבער, 1893, מיט מיין פריינדין עלעאָנאָרא מארקס, האָב איך געפונען, אַז איך האָב ניט וואָס צו טאָן אין דער אַלטער אייראָפּע.

מיין טייערער פריינט און ליבער שוואָגער קאָנסטאַנטין גא־

*) „פרייהייט", יאַנואַר־פעברואַר, 1927, אונטער'ן נאָמען „דעם זיידנס ווינקל".

РОССИЙСКАЯ КОММУНИСТИЧЕСКАЯ ПАРТИЯ (большевиков).

*Пролетарии всех стран, соединяйтесь!*

**ПАРТИЙНЫЙ БИЛЕТ № 690567**

*Фамилия* Винчевский

*Имя и отчество* Морис

*Год рождения* 1856 г.

*Время вступления в партию* Америк. К. П. 1921 г. РКП 18/II 1924

*Выдан* Замоскворецк. Райкомом РКП (б) (точное наименование организации, выдавшей билет)

Винчевский М.

*Личная подпись*




М. П.

Секретарь Райкома

„21" II 1924 г.

*) מאָרים ווינטשעווסקי'ס פּאַרטיי־ביכל אַלס מיטגליד פון דער רוסלענדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, ארויסגעגעבן אין דער מאָסקווער פאַרשטאָט זאַמאָסקאָוואָ־רעטשיע, דעם 21טן פעברואר 1924. דער בלויער שטעמפּל און די רויטע אונטערשריפט פונ'ם סעקרעטאַר איז ניט אַרויס געקומען אויף דער פאָטאָגראַפישער קאָפּיע.

לאָפּ איז איצט געווען דריי יאָר טויט; מיין געליבטער סערגיי סטעפּניאַק איז געקומען מיר צו ווינשן אַ גליקלאַכע רייזע, אַרומ־רופנדיק טרערן אין מיינע אויגן; דער גרויסער אומשטערבלאַכער ענגלישע דיכטער פון עפּישע לידער, וויליאַם מאָריס, דער גרעס־טער זינט טשאָוסער, וועלכער האָט געלעבט מיט אַ יאָר 400 פריער — האָט מיר נאָר־וואָס געהאַט געגעבן אַ גרויסן קאָמ־פּלימענט און ער האָט אויך אויף זיך געטראָגן די חתימה פון טויט; מיין פריינט דער אַנאַרכיסט טשערקעסאָוו האָט נאָך ניט געהאַט געשריבן זיין וואונדערבאַרן בוך געגן דעם וויסנשאַפט־לאַכן סאָציאַליזם, נאָר אים האָב איך עפּעס אַזוי ווי פאַרלוירן פאַרן אַוועקפאָרן פון ענגלאַנד.

פון זיי אַלעמען וואָלט, פונדעסטוועגן, קיינער, חוץ אפשר גאַלאָפּ'ן, ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט מיין ביכל נומער 690567.

דערוויילן האָב איך אייך בּיסלאַכווייז אויסגעזאָגט, אַז נו־מער 690567 איז אַ ביכל, און אַ פּאַרטיי־ביכל, און פונם קעפּל ווייסט איר, אַז איך האָב אים געקראָגן אין מאָסקווע דעם 15טן אָקטאָבער 1924.

איז וואָס? איז אָט־וואָס:

אַז וואָס איך זאָל ניט געווען זיין פריער, בין איך זינט דעם 15טן אָקטאָבער, 1924, אַ „פול־פלעדזשד“ קאָמוניסט, אַ באָלשעוויק, מיט אַ מאָסקווער פּאַרטיי־ביכל נומער 690567. דערפאַר קען איך ניט אָנהויבן צו שרייבן עראינערונגען פון דער צייט, וואָס איך געפין זיך אין אַמעריקע, אַנדערש ווי אין אַ קאָמוניסטישער ציַיטונג.

און איצט הויב איך אָן.

---

וואָרט: עס וועט אפשר ניט שאַדן דעם היינטיקן דור צו דערקלערן, אַז „אין ציריך פּאַראַדירנדיק“ האָט צו באַטייטן „גיי־ענדיק אין דער פּראָצעסיע, דעם פּאַראַד“; עלעאָנאָרא מאַרקס איז געווען די אינגסטע טאָכטער פון קאַרל מאַרקס; דער „עפּי־שער דיכטער“ וויליאַם מאָריס, דאָס הייסט דער דערציילנדיקער

דיכטער, ווייל זיינע בעסטע און שטאַרקסטע זאכן זיינען מעשיות פון דער גריכישער מיטאָלאָגיע; דער אַנאַרכיסט טשערקעסאָוו איז געווען מער אַן אַנטי־סאָציאַליסט, ווי אַן אַנאַרכיסט. זיין



וויליאם מאָריס

בוך געגן דעם וויסנשאַפטלאַכן סאָציאַליזם איז דערשינען אין מאָסקווע מיט עטלאַכע יאָר צוריק.

---

ארום דעם אָנהויב פון הערבסט 1894 בין איך פון דער לאָנדאָנער סטאַנציע „ליווערפול סטריט סטיישאָן" אוועקגעפאָרן טאַקע קיין ליווערפול זיך דאָרטן צו זעצן אויף דער שיף „קאַמ־פייניע", וואָס גייט קיין אַמעריקע.

ווער, חוץ מיין קליינער פאמיליע, האט מיך באגלייט, געדיינק איך ניט. וואס אויף דער שיף האט פאסירט — חוץ ים־קראנקהייט — איז מיר אויך ניט געבליבן אין געדעכעניש קיין זאך.

ביים אנקומען קיין ניו יארק האט מיך באגעגנט א קאמיטע



עלעאנארא מארקס

פון דריי חברים (גענאסן, פארשטייט זיך), צווישן וועלכע איך געדענק דעם גענאסע קריסטאל אויף קלאר און אזוי ווי דורכן חלום — גענאסע פייגענבוים.

צו יענער צייט האבן די חברים געפלאנעוועט ארויסצוגעבן א טעגלאכע צייטונג. דאס איז געווען דערפאר, ווייל די וועכנט־

לאכע „אַרבעטער-צייטונג“ האָט זיך ניט באַצאָלט. דאָס נייע „אבענד־בלאַט“ האָט זיך גערופן „דאָס אבענד־בלאַט פון דער אַרבעטער־צייטונג“. דעם היינטיקן לעזער וועט דאָס פאָרקומען קאָמיש, נאָר אַזוי איז דאָס געווען. און אָט פאַרוואָס:

אין ניו יאָרק זיינען שוין געווען צוויי־דריי „קאַפּיטאַליס־טישע“ צייטונגען, איינע מ י ט, אַן אַנדערע אָ ן קאַפּיטאַל. די דריטע געדענק איך ניט.

פון דער „אַנדערער“ (דעם אידישן „העראָלד“) שטאַמט פּי־ליפּ קראַנצ'עס איינציקער וויץ. אין צייט פון אַ סטרייק האָט אימיצער געהאַט איינגעלייגט, דאַכט זיך, אַ הונדערט דאָלאַר. די אַרויסגעבער זיינען געווען בראָדי און מינץ. האָט קראַנץ באַמערקט אין אונזער צייטונג, אַז אים קומט פאַר דער עסק ניט גאַנץ זיכער, מחמת „אינם „הערלאָד“ איז פאַראַן מער בראָדי ווי מינץ“...

מינץ האָט ביי אונז אויך געפעלט. מיר האָבן אָנגע־הויבן די טעגלאַכע צייטונג מיט קנאַפּע עטלאַכע הונדערט דאָלאַר, אָן שרייבער, דאָס הייסט, אָן געניטע צייטונג־שרייבער, און כמעט אָן אַ רעדאַקטאָר.

דער רעדאַקטאָר האָט נאָך מיין מיינונג ניט געקענט זיין קיין אַנדערער ווי געגאָסע קאַהאַן, אב. קאַהאַן. אים האָב איך געטראָפן צוויי מאָל אין לאָנדאָן. ער האָט ביי אונז געהאַלטן אַ פּאָר „ספּיטשעס“, וואָס האָבן געמאַכט אַ רושם, און האָט נאָר־וואָס געהאַט אָנגעהויבן שרייבן זיין „רפאל נעריצך“, וואָס האָט אין דער „אַרבעטער־צייטונג“ קאָנקורירט מיט דעם „משוגע'נעם פילאָזאָף“ אין דעם לאָנדאָנער „אַרבעטער־פריינט“.

האָט מען אים אָבער ניט געוואָלט. אין דער אַסאָסיאיישאָן האָט געקראָגן אַ מאַיאָריטעט געגאָסע קראַנץ, און געגאָסע קאַהאַן איז געבליבן ביי דער וועכנטלאַכער „אַרבעטער־צייטונג“. אַזוי ווי קראַנץ — אָן אַ צונג אין מויל און אָן אַ פּעדער אין האַנט — האָט זיכער ניט געטויגט, איז ביי מיר קיין שום ספק ניט געווען,

אז אונז האָט דעמאָלט געפעלט ניט בלויז מינץ, נאָר אויך א רעדאַקטאָר.

איז דאָ בין איך אָנגעקומען פון ענגלאַנד: א מענטש מיט א נאָמען, א שטיקל דיכטער, א משוגע׳נער פילאָזאָף און א זיידע. אמת, טאַקע ניט מער ווי 38 יאָר אַלט, נאָר פאָרט א זיידע, און טוט מיר וואָס!

פאַרוואָס האָט מען דאָ ניט געוואָלט האָבן קאַהאַנ׳ען? ער האָט געגן זיך געהאַט אייניקע יונגע חברים. געזאָגט האָט מען, אז ער האָט זיי אין א „ספּיטש“ באַליידיגט. ער האָט זיי כלומרשט אָנגערופן „בעזגראַמאָטנאַיאַ סוואָלאָטש“. אויף ווי ווייט דאָס איז אמת, ווייס איך ניט. זיכער איז אין דער אָפּאָזיציע צו אים געווען א שטיק פּאַרטיי־פּאָליטיק.

אין דער פּאַרטיי — דער סאָציאַליסטישער ארבעטער־פּאַר־טיי — איז געווען דאַניעל דעליאָן דער פירער: דער וואָרעם אין דעם לעכערדיקן עפּל, ווי איך האָב שפּעטער געזאָגט. און מיט אים האָט קאַהאַן דעמאָלט ניט געשטימט.

נאָך אין לאָנדאָן האָט מיר קאַהאַן דערציילט, אז דעליאָן איז א מין פּאַרטיי־טיראַן, וואָס האָט כסדר געוואָלט שפּילן דעם ערשטן פידל, ווי דער אידישער רבונו של עולם, ניט דולדנדיק קיין אַנדער גאָט אַרום זיך, טאַקע ווי דער פּסוק זאָגט: לא יהיו לך אלהים אחרים על פּני.

איך וועל זיך דערצו אומקערן, ווייל דאָס האָט אין זיך א היסטאָרישן קערנדל. דערווייל לאָזט מיר אייך זאָגן, אז מיין קומען אהער האָט געהאַט א מין „אַדווערטייזינג וועליו*) פאַר דער נייער צייטונג.

אין ווינדזאָר טעאַטער האָט מען מיר געגעבן א קבלת־פּנים, און וועלכן עלטערע חברים דערמאָנען זיך נאָך היינטיקן טאָג. זאַמעטקין האָט גערעדט, פייגענבוים האָט גערעדט, קאַהאַן האָט גערעדט און הילקוויט האָט גערעדט. דער לעצטער האָט כמעט

*) רעקלאַמע־ווערט.

גאָר ניט גערעדט וועגן מיר, ער האָט באַנוצט די געלעגנהייט צו מאַכן אַ וואָלקאַמף „ספּיטש“. וועגן מיר וואָלט ער ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן, און זיין רעדע האָט אויף מיר געמאַכט אַ גוטן איינדרוק.

מיט אַ געוויסן זין און מיט עראינערונגען אפילו נאָך פון מיינע קינדער-יאָרן אין דער היים האָט גערעדט אב. קאַהאַן.

אַזוי האָט אויסגעזען מיין קבלת־פּנים אין ניו יאָרק. דאָס איז געווען מיט אַ דריטל יאָר־הונדערט צוריק.

איצט דאַרף איך על פּי יושר צוריקקומען צו דער פראַגע מכוח דער וואַל פון קראַנצ'ען צום רעדאַקטאָר פונם „אבענד־בלאַט“. דערצו וואָלט איך גערדאַרפט אָנקומען צו דאַניעל דע־ליאָן, פריער אָבער צו דער אין 1889 געגרינדעטער, אָדער ריכ־טיקער—„רעאָרגאַניזירטער“, פּאַרטיי, צום אַלטן לוסיען סעניעל*),

*) כמעט אין דעם אויגנבליק, בעת איך האָב דערמאָנט דעם אַלטן לוסיען סעניעל, זאָגט מען מיר אָן די טרויעריקע בשורה פון סעניעל'ס טויט.

עס וואָלט זיך וועלן עפּעס זאָגן וועגן דעם מאַן, וואָס איז געווען אַן אַלטער בעת איך בין נאָך געווען יונג. איך האָב אים זייער גוט געקענט.

לוסיען סעניעל איז געווען איינער פון די בעסטע רעדנער און שרייבער אין דער „עס על פּי“ (סאָשעליסט לייבאָר פּאַרטי) און איז דאָך געבליבן אַ פראַנצויז. זיין אויסשפּראַך איז געווען אַזוי פראַנצויזיש, איבערהויפּט זיין אַקצענט, אַז מען פלעגט זיך מוזן צוריקהאַלטן פון לאַכן אין די פּאַטעטישע, אין די פייערדיקע שטעלן. און ער האָט דאָס געפילט, נאָר איז געבליבן אַ פראַנצויז מיט זיין פראַנצויזישן אַקצענט פאַר זיין זייער גוטן ענגליש.

אין זיין איינציקן בוך „סאָשעליסט אַלמאַנאַק“, וואָס געפינט זיך אין מיין ביבליאָטעק, האָט ער לאַנגע אַרטיקלען וועגן דייטשלאַנד, אי־

נאָך פריער צום סינגל־טעקסטער העגרי דזשאָרדזש, נאָך פריער צו די „נאַיטס אָוו לייבאָר", נאָך פריער צו די „גרינבעקס" (גרי־נע רוקנס) און אפשר נאָך ווייטער, פארקריכנדיק אין האָצע־פּלאָצע, אין די טיפענישן פון דער אמעריקאַנישער געשיכטע, און דער אַגנצער עסק וואָלט פּשוט ניט געלוינט. היינט איז

טאַליע, שפּאַניע, בעלגיע, עסטרייך און פּוילן, נאָר ניט מער ווי אַ קורצע נאָטע וועגן פראַנקרייך.

אָט איז וואָס ער זאָגט וועגן זיין „פאָטערלאַנד":

„די געשיכטע פון דעם סאָציאַליזם אין יענער מדינה (פראַנקרייך) איז אַ ברייטער געגנשטאַנד, וועלכער פאַרלאַנגט אַ ספּעציעלע באַהאַנד־לונג. דערווייל וועלן אונזערע לעזער געדענקען, דאַנקבאַר און האָפּ־נונגספול, אַז אויף דעם גינסטיקן באָדן פון פראַנקרייך איז דער סאָ־ציאַליזם געבאָרן געוואָרן און דאָרטן האָט ער אויסגעקעמפט זיינע ער־שטע און שווערסטע מלחמות. אָפּט פאַרניכטעט און, ווי עס האָט אויס־געזען, באַערדיקט אויפן בית־עולם אויף אייביק, איז ער אויפגעשטאַ־נען תחית־המתים שטאַרקער און קרעפטיקער מיט יעדן דור. איצט האָט דער גיגאַנט (ריז) דערגרייכט זיין מיטלעלטער און ווערט באַ־טראַכט מיט שרעק און ציטערניש פון די הערשנדיקע קלאַסן... היינטיקס יאָר האָט ער פאַרטאָפּלט זיינע שטימען פון 1893 און מיט אַ פולן מי־ליאָן וואוט מאַרשירט ער צום זיג איבער די הערשנדיקע קלאַסן.

„קיינער קען ניט פּראָפעצייען וואָס די צוקונפט וועט ברענגען, נאָר אויב עס וועט נאָך אַמאָל פּאַסירן, אַז דער סאָציאַליסטישער פלאַג (פאָן) זאָל פלאַטערן איבערן פאַריזער שטאָט־ראַט (דומע), זענען מיר זיכער, אַז קיין מאַכט אין דער וועלט וועט די פאָן ניט מער אַרונטער־רייסן און אין צייט פון 48 שעה וועט יעדער קעניגלאַכער און קייזערלאַכער פּאַלאַץ פון וועסט־אייראָפּע פאַרשווינדן".

דאָס איז אַלעס.

אויף מזרח־אייראָפּע, למשל, אויף רוסלאַנד, האָט דער אַלטער לו־סיען סעניעל ניט געהאָפט. מיר האָבן דאָס און מער יאָ דערלעבט.

— מ. וו.

דער אָרימער קראַנץ שוין טויט, זיינע אַמאָליקע פריינט און געג־נער נאָך טויטער פאַר אים אַליין. וועגן דער פּאַרטיי וועט זיין גלייכער צו רעדן, ווען מיר קומען צו דער גרינדונג פון דער איצ־טיקער פּאַרטיי, אָדער עפּעס פריער.

דער טומל, וואָס מיין קבלת־פּנים האָט אָנגעמאַכט ביים ניו־יאָרקער עולם, האָט געהאַט פאַרשיידענע פאָלגן, וועלכע וועלן שפּעטער באַשריבן ווערן. דערווייל וועט גענוג זיין צו זאָגן, אַז מיין נאָמען איז דעמאָלט גענוג געווען צו פאַרזיכערן אַן ערפאָלג אפילו פאַר אַזא „משוגע׳נער" טעאַטער שטיק, ווי, למשל, הענריק איבסען׳ס „נאָרא", אָדער „די ליאַלקע׳ס היים".

די איבערזעצונג האָב איך מיטגעבראַכט פון ענגלאַנד. איר האָט יאַקאָב פּ. אַדלער פון מיר געקויפט און זיין שטענדיקער אויטאָר, י. גאָרדין, האָט די פּיעסע „געפּיקסט" פאַר דער אידי־שער בינע. מיין אידיש איז מיסטער אַדלערן ניט געפעלן און דער „שלעכטער" סוף האָט אַדלערן אַריינגעטריבן אַ שרעק אין אַלע גלידער.

וועגן דעם „פּיקס" פון מיין לשון האָב איך שפּעטער גע־קראָגן צו וויסן. און די ענדערונג פון דעם שלעכטן סוף האָט גאָרדין, געגן זיין אייגענעם ווילן, „געפּיקסט" דורך אַ פערטן אַקט, וואו אַלץ ענדיקט זיך צום בעסטן. דער דאָזיקער פערטער אַקט האָט אויך געהאַט אַ סאָציאַליסטישן כאַראַקטער. פונדעסט־וועגן האָט מען גלייך דעם נאָענטסטן אָוונט געמוזט דאָס שטיק שפּילן אין דריי אַקטן ווי איבסען האָט דאָס געשריבן און ווי זי געפינט זיך אין בוך־פאָרם אין אַלע שפּראַכן, אפילו אין מיין איבערזעצונג.

נאָר אַזוי גרויס איז געווען אַדלער׳ס מורא פאַר אַ ליטעראַ־רישער פּיעסע, אַז ער האָט מיר איבערגעגעבן זיין טעאַטער דעם זונטיק פאַר דער פאָרשטעלונג, כדי צו לעקטשורן ווענגן איבסען׳ס פּיעסן. מיין לעקטשור איז דורכגעגאַנגען ניט שלעכט. ביים אַרויסגיין פון טעאַטער האָט פּאַסירט דער פאָלגנדיקער שפּאַס:

אין מיין לעקטשור האָב איך געזאָגט, אַז איבסען קען ניט

פאַרגליכן ווערן מיט אַ מאָדערנער פּיעסע, וועלכע קוקט אויס לגבי איר, ווי דאָס ענגלישע לידל: „דייזי, דייזי, גיוו מי יור אַנ-סערס טרו, איי עם קרייזי באָט פאָר דהי לאָוו אָוו יו, איט וואָנט בי איי סטאַיליש מעריעדזש, אַי קענ׳ט אַפאָרד איי קעריעדזש, באָט יו׳ל לוק סאָו סוויט, אַפּאָן אַ סיט אָוו אַ בייסיקל בילט פאָר טו״ *) — דאָס לגבי אַ סימפאָניע פון בעטהאָווען. דאָס ליד האָב איך אויפ׳ן קול אַרויסגעזונגען.

און דאָ גייען מיר (מיט גאָרדינ׳ען) אַרויס פון טעאַטער און איך הער ווי אַ מבין אַ איד, רעדנדיק מיט אַ שכן, אָדער אַ פריינט, זאָגט: „אַי, האָט ווינטשעווסקי היינט גע׳דרשנ׳ט, אי־בערהויפּט דער דייזי זיינער!״

איבערהויפּט, הייסט עס, דער דייזי מיינער! איך בין אַ זינגער אויך! איך — אַ זינגער! דאָס ווערט מען אין אַמעריקע איינס, צוויי, דריי!

אייגנטלאַך צו גיך, ווייל איך האָב געכאַפּט די פּיש פאַרן נעיז, האָב איך געזאָלט פריער אָט־וואָס דערציילן:

אַ טאָג נאָך מיין אָנקומען אין אַמעריקע האָט מען מיך גע־פירט אין אַדלער׳ס טעאַטער (אין די אַמאָליקע רומעניע אָפּערא הויז), וועלכער איז דעמאָלט געווען וואָס היינט איז שוואַרצ׳עס קונסט־טעאַטער. דאָרטן האָט מען זיך כלומר׳שט אויפגעאָפּפערט, שפּילנדיק ליטעראַרישע פּיעסן, אָנשטאָט „בלימעלע״ און אַנדע־רע שונד. יענעם אָוונט האָט מען, אויב מיין זכרון נאַרט מיך נישט, געשפּילט גאָרדינ׳ס „ווילדער מענטש״. דאָס איז געווען דעם 14טן אָקטאָבער. דעם 15טן איז אַרויסגעקומען דער ער־שטער נומער „אַבענד־בלאַט״ און אַזוי ווי דער עולם האָט דער־וואַרטעט פון מיר אַן אַרטיקל און גאָרדין האָט מיט זיין פּיעסע

---

*) דייזי, דייזי, גיב מיר דיין ריכטיגן ענטפער; כ׳בין ,משוגע פאַרליבט אין דיר; ס׳וועט ניט זיין קיין פּאַראַדנע חתונה; כ׳קאָן זיך ניט פאַרגינען קיין קאַרעטע; פאָר דו וועסט אויסזען מלא־חן, זיצנדיג אַף אַ וועלאָסאַפּעד געבויט פאַר צוויי. — ק. מ.

און מיט זיין פערזענלאכקייט געהאט געמאכט א גוטן איינדרוק אויף מיר, האָב איך זיך אוועקגעזעצט און האָב אויפגעשריבן א רעצענזיע: „יאקאָב אדלער און יעקב גאָרדין“ און אלע זיינען געוועזן צופרידן.

:: :: ::

**צו דעם ביזאהעריקן אינהאַלט פון מיין „ווינקעלע“ בעטן זיך די פאָלגנדיקע באמערקונגען:**

א פערטן אקט צו „נאָרא“ האָט מען געמאכט ניט אויף דער אידישער בינע אליין. די פאַרשיידענע ענדערונגען פון דער פיע־סע האָבן איבסענ׳ען אזוי דערעסן, אז ער האָט אליין געמאכט אַן אנדער סוף צו דער פיעסע: א געשריי פון א קינד „מאַמאַ“ האָט איר צוריקגעבראכט צום מאַן (צו העלמערק). דער איי־ראָפעאישער עולם איז אָבער געוועזן אזוי קלוג ווי אונזערער, און די פיעסע איז געבליבן אויף אלע בינעס, ווי איבסען האָט איר צוערשט געשריבן.

וואָס איז שייך צו מיין לעקטשור דעם זונטיק פריער, וואָלט ניט שאַדן צו באַמערקן, אז זונטיק האָט מען דאַן אין ערגעץ ניט געשפּילט, ווייל די פּאָליציי האָט שטרענג אויפגעפּאסט, אז מען זאָל חלילה ניט מחלל זונטיק זיין.

געקומען בין איך אהער פון ענגלאַנד אליין... האָב געזאָלט גיין ווייטער אזש קיין קאַליפאָרניע און אפשר נאָך ווייטער. האָב ניט געגלויבט, אז איך וועל קומען אהער א לעבעדיקער און האָב דערווייל געלאָזט מיין קליינע פאַמיליע אין לאָנדאָן. משמעות, האָט די ים־רייזע מיר גוט געטאָן, און ווען איך בין דאָ אין ניו יאָרק אָפּגעוועזן א קורצע צייט, האָבן מיר אייניקע פון מיינע נייע חברים, צוויי־דריי דאָקטוירים צווישן זיי, אָנגעפאַנגען צו־צורעדן צו בלייבן דאָ. א האַלב יאָר שפּעטער—אין באָסטאָן—האָב איך חרטה געהאט. נאָר וועגן דעם וועל איך רעדן שפּע־טער, ווען איך קום אזוי ווייט.

דאָ אין ניו יאָרק איז גלייך נאָך דעם, ווי דער טומל פונם

קבלת־פנים איז געווען אריבערגעגאנגען, אויפגעשטעגען די אלטע קשיא „ואים תאמר מה נאכל?“ די בוכהאלטעריי איז מיר גע־קראכן פון האלז. ביים „אבענד־בלאט“ האט מען אפשר גע־קענט קלייבן נחת און פארדינען—טאקע פארדינען, ניט בלויז קריגן—קאמפלימענטן, אבער אנגעקליבענעם נחת קען מען ביז זאט ניט עסן, און א סאלאוועי, זאגט דער רוס, קארמעט מען ניט מיט באסנעס, אייגנטלאך מיט לידלאך.

אז דאס אידישע טעאטער קען ווייניק־וואס געבן, האב איך זיך שוין געהאט איבערצייגט. פונדעסטוועגן האב איך פון ענג־לאנד געהאט מיטגעבראכט א קאמעדיע פון 1886טן יאר. אויף איר האב איך געלייגט אביסל האפענונג. היינט, מער ווי 40 יאר זינט זי איז געשריבן געווארן, וועט אפשר לוינען צו דערציילן איר אינהאלט.

ערגעץ־וואו אין קאוונער גובערניע געפינט זיך א איד א שטיקל קצין. ער איז א מלוה, מיט א יונגער טאכטער א בת־יחידה. ער פארט אוועק האנדלען, און אין דער צייט, וואס ער איז נימא אין דערהיים, קומט זיך מירעלע צונויף מיט א יו.גען דאקטאר, וועלכער הויבט איר אן צו „ראזוויוואיען“, צו אנטוויק־לען. ענדלאך קומט דער טאטע אהיים, מיט דער אמביציע פאר מירעלען צו קריגן א למדן פאר א חתן, דעם מירער עילוי אליין, וואס אויף אים זיינען דא פיל בעלנים. ווען דער פא־טער זאגט מירעלען אן די בשורה, ווערט פאר איר קלאר, אז זי ליבט דעם יונגען דאקטאר, דעם לערער אירן. איין אוונט, קו־מענדיק אהיים, געפינט דער אלטער דעם דאקטאר, האלטנדיק די מיידל ארומגענומען, זיינע הענט ארום איר טאליע. אין הויז איז דא א דינסטמיידל, חיה'טשקע, וועלכע איז געטריי צו מי־רעלען, און זי וויל פארמולירן דעם אלטן, אים זאגנדיק, אז מיר־רעלע האט גענומען פילן א שמערץ אין זייט, האט זי, חיה'טשקע, אריינגערופן דעם יונגען דאקטאר, און דאס האט ער מירעלען אונטערזוכט, בעת ר' חייקעל איז אריינגעקומען און אים האט זיך אפגעדוכט, אז ער האט איר ארומגענומען. דער אלטער איז

ניט איבערצייגט, אָבער ער מאַכט אַ שוויַיג, כדי זיין טאַכטער ניט מבייש צו זיין. חיה'טשקען טרייבט ער אָבער ארויס פון הויז. אַ האַלב־פאַרצווייפלטע קריגט מירעלע פון פאָטער אַ פּאָר צענדליק רובל און גייט כלומר'שט זיך קויפן אַ קלייד, אַזוי ווי דער מירער עילוי דאַרף דאָ קומען. חיה'טשקע איז דערוויַיל געווען ביים דאָקטאָר און ער ווייסט אַלעס. ער קומט אויף אַזאַ פּלאַן: אונטערקויפן ר' צמח דעם שדכן, אַוועקשיקן צוריק אַהיים דעם מירער עילוי און קומען צו ר' חייקלען מיט ר' צמח'ן אַלס דער דערוואַרטעטער חתן. דאָס שרייבט ער מירעלען אין אַ בריוו, וועלכן ר' חייקעל נעמט איבער, און הייסט זיין פעלדשער, די־נעצקין, אויפקלעפּן אַ צעטל אויפן טיר, אַז ער פאָרט אַוועק אויף אַ קורצער צייט. לייגט זיך דינעצקין אויפן שכל, אַז דער דאָק־טאָר, וועלכן ער האָט געזען אַרומגייענדיק מיט ר' צמח, דעם שדכן, — אַז דאָס פאָרט ער טאָן אַ שידוך, און חיה'טשקען זאָגט ער, אַז דער דאָקטאָר נעמט אַ כלה מיט אַ סך געלט.

דאָס דערהערנדיק, לויפט מירעלע צו דער פּאָסט, זעצט זיך אין אַ פּאָסט־וואָגן, כדי נאָכצוויאָגן איר דאָקטאָר. אין פּאָסט־וואָגן לעבן איר זיצט אַן אָפיציר און עס גייט אַרויס אַ קלאַנג, אַז זי איז אַנטלאָפן מיט אַ גוי. ר' חייקעל שיקט איר נאָך אַן עשטאַפעט און מען ברענגט איר צוריק אַ צעבראָכענע און פאַר־שעמטע. דעם דאָקטאָר'ס בריוו, אַזוי ווי ער איז געשריבן אויף רוסיש, איז דער אַלטער, ניט וויסנדיק וואָס דאָרטן קען שטיין, פאַרברענט ער אים פאַר מירעלע'ס אויגן. דער קלוג, אַז זי איז אַנטלאָפן געוואָרן מיט אַן אָפיציר, פאַרשפּרייט זיך איבער דער שטאָט, דער דאָקטאָר איז ניטאָ, און מירעלע באַשליסט דערינגה צו האָבן מיטן מירער עילוי. ערשט אונטער דער חופּה שטעלט זיך אַרויס, אַז איר געליבטער דאָקטאָר איז דער מירער עילוי.

איך האָב בכיוון דורכגעלאָזן עטלאַכע סצענעס. די לעזער וועלן די קאָמעדיע גופא קריגן צו לייענען אין דריטן באַנד פון מיינע געזאַמלטע ווערק. אָבער איך גלויב, אַז פון מיין פאַר־קירצטער שילדערונג אַליין קען דער לעזער זען, אַז אין דער פּיע־

סע איז דאָ „אינהאַלט“, גענוג „האַנדלונג“ און, דערלויבט מיר צו זאָגן, אויך גוטער אידיש, ספּעציעל אַלס אַ דראַמאַטישע זאַך געשריבן מיט פערציק יאָר צוריק.

איידער איך גיי ווייטער, לאָמיך דאָ באַנוצן די געלעגנהייט אייך צו זאָגן, אַז פון אָנהויב אָן איז געווען מיין פּלאַן צו שרייבן דריי דראַמען פון יענעם פּעריאָד: די „ראַזוויוואַטעלי“ *), די „כאַפּערס“ (אין דער סאָלדאַטשינע) און „די אידן־פראַגע“. דאָס זיינען דער „מירער עילוי“, דער „לעצטער נאַבאָר“ און „כלומר'שט אַ חתונה“.

איך קער זיך אום צום „מירער עילוי“, כדי צו זאָגן אַ וואָרט וועגן זיינע קריטיקער. דער ערשטער איז געווען דער גרויסער אידישער קאָמיקער מאָגולעסקאָ. אים איז די פּיעסע געווען גע־פעלן, מער ניט, ער האָט געוואָלט פאַראייניקן ר' חייקלען מיט ר' צמח'ן (דעם פאָטער און דעם שדכן).

מיסעס ליפּצין האָט געהאַלטן די פרויען־ראָלע פאַר צו אומ־באַדייטנד פאַר איר.

און מיין נייער פריינט, יעקב גאָרדין, האָט די פּיעזע אינ־גאַנצן מבטל געווען: די אַקטן זיינען צו קליין און אַזוי ווייטער. אפשר איז ער געווען גערעכט.

צי איך האָב עם געלייענט פאַרן נשר הגדול (יעקב פּ. אַד־לער), געדיינק איך ניט. אין שפּעטערע יאָרן האָט די פּיעסע געלייענט לעאָן זאָלאָטקאָף (זקף גדול) פונם „טאָגעבלאַט“, מיי־נער אַ גוטער פריינט און חבר פון לאָנדאָן, היינט אַ ציוניסט. ער האָט זי גענומען מיט זיך קיין שיקאַגאָ, אָבער קיין ידוך צווישן אונז איז ניט געוואָרן. מחשבות'ן, לעאָן זאָלאָטקאָף איז דער מחבר פון דער סאָציאַליסטישער הגדה של פסח, וואו דער חד־גדיא (חד עובדיא) איז מיינער.

דערווייל בין איך באַקאַנט געוואָרן מיט דאַניעל דעליאָן.

---

*) די אויפקלערער.

ער האָט פון מיר גענומען אַ ליד „דזשאָו'ס ווידזשאַן" און איז, ווי איך האָב געגלויבט, געווען צופרידן.

יעדנפאַלס האָט ער עס גלייך געדרוקט. די באַמערקונג איז נויטיק צוליב דעם, וואָס מיר וועט שפּעטער אויסקומען צו דערציילן.

גענפּלאַנט האָב איך צו דערציילן עטוואָס וועגן באָסטאָן, נויאָרק און באַלטימאָר. איצט געדענק איך אָבער ניט, וואו איך בין געווען פריער: אין באָסטאָן אָדער אין נויאָרק. וואָרף איך גורל, פאַלט דער גורל אויף נויאָרק.

פּאַסירט האָט דאָרטן אַט־וואָס:

מיר האָבן יענעם אָוונט געהאַט אַ שיינעם עולם און איך — מיט עטלאַכע און צוואַנציק ציינער אין מויל מער ווי היינט — האָב געהאַלטן אַ גאָר ניש־קשה'דיקע דרשה און האָב ענדלאַך גע־ענדיקט. דאָס איז ניט געווען פאַר אַ אידישן שרייבער זייער אידישלאַך, אָבער איך האָב די דרשה מיינע גראָד געענדיקט. ווי עס פירט זיך ביי אַ גאַסט, ביי אַ קבלת־פּנים, האָט מען מיר אַפּלאָדירט. אין דער צייט פון די אַפּלאָדיסמענטן גייט צו מיר צו אַ ווייבל (אַ אידישע, אַ לאַנדאַנערקע) און גיט מיר אַ ברע־נענדיקן, הארציקן קוש, אָדער ווי איר זאָגט געווים בלשון פון דער מגילה „כוש" (מהודו ועד כוש). אַן אַנדערער וואָלט נאָכ־געטאָן דעם עולם און וואָלט דערפון הנאה געהאַט. איך האָב זיך פאַרטראַכט און האָב צו זיך געזאָגט: „רבונו של עולם! בין איך טאַקע אין אמת'ן שוין אַזוי אַלט!"

אין נויאָרק, יענעם אָוונט, האָב איך ארויסגעפונען היינט די דאָזיקע אַן אַלטן מאַן, נעטער האָט ער געהייסן, וועלכער האָט מיך שוין דעמאָלט גערופן „זיידע" און איז מיר געבליבן אַ גוּ־טער פריינט ביזן טויט.

אין יענער שטאָט האָב איך אויך געפונען אַן אַמעריקאַנישע אויסגאַבע פון מיין בראשור „יהי אור" און אַ שיין ביסל אַנדערע גוטע פריינט און גוטע זאַכן.

די שטאָט נוארק איז אויך געווען איינע פון די ערשטע שטעט, וועלכע זיינען צו אונז צוגעשטאַנען, בעת עס האָט זיך אָנגעפאַנגען (אין דעם באָסטאָנער „אמת") דער קאַמף געגן די ס. ל. פּ. — סאָציאַליסטישע ארבעטער פּארטיי.

וואָס איז שייך צו באָסטאָן, האָב איך פיל צו דערציילן, אָבער דאָס וועט קומען אַ וואָך אָדער צוויי שפּעטער. דאָ גלייך קען געזאָגט ווערן, אַז דער אויבן־דערמאָנטער „אמת" איז אייגנט־לאַך גלייך ביי מיין ערשטן באַזוך ווען ניט געגרינדעט, יעדנ־פאַלס „פאַרטראַכט" געוואָרן. דאָס הייסט, עס איז דער־פאַר געלייגט געוואָרן דער ווינקלשטיין, דער אבן הפינה.

ווילט איר דאָך וויסן, וואָס און ווי אַזוי דאָס איז געקומען. טאָ הערט זשע:

אין באָסטאָן, וואו עס זיינען צו מיר צוגעשטאַנען פיל אינ־טעליגענטן, זיינען צו יענער צייט אויך געווען אַ שיין ביסל וואָס דער רוסישער קריטיקער פּיסאַרעוו האָט גערופן „דעקלאַסירטע פּראָ־לעטאַריער". צווישן זיי איז געווען אַ אידישער ארבעטער מיטן נאָמען מאָריס ראוד. ער איז געווען אַ מאַן מיט אַ גוטן קאָפּ אויף די פּלייצעס און זייער ענערגיש. נעבען אים, אַלס אַ דיכ־טער, איז געשטאַנען יעקב מאַרינאָוו, דעמאָלט אויך אַ שניידער, אַ מייסטער־שניידער.

די באָסטאָנער ארבעטער זיינען געווען אומצופרידן מיט דער פירערשאַפט פון די יונייטעד גאַרמענט וואָרקערס, וואָס האָבן באַלאַנגט צו דער אַמעריקען פעדערייישאָן אָוו לייבאָר, און האָבן אויך אָפט פּראָטעסטירט געגן דער ניו יאָרקער „אַרבעטער־צייטונג". ניט האָבנדיק קיין אָרגאַן אין דער פּרעסע, האָבן זיי צווישן זיך באַשלאָסן אויסצונוצן מיין קומען קיין אַמעריקע פאַר ארויסצוגעבן אַ לאָקאַלע צייטונג. דערמיט איז אויך געווען פאַר־בונדן אַ פּריינטשאַפטלאַכער וואונש מיר צו העלפן „מאַכן אַ לעבן".

ראוד האָט מיר גלייך געמאַכט דעם פאָרשלאָג.

צום אומגליק האָב איך געמוזט די געשעפטן זאָגן, אַז איך קען

דאָס ניט אָננעמען, ווייל הגם איך האָב פיל געאַרבעט צווישן די אידישע יוניאָנס און הגם פון מיין פעדער שטאַמט די ערשטע טרייד-יוניאָן בראָשור („דער אלף־בית פון טרייד־יוניאָניזם, אָדער א תנאים נאָך א חתונה" *), בין איך נאָך זייער גרין אין אמעריקאַנישער פּאָליטיק און אין היגע יוניאָן־פראַגן.

און בין אוועקגעפאָרן צוריק קיין ניו יאָרק.

די פראַגע האָט זיך, 4—5 חדשים שפּעטער, אנטשידן מיט א קאָמפּראָמיס: א צייטונג זאָל יאָ געגרינדעט ווערן, אָבער א „בילדונגס־אָרגאַן" און אַן אונטערהאַלטונגס־בלאַט.

דעם ערשטן מאַי 1895 איז דערשינען דער „אמת".

דאָס וועט זיין א וויכטיקער טייל פון מיינע אמעריקאַנישע עראינערונגען.

---

פילאַדעלפיע טוט כסדר נאָך ניו יאָרק. ווערט ניו יאָרק משוגע, ווערט פילאַדעלפיע אויך משוגע. ווערט ניו יאָרק קלאָר, קלאָרט זיך פילאַדעלפיע אויך אויס. איצט קום איך אָן פון ענגלאַנד אין ניו יאָרק—ווערט ניו יאָרק משוגע, ווערט פילאַדעלפיע אויך. בין איך א וואָך שפּעטער אין דער שטאָט פון ברודערליבע —איך זאָג: ברודערליבע, ווייל איך האָב גענוג געפילאַדעלפיעט. איז אין יענער שטאָט בין איך געווען א וואָך נאָך מיין אָנקומען אהער פון ענגלאַנד, און היות ווי ניו יאָרק האָט מיך מקבל געווען, האָט דאָס די שטאָט פון ברודערליבע אויך געטאָן.

און וואָס איז באַשטאַנען דער שפּאַס?

מען האָט וועגן מיר גערעדט אַלס א זיידן, וואָס האָט שוין אַן אייניקל... זייער אַן אַלטער מאַן. ווען איך האָב זיך אויפגעשטעלט ריידן, האָב איך געמאַכט די באַמערקונג, אַז איך בין שוין נאָענט פון 70 יאָר. „ער וועט נאָך דערלעבן צו זיין 80!" האָט איינער א חסיד אויסגעשריען. „ניט מער ווי נאָך 10-12 יאָר?" האָט אַן אַנדערער אויסגעשריען — „געג. טשערמאַן, איך

*) זע „היסטאָרישע שריפטן" אין באַנד 1.

ווינש, אז דער זיידע זאָל נאָך לעבן אַ יאָר 120!“ וואָלט איך דעם גענאָסע געפאָלגט, וואָלט איך זיך אַרויסגעקרושקעט אויף יענער וועלט מיט אַ יאָר 13 צוריק. איר, מיינע חברים, וואָלט פאַרשפּאָרט זיך צו פאַרדרייען אַ מוח מיט אַ זיבעציק־יעריקן יום־טוב, מיט אַ 70־יאָריקן זיידן (דער יונגער, דער אַלטער נאָך עלטער) און מיט היינטיקן „אינגעלע“. אָט הערט:

(איך אַליין האָב קיינמאָל ניט געצווייפלט אין דעם, אַז איך בין געווען אַ חשוב'ער שרייבער פון דער ערשטער יוגנט אָן. אָבער ערשט אין דער „פרייהייט“ האָב איך אויסגעפונען, אַז איך האָב פון ענגלאַנד אהער געבראַכט אַ זאַך, וואָס איז געשריבן גע־וואָרן אין דעם יאָר 1856. זאָגט דער לוח הקודש, אַז איך בין ערשט געבוירן געוואָרן אין יענעם יאָר, אין 1857. אויב אַזוי, האָב איך געמוזט זיין נאָך גאָר אַן עופה'לע בשעת איך האָב זיך גענומען שרייבן קאָמעדיעס. ווי זאָגט יענער?

אַך, וואונדער איבער וואונדער!
איז דאָס ניט אַ וואונדער?
ווען אַ קינד נאָר וואָס געבאָרן,
איז אַ דיכטערל געוואָרן,
איז דאָס ניט אַ וואונדער?

פאַרשטייט זיך, אַז געשריבן האָב איך 1886, ניט 1856. די טובה האָבן מיר געטאָן מיינע חברים, אייערע זעצער.)

---

קיין באַלטימאָר בין איך געקומען באַגלייט פון גענאָסע פיי־גענבוים. צווישן זיך האָבן מיר באַשלאָסן, אַז רעדן זאָל ער פרי־ער און איך שפּעטער. אַרום האַלב ניין איז געקומען אַ גענאָסע אונז נעמען צום מיטינג, דערביי באַמערקנדיק, אַז דער עולם וואַרט שוין פון זיבן אַזייגער אָן. האָבן מיר צווישן זיך אָפּגע־מאַכט, אַז ער, פייגענבוים, זאָל רעדן אַ האַלבע שעה אָדער דריי פערטל, און איך אויך ניט מער, כדי צו ענדיקן אין צייט.

האַרציק באַגריסט, שטעלט זיך גענאָסע פייגענבוים אַוועק און ווייסנדיק, אַז זיין צייט איז באַשריינקט, רעדט ער אַ האַלבע

שעה, דריי פערטל שעה, אַ שעה, אַ שעה מיט אַ פערטל ביז 10 אזייגער.

אום צען קומט מיין „טוירן“. איך רעד, עס גייט אַלץ כשורה, אָבער פּלוצלונג ווערט אַ טומל אין זאַל. עטלאַכע בענק פון דער פּלאַטפאָרמע טוט זיך האַסטיק אַ הויב אַ ווייבל, שפּייט אויס, עפּעס אזוי ווי גיפט, שרייט, ליאַרעמט און גייט אַוועק.

דער גיפטיקער שפּיי איז זיכער פאַר מיר, נאָר וואָס איך האָב אַזוינס געזאָגט, האָט קיינער ניט פאַרשטאַנען און איך אַליין אויך ניט.

נאָכן מיטינג האָב איך אַרויסגעפונען דעם אמת. די ווייבל איז גראָד אַן אינטעליגענטקע און האָט געלייענט דעם פלוגבלאַט, וואָס די געגנאָסן האָבן אַרויסגעלאָזט, רימענדיק דעם דיכטער מאָריס ווינטשעווסקי, דעם משוגע'נעם פילאָזאָף. האָט זי אויסגעגעבן אירע בלוטיקע 15 סענט און איז געקומען אויף טשיקאַ־ווּעס הערן ווי אַ משוגע'נער רעדט.

„זשוליקער, בלאַפערס!“ האָט זי ביים אַרויסגאַנג געשריען— „אַ משוגע'נער! אויך מיר אַ משוגע'נער! ער רעדט דאָך, ווי אַלע מענטשן!“

דאָס איז די געשיכטע פון דעם באַלטימאָרער שפּיי, נאָך דעם נואָרקער קוש, ניט פאַר קיין אידן געדאַכט!



# בּ ייל אַ ג ן

## מיין אַרבעטער־מוזע

(בלעטלאך פון איר לעבנס־געשיכטע)

### 1

### פּאָעזיע אין א לשון אָן ווערטער

צווישן 1877 און 1879 האָב איך אין ראדקינסזאָנ'ס „קול לעם" געשריבן א פּאָר פּעליעטאָנען, אין וועלכע עס זיינען פאָר־געקומען אייניקע פערזן. די ערשטע פון זיי, אין דעם פעליעטאָן „דער גרענדע־פירער".**)

זיי האָבן זיך מיט קיין זאַך ניט אויסגעצייכנט, חוץ מיט זייער מער אָדער ווייניקער רעגלמעסיקן ריטם. ביז דאַן פלעגן אידישע דיכטער שרייבן מיט דער זעלביקער פּאראכטונג פאר פערז־מאָס און רעגלען פון דיכטונג, ווי די, וואָס אידישע חזנים פלעגן האָבן פאר נאָטן און גערעגלטער מוזיק. מען האָט, ווי דער „משוגענער פילאָזאָף" האָט שפּעטער באמערקט, די פערזן אריינ־געלייגט אין א סדום־בעט. זיינען זיי געווען צו קורץ, האָט מען זיי אויסגעצויגן; זיינען זיי, פארקערט, געווען צו לאַנג, האָט מען זיי אזוי געזונגען, אז קאָפּ און פיס זיינען אָפּגעשטאַנען, דאָס הייסט, אראָפּגעשלונגען געוואָרן.

ניט נאָר צונזער און גאָלדפאַדן, נאָר אויך מיכל גאָרדאָן און —וואו ער האָט זיך צו אונז „אראָפּגעלאָזן"—אפילו דער גרויסער יהודה לייב אליין האָבן פון קיין ריטם אין אידיש ניט געוואָלט וויסן. משה לייב ליליענבלום, וועלכער האָט זיך געפונען אזוי ווי

---

*) „פראַגן פון לעבן", זאַמלבוך, נומערן 2—3, סט. פּעטער־בורג, 1912.

**) אריין אין די „היסטאָרישע שריפטן" אאין באַנד 1. זע אויך באַנד 2, זייט 5.

פערזענלאך באַליידיגט פון מיין גראַמען אין העברעאיש „מהרה" מיט „שכורה", האָט אויף אידיש אין זיין „זרובבל" געשריבן פערזן, וואו אויסער דעם גראַם איז אין אים קיין זאַך ניט נויטיק געוועזן.



וואָס דער „אַלטער פריץ" אויף דעם פרייסישן טראָן האָט געטראַכט וועגן זיין דייטשישער מוטערשפּראַך, בעת ער האָט פאַרפאַסט זיינע שלעכטע פערזן אויף פראַנצויזיש, ווייס איך ניט.

עס לאָזט זיך אָבער לייכט דענקען, מיט וואָס פאַר אַ פאַראַכטונג דער אידישער דיכטער פלעגט צוגיין צום „זשאַרגאָן“, אפילו טאָקע ער אַליין, דער קעניג אין דעם העברעאישן מוזנרייך, למשל, אַזאַ הערשער אויף דעם פּאַרנאַס אונזערן, ווי יהודה לייב גאָרדאָן אין זיין צייט.

וואָס איז שייך צו מיר פּערזענלאַך, מוז איך, אויסער וואָס איז שוין געזאָגט געוואָרן אויבן אין די קאַפּיטלען דער „פּוילישער אידל“, נאָך אָט־וואָס באַמערקן:

מיט דעם גרעסטן רעספּעקט צו מיין מוזע און מיין פּובליקום, —ווער עס האָט קיין אכטונג ניט פאַר זיך אַליין, קען זי ניט האָבן פאַר אנדערע, — האָב איך, אין דער ערשטער העלפט פון די אַכ־ציקער יאָרן, בעת איך האָב אָנגעהויבן שרייבן אידיש כסדר, פּשוט ניט געגלויבט, אַז אימיצער קען אויף אונזער לשון עטוואָס אויס־דריקן, וואָס שטייט העכער ווי דאָס טעגלאַכע וואָכעדיקע לעבן אין זיין אינהאַלט און באַדייטונג.

דעם היינטיקן לעזער קען עס פאָרקומען קאָמיש, אָבער אין דעם, וואָס מיר רופן היינט אידיש, גייען איצט*) אריין אַ סך ווערטער, פאַר יעדן איינציקן פאַרשטענדלאַכע, וואָס אַ לעזער פון אַ דור צוריק וואָלט צו זיי באַדאַרפט אַ פרעמד־ווערטערבוך.

פּרובירט אַ היינטיקן ישוב'ניק, וואָס האָט קיינמאָל ניט גע־רעדט קיין אַנדער לשון ווי אידיש, אָדער אפילו אייער שטאָטישער באָבען, וואָס לייענט ניט קיין צייטונגען, פאָרלעזן די נאָר־וואָס אויפגעשריבענע דרייסיק שורות, און זי אָדער ער וועט ניט פאַר־שטיין די פאָלגנדע איינפאַכע ווערטער:

„טראָן“, „פּאַרפאַסט“, „פּערזאָן“, „זשאַרגאָן“, „פּאַרנאַס“, „פּערזענלאַך“, „רעספּעקט“, „פּובליקום“, „אַכציקער יאָרן“, „אויסדריקן“, „אינהאַלט“, „קאָמיש“, „פרעמד־ווערטערבוך“, „די פאָלגנדע, „איינפאַכע“.

און דאָס איז אין פּראָזע. איצט פּרובירט איר, אָדער אים,

---

*) אין יאָר 1912.

פאַרלעזן אַ געדיכט פון, כאַפּט אייך אָן, יהואש אָדער לעסין, שוין נאָר ניט צו ריידן פון אונזערע דעקאַדענטן, וואָס שרייבן לכתחילה, אַז מען זאָל זיי ניט פאַרשטיין, און איר וועט זען בחוש, ווי דער אידישער לעזער פון 25—30 יאָר צוריק האָט אויסגעזען.

דער אמת איז, אַז ערשט דורך אונזער אַלעמענס טעטיקייט פון אַלע די יאָרן האָט זיך ביי אונז אויסגעהאָדעוועט און אַנט־וויקלט אַ ליטעראַרישע שפּראַך, וואָס אויף איר וואָלט אין דער צייט, פון וועלכער איך רייד, נאָר דער געקענט שרייבן פּאָעזיע אין אידיש, ווער עס קען באַקן ברויט פון ניט געמאָלענע און ניט געביילטע קאָרן־ און ווייץ־קערנער.

וויפיל מענטשן האָב איך חוץ דעם אַליין געמאַכט לאַכנדיק אין מיינע יונגע יאָרן, ווען איך פלעג איבערקרימען אַן אָרים־בחור'שע ליבע־דערקלערונג מיט דער כלה ביי דער „גילדערנער יויך"; און געלאַכט האָט מען ניט אַזוי פיל דערפון, וואָס ערשט נאָך דער חופּה ווערן חתן־כלה באַקאַנט, און צום ערשטן מאָל דריקט דער „ער" אויס זיין ליבע צו דער „זי",—אפילו ניט, דער עיקר, דערפון, דאָס מורא האָבנדיק, טאָמער זעט ווער, האָט ער בהפזון, מיט אַ האַסטיקער באַוועגונג צו איר עפּעס אַזוי ווי אַרויס־וואַרפנדיק די ווערטער פון מויל, אַ זאָג געטאָן:

— „כייקע, כ'אַדיכאָלט!" —

וואָס אויף דעם איז געקומען אַ נאָך האַסטיקערער, אַרויס־געשאָסענער ענטפער:

— „כאַדירוויכאָלט"! —

ניין! געקיצלט מען פאַר אַלץ האָט מיין עולם דער פאַקט גופא, אַז מענטשן זאָלן זיך דערקלערן אין ליבע מיט „אַזעלכע גראָבע" ווערטער, ווי „איך האָב דיר האָלט" און „איך האָב דיר אויך האָלט".

און נאָך וואָס.

מיר אין אונזער צייט האָבן, אַליין דאָס ניט ווימנדיק, שוין ביי זיך געהאַט אַן אָנהויב פון אַ ליטעראַרישן אידיש אין עברוי־טייטש פון אונזערע סידורים, מחזורים און אַנדערע ספרים; אין

דעם „צאנה וראנה׳ס“ „ווייבערשע טייטש“ און אנדערש־וואו. אָבער צו שעפּן פון די דאָזיקע קוואַלן וואָלט אונז פאַרגעקומען גיין צו א קאַלוזשע נאָך וואסער פאר א קאָניאַק. אפילו וואָס מיר האָבן אין מיין צייט שוין געהאט אין אייזיק מייער דיק׳ס ביכלאַך, למשל, און אין צונזער׳ס לידער, וואָלט קיין יונגער מענטש, ספּעציעל ווען ער איז שוין מיט פּושקין און היינע פון איין שטעטל, ניט געוואָלט אָנקוקן.

און וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן? אפילו היינט, נאָך דעם גרויסן מורא׳דיקן פּראָגרעס, פרעגט א אידישן שרייבער, צי האָט ער וואָס געלעזן פון פּאָטאַפּענקאָ אָדער נאַרין, און ער וועט רויט ווערן, טאָמער מוז ער ענטפערן: ניין (דאָס הייסט, וואו ער וועט ניט זאָגן א ליגן און ענטפערן: יאָ). דער זעלביקער שרייבער אָבער, אפילו ווען ער איז א „אידישיסט“, וועט כמעט שטאָלצירן מיט דעם, וואָס ער האָט ניט געלעזן די באַגאַבטעסטע אידישע דיכטער און נאָוועליסטן. אומדירעקט הייסט דאָס, פאַרשטייט זיך, אַז דאַנטע, שעקספּיר, סערוואַנטעס און ראַסין זיינען בילכער.

שרייבן דאַרף מען אידיש, אָבער ניט לייענען! לייענען זאָל „מוישע“. צו וואָס דען דאַרף מען אים?

דאָס אַלץ האָט אָבער שווער געמאַכט די אנטוויקלונג פון אונזער לשון און אויב היינט איז ער בעטל־אָרים, על אחת כמה וכבה מיט דרייסיק יאָר צוריק.

לאָז ווער נאָך פּרובירן פון רוסיש, דייטש אָדער ענגליש איבערזעצן און ערלאַך איבערזעצן א דעטאַלירטע באשרייבונג פון דער נאַטור אויף אידיש — סיי פון פּראָזע, סיי פון פּאָעזיע — און ער וועט קענען אורטיילן וועגן אידישער שרייבעריי פון יענע יאָרן.

איך האָף, יעדער וועט פאַרשטיין, אַז דאָס אַלץ זאָג איך ניט דערפאַר, ווייל איך דאַרף עפּעס אנטשולדיקן. אויב מען געפינט, למשל, ביי מיר מער „אגיטאַציע“ ווי פּאָעזיע, און דאָס איז, וואָס יעדער, וועלכער זינגט מיר א „למנצח על נגינות“, האַלט פאַר נויטיק למען־השם ניט צו פאַרגעסן, בין איך דערמיט צופרידן,

ווייל ביז מיט דריי יאָר צוריק*) האָב איך קיין זאַך ניט געלאָזט דרוקן, וואָס האָט ניט געהאַט דעם צוועק צו וועקן דעם אידישן אַרבעטער: אים צו וועקן, צו וועקן זיין מוח, זיין האַרץ און זיין קלאַסנבאַוואוסטזיין; אים צו צווינגען אויפצושטיין און זיך אויס־צורייבן די אויגן און צו פרעגן זיך אַליין: וואו בין איך? וואָס איז דאָס פאַר אַ וועלט אַרום מיר? ווי אַזוי האָט מען מיך דאָ גע־פענטעוועט מיט רעליגיעזער שפּינוועבס, מיט פּאָליטישע אָקראַי־קעס, מיט אַ נעכטיקן טאָג, מיט אַ קומענדיקער נאַכט?

וועקן האָט מען געדאַרפט! איר רופט דאָס אַגיטאַציע, זייער גוט. און מיר איז קיין נפקא־מינה ניט, ווי אַזוי איך וועק. אַ שטאָך אין דער זייט איז דערצו אַזוי גוט ווי אַ לייכט אַריין מיט אַ גרויסן פאַקל אין די פאַרמאַכטע אויגן. קען אַ לאַך אויפוועקן — לאַך איך, קען אַ קלאַג דאָס טאָן — יאָמער איך, קען אַ שמייכעל צוציען אַ סימפּאַטישן בליק — שמייכעל איך, אַ־ניט, פּרוביר איך אַ זיפץ, — וויכטיק איז אויפצוּוועקן די סימפּאַטיע אין דעם בליק, וואָס ווייל ענדלאַך זען.

דיאָגענעס, דער גריכישער פילאָזאָף, האָט געוואָלט דרשנ'ען, האָט אים קיינער ניט געוואָלט הערן. האָט ער גענומען זינגען. איז גלייך אַרום אים געוואָרן אַ געזאַמל. דאַן האָט ער גע'דרשנ'ט. ביי מיר איז דער דרוש מיטן געזאַנג פאַרשמאָלצן, נאָר די ווער־טער, אַזוי גוט ווי דער טראָפּ, זיינען ערלאַך, דאָס הייסט, זיי קו־מען אַרויס אַזוי, ווי איך פיל אין דעם געגעבענעם אויגנבליק, ניט אַנדערש, ניט אַפעקטירט. צי איך שטורך אין זייט, אָדער איך לייכט אַריין אַ גרויסן פלאַם אין פאַרמאַכטע אויגן, איז דאָס פאַרן אויגנבליק מיין איינציקער וועג, ווי אַזוי אויסצודריקן מיין געפיל, וואָס מוז אַרויס.

געוויס, איך בין ניט אַ וועקער אַליין. איך בין אויך אַ מענטש און לעב, און ליב, און לייד, און ווירק. לעב, בקיצור אַ פּער־זענלאַכן לעבן. אויך זע איך און מיין האַרץ רופט זיך אָפּ אויף

*) 1909.

די ליידן און פריידן ארום מיר און אין אל־די יאָרן זינג איך, זיפּץ איך, לאַך איך, חלום איך פאַר זיך אַליין, אין מיין רשות־היחיד. דאָס געפינט אַלץ ביי מיר אַן אויסדרוק. מיין אָרימע מוזע ברענגט דאָס אַלץ ווי עס איז אַרוים. אין מיין זאַמלונג איז אַ סך דערפון אריין. און ביסלאַכוויז פאַרעפנטלאַך איך אַלטע און נייע אַזעלכע זאַכן.

אָבער בעת די וועק־געדיכטן האָב איך געשריבן פאַר אַנדערע, און מיר איז וויכטיק געווען, אַז די דאָזיקע אַנדערע זאָלן זיי פאַרשטיין, שרייב איך די רשות־היחיד־לידער פאַר זיך, און אַלץ וואָס מיר איז נויטיק, איז אַז איך זאָל אין זיי געפינען אַ נחת־רוח, — איך אַליין. דאָ קען איך ריידן אין מ י י ן שפּראַך.

דאָס, וואָס איז פריער געזאָגט געוואָרן, איז אַלזאָ ניט קיין אַפּאָלאָגיע.

מיין צוועק איז נאָר געווען צו געבן אַ מעגלאַכקייט דעם היינטיקן דור צו פאַרשטיין דעם דור, וואָס פאַרגייט. דער „איצט" שטייט צו ווייט פון דעם „אַמאָל", כדי צו קענען אים הערן. גליקלאַכערווייזע, געפינען זיך נאָך ערגעץ־וואו פאָנאָגראַפישע רעקאָרדן. און די פאַרגאַנגענהייט ווערט דורך זיי פאַרשטענדלאַך פאַר דער געגנוואַרט. געווים, געווים, דאָס איז ניט דאָס לעבעדיקע וואָרט, און דער רעקאָרד איז אַן אַלטער, און די מאַשין ברייפּעט אונטער, און דער מעטאַל הערט זיך אין די טענער. געווים! אָבער דאַנקט גאָט דערפאַר, באַלד וועלן שוין אפילו די דאָזיקע רעקאָרדן אויך ניט זיין.



## 2

## שירים מיט א געשיכטע

אין דעם פאַל פון געדיכטן, וואָס זיינען געשריבן געוואָרן לשמה ולשמה פאַר דער יונגער באַוועגונג פון אידישע ארבעטער, נאָר־וואָס אריינגעטראָטן אין די רייען פון מאָדערנע פּראָלעטאַריער, מוז די געשיכטע, איך וואָלט געזאָגט די ביאָגראַפיע, פון די וויכטיקסטע צווישן די דאָזיקע געדיכטן זיין א טייל פון דער באַוועגונג גופא.

און אייגנטלאַך איז דאָס לכתחילה געווען דער הויפּט־צוועק פון דער דאָזיקער אָפּהאַנדלונג.

אָבער דאָס צו טאָן וואָלט מען געדאַרפט שרייבן אזוי פיל, אָן אפילו דעם אידישן דרך־אפּימ'דיקן לעזער וואָלט אויך גיך געפּלאַצט די געדולד.

איך וועל מיר דערפאַר נאָר דערלויבן ארויסצוכאַפּן עטלאכע פון זיי און אין קורצע ווערטער שילדערן זייער געבורט—צייט, אָרט און אומשטענדן—און, וואו דאָס וועט אבסאָלוט נויטיק זיין, דעם גאַנצן אַנטוויקלונג־גאַנג פון אזא געבורט, פון דער „קאָנצעפּציע", דורכן טראָגן ביזן האָבן—אין א מזל'דיקער שעה.

לאָמיך פּרובירן.

אָט־איז, למשל, דער „חודש אָן ארבעט", וואָס הויבט זיך אָן מיט די ווערטער:

„איך בעט קיין נעדאָוועס

„פון וועגן זכות־אוועס,

„פאַרהאָרעווען וויל איך מיין ברויט".

און קלאָר שטייט מיר פאַר די אויגן אָט־אזא מין בילד, למשל:

עס איז איינס א־זייגער ביינאכט. אָן אויפגערעגטער קום איך פון א מיטינג. מען האָט גערעדט פון דלות, מחמת אין און ארום ווייטשעפל איז איצט „סלעק" אין דעם שניידער־פאַך, און סלעק הייסט אויף אידיש ניט, ווי דער ווערטערבוך וויל האָבן, ארבעטסלאָזיקייט, נאָר פּשוט הונגער. איך ווייס, וואָס דאָס הייסט: מיין באקאנטשאפט דערמיט איז מער ווי א טעאָרעטישע.

דאָ אין הויז, וואו איך בין איצט, נאָך דעם מיטינג, דרייען זיך ארום שנאָרער, רייכע־לייטס טעלער־לעקער, וואָס האלטן, אָדער שטעלן זיך אָן, אז זיי האלטן דעם דלות פאר אזא נאטירלאַ־כער דערשיינונג, ווי עס איז דער טויט אליין. זייער מיטל געגן „סלעק" איז גיין צו דער „באָארד אָוו גארדיענס" (א צדקה־אינ־סטיטוציע פאר אידן), און וואָס איז שייך צו זיי אליין, זיינען דאָ רייכע אידן, וועלכע האָבן אלע יאָר צייט, ווען זיי דאַוונען מיט א מנין, און פון צייט צו צייט חתונות, ברית'ן) בר־מצוה־יום־טובים און אנדערע אזעלכע אויפרעגונגען, ווען א מענטשנ'ס הארץ צעלאָזט זיך, און זיין בייטעלע (פּאָרט־מאָנעי) עפנט זיך, און אָן אויסגעשטרעקטע האנט ווערט ניט צוריקגעשיקט ליידיק.

און מיינע אידישע ארבעטער... וואָס זיינען זיי נאָך אלע מעשות? נעבטיקע אָרים־בחורים און אפשר מאָרגנדיקע בעטלער. זיי ארבעטן בעל־כרחם, ווי קאטאָרזשניקעס, ווייל אין דערהיים זיינען זיי קיין בעל־מלאכות ניט געווען, און ניט צום פארשווארצט ווערן ביי א לאָנדאָנער סוועטער זיינען זיי אוועק פון די על־טערנ'ס פיר ווינקעלאך. מען דארף זיי ערשט אריינגעבן דעם געפיל פון אכטונג פאר ארבעט, דעם געפיל פון פאראכטונג פאר די בייכער, וואָס פילן זיך אָן פון די „הענטס" חורבן. מען דארף זיי ציינגן די גאנצע נידעריקייט פון שנאָרן, פון גיין בעטלען ביי קצינים.

און געגן אלע אומבאקוועמלאכקייטן, אויף א טיש, וואָס שאָקלט זיך, ביי א לאָמפּ, וואָס ברענט אָן חשק, נאָך א טאָג פון שווערער ארבעט, מיט א הוסט, וואָס לאָזט זיך אלע ווײלע

הערן, גייט פון פעדער אַרויס איין שטאָלצער פערז נאָך דעם אַנדערן, איין סטראָפע נאָך דער אַנדערער, ביז עס קומט צו

„איך בעט ניט באַ קיינעם
„אַ טיטל א שיינעם,
„איך וויל קיין „מורינו“ ניט זיין;
„איך וויל אַ באַוואוסטער,
„אַלס ערלאכער שוסטער,
„אַלס ערלאכער שניידער נאָר זיין.

און עס גייט, און גייט, און גייט, ביז עס קומט אַזא מין אויסרוף:

„די נאָדל, דער הובל,
„זיי שאַפן דעם רובל,
„זיי שאַפן דעם שילינג, דעם פראַנק;
„דער שניידער, דער סטאָליער,
„אויך ווען ניט קיין פוילער
„פאַרהונגערט, ווען ער ווערט נאָר קראַנק“.

און אין צייט פון צוויי וואָכן איז דערצו שוין דאָ אַ (גע-באַרגטע) מעלאָדיע, און דאָס ליד איז אין יעדן אַרבעטער־הויז.

צוגעטראָפן! אָ, ווען איר וואָלט געהערט יענע נאַכט, ווי מיין הארץ האָט געקלאַפּט!

---

היפּט איבער צוזאמען מיט מיר אַ גאַנץ יאָר, לאָזט אָן אַ זייט אַ סך לידער, וואָס האָבן זיך אפשר אויך זייער יחוס־בריוו, זייער אַנטשטייאונגס־געשיכטע.

עס האַלט ביים דערשיינען דער „אַרבעטער־פריינט“. פון מיר דערוואַרט מען אַ וואָרט, אַ גוט וואָרט... עס איז, פאַרשטייט איר, קיין אַנדערער ניטאָ.

און איך אַרבעט אין אַ באַנק־געשעפט, ביי מיליאָנערן אידן, וואָס האַלטן דעם אידישן סאָציאַליזם פאַר אַ מגפה. אויב אידן אין מיטלאַלטער זיינען באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרגיפטן קוואַלן, זיינען די דאָזיקע מיליאָנערן זיכער, אַז דער סאָציאַליזם פאַר'סמ'ט ניט נאָר דעם „באר מים חיים“, וואָס „רינט פונם לבנון“, נאָר

דאָס אידישע לעבן, די אידישע זיכערקייט, דעם חן, וואָס דער איד האָט ביים „ענגלישן פאָלק".

איך, אביסעלע מורא האָבנדיק — צו קיין גנאי זאָל דאָס מיר ניט זיין — פאַר מיין זיכערקייט, פאַר מיין פעטער שטעלע, פאַר מיין צוקונפט, איבערהויפּט אַזוי ווי איך בין דערווייל אַ חתן געוואָרן און עס האָט זיך געיאָוועט אַ נייער סאָרט אחריות, בקיצור, אונטער אַ צוזוג פון אַלערליי געפילן, גוטע און דער היפך פון גוטע, פאַרטראַכט איך זיך וועגן דעם נייעם אָרגאַן, וואָס דאַרף דערשיינען, וועגן דעם אידישן אַרבעטער, וועגן זיין לאַגע און זיין צוקונפט.

אָבער מען דאַרף מאַכן, אַז קיינער זאָל ניט וויסן וואו און ווער עס שרייבט.

קומט אַט־וואָס אַרויס:

אויפגעשריבן ווערט דער איצט באַקאַנטער „צורוף צום אַר־בעטער־פריינט", מיט דעם נאָך האַלב-דייטשישן פערז:

„איך הער דיינע שטימע, די שטימע דער וואַרהייט",

אַלס אַן אָנהויב, און כדי צו באַהאַלטן דעם פאַרפאַסער פאַר אַלעמען, חוץ אַ גאַנץ ענגען קרייז אין לאָנדאָן, ווערט דאָס גע־דיכט גע'חתמ'עט מיט די איניציאַלן „מ. וו.", וועלכע זיינען דאָ אינגאַנצן אומבאַקאַנט, ווייל אפילו די חברים קענען מיך נאָר אַלס „בן—נץ", און דאָס פּלאַץ, פון וואַנען דאָס קומט, איז כלומרשט פּאַריז.

און דאָס ווערט אויך אויפגעכאַפּט. אין צייט פון אַ וואָך אָדער צוויי ווערט דאָס אויך געזונגען. משמעות, האָט זיך מיר ווידער איינגעגעבן אויסצודריקן, וואָס דער אַרבעטער־עולם האָט געהאַט אויפן האַרצן.

---

מישט מיט מיר איבער נאָך בלעטער, נאָך אַ סך בלעטער, און שטעלט זיך אָפּ ביים יאָר 1889.

די שטימונג איז אַ געהויבענע. דער הונדערטסטער גע־

בורטסטאָג פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע ווערט אין אונזערע הערצער געפייערט פון אָנהויב יאָר אָן.

עס קומט דער פּאַריזער אינטערנאַציאָנאַלער קאָנגרעס. פון אונז פאָרט קראַנץ, פּיליפּ קראַנץ, קיין פּאַריז. ער נעמט מיט אונזערע אַלעמענס נשמות, איבערהויפּט מיינע. איך האָב סתם ליב פּאַריז... כ'האָב דאָרט אַ האַלב יאָר געלעבט... געלעבט און געפּאַסט הפסקות, אָבער געלעבט... און איצט איבערזעץ איך וואָך־איין, וואָך־אויס פאַרן „אַרבעטער־פריינט" וויקטאָר הוגאָ'ס „אומגליקלאַכע" און לעב אין פּאַריז, וואוין נאָר אין לאָנדאָן.

און אין לאָנדאָן ברענט זיך אין מיטן דערינען פּאַנאַנדער דער גרויסער דאָק־אַרבעטער־סטרייק, און מיר מיינען, אַז אָט־אָט ברעכט אויס די סאָציאַלע רעוואָלוציע, אַ קשיא אויף אַ מעשה! ביי אונזער צעהיצטער פאַנטאַזיע איז אַלץ מעגלאַך.

מיר געפינען באַלד אַרויס, אַז מען דאַרף פאַר דער אַלטער געזעלשאַפט דערוויי׳ל נאָך חברה־קדישא ניט רופן. פונדעסטוועגן ווילט זיך וואָס שרייבן.

און איך פּרוביר.

איין סטראָפע קומט אַרויס. נאָר ניט שלעפּט, כ'לעבן! גע־כאַפּט דעם ריכטיקן טאָן:

„אין די גאַסן — צו די מאַסן
„פון געדריקטע פעלקער־ראַסן
„רופט דער פרייהייטס גייסט".

אָבער ווייטער גייט עס ניט. ניט פון אָרט!

וואָכן פאַרגייען. איך האַלט דאָס שטיקל פּאַפּיר אין וועסטל־קעשענע. נעם עס אַלע טאָג אַרויס, שרייב און מעק, מעק און שרייב און גאָרניט, עס ווערט גאָרניט, כאָטש צערייס זיך!

אין כעס, דער עיקר, ווייל דער גרויסער סטרייק דאָ האָט זיך געענדיקט זייער וואָכעדיק און ווייל דער ערשטער אינטערנאַ־ציאָנאַלער קאָנגרעס, מיט דער שפּאַלטונג ביי אים, האָט אויך ניט באַרעכטיקט די גרויסע דערוואַרטונגען אונזערע, שרייב איך אויף די „משוגעת": „אַ, ווי ווערט מען אַ דיכטער!"

דאָס האָט אַ שייכות מיט דעם אָנגעהויבענעם שיר, וועלכן איך קען ניט ענדיקן.

וואָס טוט מען? האָב צוגעשריבן צוויי סטראָפן, אָבער זיי טויגן ניט. דאָס פּאַפּירעלע בלייבט ווידער אין קעשענע.

חדשים פאַרגייען. דער הארבסט איז שוין לאַנג אַוועק און דער ווינטער פון 1890 האָט פּלאַץ געמאַכט פאַר פרילינג. און אין יוני מאָנאַט געפין איך זיך מיט מיין ווייב אוןביידע קינדער — ביידע עופ׳עלאך — אין באַרנמוט, ביים ברעג ים.

דערווייל איז צו מיר צוגעשטאַנען אַ שרעקלאַכער ציין־ווייטיק, וואָס האַלט שוין אַן זיבן חדשים. צוויי ציינער ארויס, און לייכטער ווערט ניט. איך לייד נאָך יעדן מאָלצייט צום משוגע ווערן.

איין טאָג פאַרגייט פּלוצלונג דער שמערץ. איך עס אָפּ און — ווער וואָלט דאָס געגלויבט? — עס טוט ניט וויי, איך טאַנץ ניט.

איך זעץ זיך שרייבן אַ „משוגעת“. שרייבנדיק, ברענג איך ארויס, אַז דער פרייהייטס־גייסט שלעפּערט מיך איין מיט אַ ליד. וואָס פאַר אַ ליד? דאַרף מען מאַכן. און איך בין נאָענט פון ים, און די ציינער טוען מער ניט וויי, און... נו, מען דאַרף פּרו־בירן.

וואַרט! אפשר וועט איצטער די אַלטע אידייע ארויסקומען. גיי צו דער קעשענע, נעם אַ בליישטיפט מיט פּאַפּיר און אין ווי־ניקער מינוטן איידער עס זיינען ביז איצט פאַרגאַנגען וואָכן, האַלט איך ביי דער לעצטער סטראָפע:

„איך קום מעלדן — יענע העלדן,
„וועלכע שמאַכטן אין די קעלטן
„פון סיביר אַצינד,
„אַז צעטראָגן — וועט אסטראָגן
„באַלד מיין שטורעם, באַלד וועט שלאָגן
„די באַפרייאונגס־שטונד“.

און איך בין גליקלאַך.

נאָך איין פּאַל און לאָז זיין געגוג.

אין 1892 הויבט אָן אין לאָנדאָן ארויסצוגיין א נייע וואָכנט־לאָכע צייטונג „דער וועקער“.

מער אָדער ווייניקער בין איך פאַר דער נייער אונטערנעמונג באַגייסטערט, און אין מוח ביי מיר דרייט זיך ארום א קאַמפּס־ליד, דער עיקר, ווייל דאָ קומט אָן א ניי יאָר, און ווער ווייסט? אפשר ברענגט עס מיט זיך עטוואָס מיט. צייט איז שוין. א מיליאָן מענטשן לעבן אין ענגלאַנד אַליין, ניט לעבנדיק, פון צדקה און „באַגאַדעלניעס“, וואָס מען רופט „וואָרק־הייזער“, וואו זיי ברעכן שטיינער, כדי ניט צו עסן ניט ארבעטנדיק און צו אר־בעטן ניט פּראָדוצירנדיק, ווייל מען דאַרף נאָר זייער האַרעוואַניע און ווייטער גאָרניט... יאָ, גרויס איז דער דלות אין דער רייכ־סטער מדינה פון דער וועלט... און גרויס זיינען אויך אונזערע האָפענונגען... דער ארבעטער וועט פריער אָדער שפּעטער מוזן קומען צום שכל... זאָל אָקאָרשט מיין ישראל'יק ניט פאַרשפּע־טיקן דעם גרויסן פאַרווערטס־מאַרש און בלייבן דרויסן אָדער פון הינטן, ער, וואָס דאַרף זיין דער אַוואַנגאַרד, וואָס גייט פאַר אַלע מחנות...

און עס זינגט זיך ארויס — פון א פולן האַרצן מיט דעם דופק, וואָס קלאַפּט אין טאַקט, באַגלייטענדיק די טענער, ווי זיי גיס זיך ארויס איינער נאָך דעם אנדערן, און גיסן זיך צונויף, און א סטראָפע נאָך א סטראָפע קומט עס ארויס אויפן פּאַפּיר. איז דאָס פּאָעזיע? וועמען ארט דאָס? אויב גאָט באַנוגנט זיך מיטן באַשאַפן איבערלאָזנדיק פאַר אדמ'ען דעם „ווי רופט מען דאָס“, פאַרוואָס זאָל א שוואַכער מענטש, א קליינער מענטש, זיך דרייען א קאָפּ, צי איר רופט דאָס, וואָס ער באַשאַפט, אזוי אָדער אַנ־דערש?

בקיצור עס זינגט זיך ארויס:

„וויקלט פאַנאַנדער די פאָנע די רויטע,
„שפּילט אויף א מאַרש און דערלאַנגט זיך א ריר!
„וועקט אויף די אָרימע לעבעדיק־טויטע,

„זאָגט צו זיי: ברידער, זעט, דאָ שטייען מ י ר,
„דאָרטן — דער בלוטיקער פיינט;
„דאָס איז די פרייהייט, דאָס ליכט, די גערעכטיקייט,
„דאָרטן — דער יאָך און די נאַכט און די שלעכטיקייט,
„ברידער, מאַרשירט מיט אונז היינט!“
און אזוי ווייטער דורך די פינף סטראָפן.

צוויי יאָר שפּעטער קום איך אָן אין אַמעריקע, און צום קבלת־פּנים מאַכט מען מיר דעם פאַרגעניגן דאָס ליד צו לאָזן פאָרטראָגן דורך אַ גוט־אָרגאַניזירטן כאָר.

די מוזיק איז פאַר מיר אַן איבעררראַשונג, נאַטירלאַך, אַן אַנגענעמע.

נאָך זיבן יאָר שפּעטער, אין יאָר 1901, האָב איך נאָך אַן אַנגענעמערן סיורפּריז.

איך האָב זיך נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיטן „בונד“. מיט אַנדערע ווערטער הייסט דאָס, אַז דער אידישער פּולס אין מיר האָט ווידער אָנגעפאַנגען צו לאָזן זיך הערן.

און דאָ, כמעט צופעליק, קומט מיר אריין אין האַנט דער 9טער נומער „אידישער ארבעטער“ מיט אַ בילד, וואָס אילוסט־רירט די ווערטער:

„איינציקווייז נעמט זיך צונויף, די צעשפּרייטע,
„זאָגט זיי: אונז רופט היינט די הייליקע זאַך“.

און דער רעזולטאַט איז אַן ענטוזיאַסטישער אַרטיקל אינם „פאָרווערטס“ וועגן דעם דאָזיקן נומער „אידישער אַרבעטער“, וועלכן איך האָב געלייענט מיט גרויס פאַרגעניגן.

הייסט עס, מיין שוואַכע שטימע האָט ווירקלאַך דערגרייכט קיין רוסלאַנד! איך האָב דערפון ניט געהאַט קיין שום באַגריף. דער אמת איז, אַז דאָס יאָר, ווען דער „בונד“ איז געגרינדעט געוואָרן (1897), האָט אָנגעפאַנגען דאָ אין אַמעריקע צו דערשיי־נען דער היגער „פאָרווערטס“. ער איז דעמאָלט געווען אַן אָפּאָ־זיציאָנס־אָרגאַן געגן דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־פּאַרטיי פון

יענער צייט. דער דאָפּלטער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ פון דער נייער טעגלאַכער צייטונג און געגן די פירער (אידן און גוים) פון דער אַלטער ס. א.־פּ. האָט פאַרשלונגען מיין גאַנצע ענערגיע און דעם גרעסטן טייל פון מיין פרייער צייט (מיין היונה האָב איך דאַן, ווי תמיד, געצויגן פון די חשבונות און די ציפערן מיינע).

און דער „בונד" איז פאַר מיר געבליבן אומאַנטפּלעקט ביז דעם יאָר 1901. עפּעס פלעג איך הערן וועגן אַ נייער ארבעטער־אָרגאַניזאַציע אין דער ליטע, אין פּוילן; אָבער גענוי וואָס אַזוינס דאָס איז, האָב איך ניט געוואוסט. אפילו מיין פריינט ליעסינ'ס באַגייסטערטע רייד וועגן דעם „בונד", הגם זיי האָבן מיך צו־ערשט אויף אים אויפמערקזאַם געמאַכט, זיינען ביז יענעם יאָר געבליבן אָן דער ווירקונג, וואָס זיי וואָלטן געדאַרפט אויף מיר מאַכן.

און, ווי געזאָגט, דאָ האָב איך, אריינגעמענדיק אין האַנט דאָס 9טע ביכל „אידישער ארבעטער", ארויסגעפונען, אַז דער „בונד" ווייסט כמעט מער פון מיר, ווי איך פון אים.

פון יענעם טאָג אָן בין איך געוואָרן וואָס מען רופט דעם „בונד'ס" אַ בונדעס-גענאָסע.

ניו יאָרק, 12טן יאַנואַר, 1912.



# יאָהאַן מאָסט אין לאָנדאָן *)

מאָסט'ס סאָציאַליסטיש וואָכנבלאַט „פרייהייט".— ביסמאַרק מוז פאַרבאָטן דעם „ביסמאַרק".— יאָהאַן מאָסט דער סאָציאַל־דעמאָקראַט האַלט וויניק פון אַנאַרכיזם.— דער ליבלינג פון דער יוגנט. — אהרן בערנשטיין און זיין פלימעניק „עדי".

ווען איך בין, אין די לעצטע טעג פון דעם יאָר 1878, אויף אַ קורצער צייט אַרויסגעקומען „אויף בייל", האָב איך געפונען, אַז קיינער אין דער „פרייהייט" האָט ניט מער געוואוסט, ווי איך אין טורמע, מכוח דער טעטיקייט פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי. סאָציאַליסטישע פאַרזאַמלונגען, צייטונגען זיינען שוין מער ניט געווען. אומעטום האָט געהערשט די בית־הקברות שטילקייט. די בורזשואַזע צייטונגען האָבן כסדר געמאָלדן אַלץ נייע, אַלץ פרישע פאַרבאָטן.

ווען עס קומט ענדלאַך די צייט אַרויסצופאָרן, קריג איך צו וויסן, אַז יאָהאַן מאָסט גיט אין ענגלאַנד אַרויס אַ וואָכנבלאַט און קאַרל הירש אַן אַנדערע אין בעלגיען.

און איצט בין איך מיט מיינע דריי חברים ביים פאָטאָגראַף, מען נעמט אונזערע בילדער פאַר דער „ראוג'ס געלערי". דאָן גיט מען אונז אַ פּאַפּיר אונטערצושרייבן, פאַרשפּרעכנדיק קיינמאָל ניט צוריקצוקומען קיין פּרייסן.

און דאַן אַדיע, דייטשלאַנד!

---

ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין לאָנדאָן, האָבן מיר פריער פאַר אַלץ באַזוכט די רעדאַקציע פון מאָסט'ס „פרייהייט". דערשי־

*) „די נייע וועלט", 6טן מאַי, 10טן און 17טן יוני, 1921.

נען איז יענע וואָך דער דרייצנטער נומער. פאַרן 14טן האָב איך דעם רעדאַקטאָר געגעבן אַ קורצן אַרטיקל, וועלכער איז כּלומר׳שט געווען אַ קאָרעספּאָנדענציע פון קעניגסבערג און האָט געטראָגן דעם טיטל: „אויס דער שטאָדט דער ריינען פערנונפט“ (אַ רמז אויף דעם פילאָזאָף קאַנט׳ס בוך: „קריטיק דער ריינען פערנונפט“; קאַנט איז געווען אַ פּראָפעסאָר פון דעם קעניגסבערגער אוניווערזיטעט).

מאַקס וויל וויסן, ווי לאַנג מיינע חברים און איך מיינען זיך אויפצוהאַלטן אין לאָנדאָן. „וואָס איז שייך צו מיר, דערקלער איך, קען איך דאָ ניט בלייבן: איך פאַרשטיי ניט אַ וואָרט ענגליש און איך האָב ניט די מיטל אַזוי לאַנג צו בלייבן ביז איך וועל לערנען דעם לשון. פראַנצויזיש פאַרשטיי איך גראַד אַביסל און, דערפאַר, קלער איך מיך צו באַזעצן אין פּאַריז“. דאָס געשפּרעך קומט דאַן אויף דער „פרייהייט“. איך זאָג מאַקס׳ן, איך בין צופרידן, וואָס די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע האָט ענדלאַך אַן אָרגאַן אין דער פרעסע, וועלכער האָט דעם פריערדיקן רעדאַקטאָר פון דער „בערלינער פרייע פרעסע“ אַלס פירער, הגם פערזענלאַך וואָלט מיר ליבער געווען צו זען אַ בלאַט אַרויסגעגעבן געהיים אין דייטשלאַנד גופא. „דאָס וואָלט דאָרטן כמעט אוממעגלאַך געווען“, זאָגט מאַקס. דאָס אָבער, זאָגט ער ווייטער, וואָלט אפשר נאָך געווען צו פאַרליידן. ערגער איז דאָס, וואָס די דייטשע פאַרטיי־פירער דערקענען אפילו די „פרייהייט“ ניט אָן און עפּעס אַליין אין אויסלאַנד אַרויסצוגעבן פאַלט קיינעם פון זיי דערוויל ניט איין. פינף חדשים זיינען איצט אַוועק זינט דער סאָציאַליסטן־געזעץ איז אין קראַפט און געטאָן געוואָרן איז דערוויל נאָך גאָרנישט, ריידן גאָרניט צו האָבן ווען־עס־איז אַ פאַרטיי־אָרגאַן ערגעץ־וואו, כּדי צו בלייבן אין פאַרבינדונג מיטן פאָלק, אָדער צו מאַכן נייע באַציאונגען אין לאַנד.

איך האָב זיך דאַן דערוואוסט, אַז מאַקס האָט זיין „פרייהייט“ כמעט איינער אַליין אויף דער וועלט געבראַכט, אַז ער האָט זיין צייטונג אַליין רעדאַקטירט, עקספּעדירט און אויף דער גאַס פאַרקויפט. ער איז אויך געווען זיין אייגענער „אָפיס־באָי“. די גענאָסן אַרום אים הויבן ערשט איצט (ענדע מערץ) אָן צוצושטיין צו

אים. די „פרייהייט" האָט איר פאַרברייטונג געהאַט צו פאַרדאַנ־קען מאָסט'ס רעדעס און פאָרלעזונגען: מען איז געקומען אים הערן, ווייל ער איז דאָך עפּעס אַמאָל געווען אַ רייכסטאַג־מיטגליד!

ספּעציעל אינטערעסאַנט איז פאַר מיר געווען צו ערפאַרן דעם פאָלגנדן פאַקט:

אין דעם פאַל פון צייטונגען, סאָציאַליסטישע, וואָס דערשיי־נען אין אויסלאַנד, האָט דער סאָציאַליסטן־געזעץ פאַרלאַנגט, אַז ביסמאַרק, דער רייכסקאַנצלער, זאָל אַליין—בכבודו ובעצמו — פאַרבאָטן אַזעלכע בלעטער, ווען זיי באַווייזן זיך אין דייטשלאַנד. ווען אַ וואָכנבלאַט ענדערט איר נאָמען אַלע וואָך, מוז זי יעדע וואָך פון דאָס ניי פאַרבאָטן ווערן. דאָס האָט מאָסט אויסגענוצט. ער האָט די בלעטער, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר דייטשלאַנד, אָנגערופן—דעם 1טן נומער „ביסמאַרק", דעם 2טן „פאָרקענ־בעק" (נאַציאָנאַל־ליבעראַלער פירער אינם רייכסטאַג) און אַזוי ווייטער. דער הויפּט־שפּאַס איז נאַטירלאַך געווען ביי דעם ערשטן נומער: ביסמאַרק האָט געמוזט פאַרבאָטן דעם „ביסמאַרק" און האָט דאָס אַזוי געמוזט אָנצייגן אין דעם אָפיציעלן רעגירונגס־אָרגאַן, פון וועלכן דאָס איז, נאַטירלאַך, קאָפּירט געוואָרן אין דער גאַנצער פּרעסע. אַ שפּאַס פאַר די געטער!

צי דאָס איז אין די „הויכע פענסטער" פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס פאַרגעניגן, איז שווער צו זאָגן, אָבער גיכער ניט. ווען איך באַקלער, וואָס שפּע־טער איז פאָרגעקומען, בין איך כמעט זיכער, אַז דער דאָזיקער שפּאַס פון מאָסט האָט די גענאָסן בעבעל, ליבקנעכט און די אַנ־דערע פירער שטאַרק געערגערט און האָט אפשר געהאַט אַ שייכות מיט דער שטיפמוטערלאַכער באַהאַנדלונג לגבי דער „פרייהייט" פון אָנהויב אָן.

געזאָגט ווערן מוז דאָ, אַז צו יענער צייט איז מאָסט געווען אַן אַנטשיידענער סאָציאַל־דעמאָקראַט, וועלכער האָט פונם אַנאַרכיזם זייער ווייניק געהאַלטן. מער ווי דאָס: לגבי מיר, וואָס איך בין דעמאָלט געווען אַ פעדעראַליסט, איז ער געווען אַ צענטראַליסט,

וועלכער וויל (אין דער צוקונפט) האָבן די גאַנצע מאַכט קאָנצענט־רירט אין די הענט פונם שטאַט. מען האָט ניט געקענט אַ פיינטלאַכערע שטעלונג האָבן צום אַנאַרכיזם, היות ווי אַנאַרכיזם שטרעבט צו אַ פרייער געזעלשאַפט, באַשטייענדיק פון פרייע, דעצענטראַליזירטע געמיינדן, מיט פערזענלאַך פרייע מיטגלי־דער, דער היפּך פון צענטראַליזאַציע.

איז וואָס מאַסט האָט ניט געשטימט מיט די איבעריקע פּאַר־טיי־פירער איז באַשטאַנען, ערשטנס, אין דעם, וואָס ער האָט גע־האַט אַ רעוואָלוציאָנערן טעמפּעראַמענט אַלס רעזולטאַט פון זיין עכט־פּראָלעטאַרישן כאַראַקטער און, צווייטנס, איז זיין שטאַרקע געפּעפּערטע שפּראַך. חוץ דעם איז ער געווען אַ מענטש, וואָס האָט געקענט פון גאַנצן האַרצן האַסן (אַ געגנער פון דעם קאַפּיטאַ־ליסטישע לאַגער און די קאַפּיטאַליסטן גופא) און ער האָט ווייניק־וואָס געוואוסט פון פאַרצייען און פאַרגעסן. אַ מענטשן, ווי ער, וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט אַזוי פיל יאָרן געפענגעניש־שטראָפן דורכגעמאַכט און אויסגעזען, האָט מען דעם האַס געקענט פאַרצייען. *)

אַרום דער צייט, ווען דער אויסנאַמס־געזעץ איז אַריין אין קראַפט, זיינען פינף רעדאַקטאָרן פון דער „בערלינער פרייע פּרעסע" געזעסן אין טורמע. אַלץ פּאַר חטאים געגן דעם געוויינטלאַכן גע־זעץ. אויב איך האָב ניט קיין טעות, איז פון די פינף מאַסט געווען דער ערשטער און אַ סטודענט מיטן נאָמען שאַפּירא דער לעצטער. ביי די רוסישע סטודענטן אין בערלין איז מאַסט געווען זייער באַ־ליבט. ווען ער איז אַרויסגעקומען פון טורמע צום סוף יאָר 1878, האָבן זיי פאַר אים געמאַכט אַ „באַנקעט" און האָבן אים ביי דער געלעגנהייט געשענקט טשערנישעווסקי׳ס ראָמאַן „טשטאָ דיעלאַט?" איבערזעצט אויף פראַנצויזיש, שיין געבונדן. אויף דעם בלאַט פאַרן פאָדערבלאַט, וואָס דער איינבינדער האָט אַריינגעזעצט, איז

*) זע קאַפּיטל „דער דייטשער אחר", אין ווינטשעווסקי׳ס „גע־זאַמלטע שריפטן", באַנד 5, זייט 210.

געווען מיט פעדער און טינט אויפגעצייכנט אַ ליבע, וואָס קומט נאָר־וואָס ארויס פון א שטייג. דער דאָזיקער ליבע האָט געהאַט מאָסט'ס פרצוף־פנים — זיין אָנבליק.

דעם בוך האָט אונז געוויזן אין לאָנדאָן זיין פרוי קלארא, ווען ער איז דערביי ניט געווען, זייענדיק זייער שטאָלץ דערויף, — זי, וואָס האָט אים א יאָר שפּעטער פארלאָזן אויף אייביק.

---

איידער איך גיי ווייטער, וועל איך מיר דערלויבן דעם דאָזיקן קאַפּיטל צו ענדיקן מיט אייניקע באַמערקונגען מכוח דעם באַגריף, וואָס מען האָט אין יענע צייטן געהאַט וועגן געוויסע פּערזאָנען אין דער באַוועגונג.

צוערשט, נאַטירלאַך, קארל מארקס. אים האָט מען געהאַלטן פאַר א געלערנטן מאַן, וואָס וואוינט ערגעץ־וואו אין לאָנדאָן, וואָס האָט געשריבן אַ בוך „דאָס קאַפּיטאַל", פאַר די ארבעטער שווער פארשטענדלאַך. פון זיינע אַנדערע שריפטן איז באַקאַנט געווען (און האָט זיך ביי מיר איינגעפונען) זיין „18טער ברומער". דאָס „קאַפּיטאַל" האָב איך נאָך געהאַט אין העפטן. אַ פּאָפּולאַריזאַציע פונם „קאַפּיטאַל" האָט מאָסט פארפאַסט. מער וועגן מארקס'ן האָב איך ערפאַרן ערשט שפּעטער אין פאַריז. אין דער באַוועגונג האָט זיך דעמאָלט מארקס'עס איינפלוס כמעט גאָרניט געפילט. ער איז פאַר די מאַסן געווען אַ מין „העבערעס וועזן", וועלכן מען האָט פאַרערט, אָבער ווייניק־וואָס געקענט.

נאָך ווייניקער האָט מען צו יענער צייט געוואוסט וועגן ענגעלס'ן. מען האָט אים געקענט אַלס דעם פאַרפאַסער פון אייניקע קליינע בראָשורן („אינטערנאַציאָנאַלעס אויס דעם פאָלקס־שטאַט 1871—1875"), און אין דער צייט, וואָס איך בין געווען אין קעניגסבערג, האָט זיך אין דעם לייפּציגער „פאָרווערטס" געדרוקט זיין „אנטי־דירינג" אַלס ארטיקל־סעריע.

פון ליבקנעכט'ן, אַלס אַ פירער, האָט מען געהאַלטן ניט ווייניקער ווי פון בעבעל'ן. דעם דאָזיקן האָט די מאַסע מער געליבט, ווייל ער, ניט זייענדיק, ווי ליבקנעכט, אַ רעדאַקטאָר פון אַ צייטונג,

איז מער ארומגעפאָרן און איז אָפטער דערשינען אין פארזאמלונ־
גען. דאַגעגן האָט מען געהאַלטן ליבקנעכט'ן פאַר געבילדעטער,
אין אַ געוויסן זין אַלס בעבעל'ס לערער, — אַ פאַקט, איבריקנס,
וועלכן בעבעל אין זיינע „ערינערונגען" לייקנט. ליבקנעכט איז
אויך געווען אַ שריפטשטעלער לויט זיין פראָפעסיע; בדרך כלל
זיינען זיי ביידע געשטאַנען אויף איין הויך, ביז דעם 16טן סעפּ־
טעמבער 1878, ווען בעבעל האָט אין רייכסטאַג, אין דער דעבאַטע
וועגן דעם סאָציאַליסטן-געזעץ, געהאַלטן זיין בארימטע גרויסע רע־
דע, אויף וועלכער ביסמאַרק האָט דעם נעקסטן טאָג געענטפערט.
דאַן איז בעבעל אַזוי ווי איבער נאַכט אויסגעוואַקסן און ליבקנעכט'ן
מיט עטלאַכע קעפּ אַריבערגעוואַקסן.

אַלגעמיין, אָדער ספּעציעל ביי דער יוגנט, באַליבט איז גע־
ווען יאָהאַן מאָסט. כסדר אַגרעסיוו, פאַרפאָלגט, פון איין טורמע
אַרויס, אין דער אַנדערער אַריין, איז ער נאָכאַנאַנד געווען ביי אַלע־
מען אויף די ליפּן. מען האָט באַוואונדערט זיין מוט, אָנגרייפנדיק
דעם גרויסן היסטאָריקער (פון רוים) פּראָפעסאָר מאָמזען. מען
האָט געלייענט מיט פאַרגעניגן זיינע טורמע-באַשרייבונגען. מען
פלעגט זינגען זיינע עטלאַכע לידער. מען איז געווען פול פון
התלהבות פאַר זיין קאַמף געגן דער גייסטלאַכקייט.

באַקאַנט איז דאַן שוין געווען עדואַרד בערנשטיין אַלס דער
פּלימעניק פון זיין פעטער אהרן בערנשטיין, דעם פאַרפאַסער פון
די פּאָפּולאַריזירטע וויסנשאַפטס-ביכער. דער דאָזיקער אַלטער
בערנשטיין איז געווען אַ פאַרביסענער געגנער פון סאָציאַליזם
נאָך פון לאַסאַל'ס צייטן אָן, און דער יונגער עדואַרד גראַד אַזוי ענ־
טוזיאַסטיש אין אונזער באַוועגונג. וועגן דעם פעטער מיטן פּלימע־
ניק האָבן זיך דאַן שוין אָנגעפאַנגען צו בילדן לעגענדן, פון וועלכע
„עדי" אַליין ווייסט אפשר גאָרניט.



יאָהאַן מאָסט'ס „וויזיט" אין פּאַריז. — מאָסט'ס פּלענער ווי פּאַריז דאַרף אויסזען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. — וואָס פּעטער לאַווראָוו'ן איז געפעלן געוואָרן אין מאָסט'ן. — אַ פאַרגלייך צווישן דער באַוועגונג אין רוסלאַנד און דייטשלאַנד.

פאַרנדיק איבער דאָווער און קאַלעי, בין איך אָנגעקומען אין פּאַריז, וואו איך האָב מיך ביים ערשטן אריינפאָר געפילט וויינ־קער גליקלאַך, ווי איך האָב דערוואַרטעט. אויף דעם ערשטן בליק האָט די שטאָט געמאַכט אויף מיר אַן אומאַנגענעמען איינדרוק. נאָך דעם לוח נאָך איז דער פרילינג שוין געוועזן אין לאַנד, עס איז אָבער נאָך געוועזן זייער קאַלט. מיין צימערל אין דעם ניט עקסטרא זויבערן האָטעל האָט אויסגעזען זייער אומפריינטלאַך. דאַן דער „אָנמעלדונגשיין" פאַר דער פּאָליציי, וואָס איך האָב געמוזט אויס־פילן איידער איך האָב זיך נאָך געהאַט ארומגעקוקט ווי עס באַ־דאַרף צו זיין. דערצו נאָך דער אָרימער פּרישטיק, וואָס איך האָב געקראָגן, — אַן אָרימער, ווייל איך האָב מיר ניט געקענט דערלויבן אַ רייכערן, ניט פאַר אייך געדאַכט.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז מען קען לעבן פיל ביליגער אינם „לאַטייניש" קוואַרטאַל (וואו די סטודענטן וואוינען) ווי אין מיין האָטעל, און איך האָב, צוזאַמען מיט אַ פריינט, אַהין אריבערגעמופּט. אין דעם הויז, וואו איך האָב איצט געהאַט מיין דירה, האָבן זיך איינגעפונען ניט וויניקער ווי זיבן נאַציאָנאַליטעטן, צווישן זיי איינער אַ לאַנדסמאַן. עס האָט זיך באַלד ארויסגעשטעלט, אַז דער דאָזיקער לאַנדסמאַן איז אַ פאַר־ברענטער סאָציאַליסט, וואָס פּלעגט באַזוכן צוויי מאָל אַ וואָך דעם אַלטן פּעטער לאַווראָוו: איינמאָל, כדי צו הערן זיין וואָכנטלאכע פאַרלעזונג, און אַ צווייטן מאָל, כדי זיך איינצוגעפינען ביי דער „געמיטלאַכער" אונטערהאַלטונג, וואָס פּלעגט פאָרקומען אין דעם זעלביקן הויז יעדן דאָנערשטאָג אָוונט. איך, געוויינטלאַך ניט קיין גרויסער בעלן זיך צו יאָגן נאָך די גרויסע לייט, האָב זיך געלאָזן

איבעררעדן צו גיין הערן פּעטער לאַוראָוויטש'עס לעקטשור און בין ביסלאַכווייז געוואָרן זייער גוט באַקאַנט מיט דעם אַלטן, איי־בערהויפּט נאָכדעם ווי איך האָב איבערגענומען די איבערזעצונג פון רוסיש אויף דייטש פון זיינעם אַ לאַנגען אַרטיקל איבער דער רוסישער באַוועגונג, וואָס איז שפּעטער דערשינען אין דר. ריכטער'ס (העכבערג'ס) יאָרבוך אין דער שווייץ. *)

פראַנקרייך, און ספּעציעל פּאַריז, איז נאָך געווען באָנאַפּאַר־טיסטיש אין דעם יאָר 1879, אַכט יאָר נאָך דער גרינדונג פון דער רעפּובליק. די מייסע ריכטער, די פּאָליציי־באַאַמטע, גרויס און קליין, אפילו די דזשעניטאָרס זיינען כמעט אַלע געווען צוגעטאָן צו נאַפּאָלעאָן דעם דריטנ'ס רעגירונג. אָט־די אַלע, וועלכע האָבן לפּנים געהאַט אַן אומבאַדייטנדיקע ראָלע אין דער רעגירונג, האָבן אין אמת'ן רעגירט דאָס לאַנד.

פון אַ סאָציאַליסטישער באַוועגונג אין פראַנקרייך איז דעמאָלט נעווען ווייניק־וואָס צו זען. די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, אויב מען קען פון אַזעלכער כלל רעדן, איז אין פּאַרלאַמענט ניט געווען רע־פּרעזענטירט. זשול געד'ס „עגאַליטע" איז נאָך ניט געווען דער־שינען. וואַיאַני, אַ פירער פון די צייטן פון דער קאָמונע, איז נאָך געווען אין לאָנדאָן, וואו איך בין מיט אים באַקאַנט געוואָרן. די דיקטאַטור פון דער בורזשואַזיע, ספּעציעל אין דער בלוטיקער מאַי־וואָך, האָט אַזוי געקוילעט און געוואָרגען, אַז די באַוועגונג איז ערשט אין 1889 אויפגעשטאַנען תחית המתים.

דעמאָלט, אין 1879, האָבן מיר זיך געפילט אַרומגערינגלט פון שפּיאָנען. עס האָט געקענט יעדן טאָג עפּעס פּאַסירן און עס האָט טאַקע פּאַסירט. קאַרל הירש איז פון פּאַריז אַרויסגעשיקט געוואָרן. מיינע פריינט און אַנדערע באַזוכער פון די צוויי דייטשע מיטינג־פּלעצער (אַרבער סעק שטראַסע און באַסטיל־פּלאַץ) האָט מען אויך פאַרטריבן. איך אַליין וואָלט זיכער ניט געשאַנעוועט געוואָרן, ווען איך וואָלט ניט מיט אַ וואָך אָדער צוויי פריער אַליין

*) זע אויבן זייט 58.

פרידיקט. גרויסע ענדערונגען האָבן געזאָלט געמאַכט ווערן אין דעם טריאומף־בויגן (אַ מאָנומענט פאַר נאַפּאָלעאָנ'ס און אַנדערע מלחמות), וואָס געפינט זיך אויף דעם פּלאַס דע ל'עטאָאַל. פון אַ קינסטלערישן שטאַנדפּונקט האָט דער מאָנומענט אים בעסער געפעלן ווי אַן ענלאַכער „בויגן" אין בערלין, וואָס האָט געזאָלט „פאַראייביקן" דעם מאַסנמאָרד.

דאָס „הויז פון די זיבן נאַציאָנען" אין דער גאַס דעל־אַניי האָט געמאַכט אַלע נויטיקע הכנות פאַר דעם צוזאַמענקומען פון פּעטער לאַווראָוו מיט יאָהאַן מאָסט. דער פראַנצויז אונזערער האָט אויף זיך גענומען צוזשטעלן דעם וויין. די איטאַליענער — דריי אין צאָל — זיינען געווען ביזי מיט די ספּאַגעטי. מיר, ווידער, מיט דער הילף פון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט (איך געדענק ניט, וועלכע דאָס איז געווען) האָבן אויף זיך גענומען צו באַזאָרגן ברויט, פּוטער און, פאַרשטייט זיך, טיי — טיי פון אַ סאַמאָוואַר, רבותי! — פאַר דעם מאָלצייט. חוץ דעם האָבן מיר, דאָס הייסט מיין פריינט איינגענסאָן און איך, געהאַט די ערע צו געבן אונזער צימער, דעם גרעסטן אין הויז, פאַר וועלכן מיר האָבן געצאָלט 22 פראַנק אַ חודש, אַן ערך פון אַ דאָלאַר אַ וואָך — אַ גאַנצן דאָלאַר! פאַר צוויי! !

מיט און אָן מיין הילף — לאַווראָוו האָט פאַרשטאַנען דייטש, האָט אָבער די שפּראַך ניט גערעדט; מאָסט, דאַגעגן, האָט פאַרשטאַנען אַביסל פראַנצויזיש — האָבן זיי ביידע זיך אונטערהאַלטן. לאַווראָוו, אַ סאָציאַליסט־רעוואָלוציאָנער אין דעם בעסטן זין פונם וואָרט, האָט איינגעשטימט מיט מאָסט'ן בנוגע צו זיין האַלטונג צו די פירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע. דאָס האָט אונזער דייטשן גאַסט געמאַכט פיל פאַרגעניגן, איבערהויפּט וויל ער האָט געוואוסט, אַז לאַווראָוו איז געווען אַ געלערנטער מאַן, אַ געשיכטס־פּאָרשער, דער פאַרפאַסער פון די בארימטע „היסטאָרישע בריוו", דער מאַן, וואָס האָט געשריבן דעם „פאַרזוך פון אַ געשיכטע פון דעם מענטשלאַכן געדאַנק", אין אַ גרויסן ווערק. אויך האָט מאָסט געהאַט גרויס אַכטונג פאַר דעם אַלטן, אַלס דעם רעדאַקטאָר פונם

אוועקגעפאָרן פון פּאריז, א יאָר אָדער צוויי שפּעטער איז לאַוור־ראָוו אַליין ארויסגעשיקט געוואָרן פון פראנקרייך און נאָר די השתדלות פון טורגעניעוו'ן ביי גאַמבעטאַ האָט מעגלאך געמאכט, אז ער זאָל אין עטלאַכע חדשים ארום צוריקקומען קיין פּאריז. לעאָ הארטמאַן איז ארום יענער צייט פארשיקט געוואָרן, און עס האָט ניט פיל געפעלט, אז מען זאָל אים ארויסגעבן צו רוסלאנד, וואו מען האָט אים שטארק געוואָלט האָבן פאר זיין חלק אין דער עקס־פּלאָזיאָן אויף דער מאָסקווער באַן־ליניע בעת דער צאַר איז געווען אויף דער אייזנבאַן.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז מאָסט געקומען צו אונז מיט א „וויזיט". מיר האָבן געהאַט אים איינגעלאַדן.

איך געדענק ניט, צי ער האָט ביי יענער געלעגנהייט ערגעץ וואו אין פּאריז גערעדט אויף א פארזאמלונג. ער איז געווען אונ־זער גאַסט פּשוטו כמשמעו. אזוי ווי איך בין געווען אין דער קליי־נער פּאריזער קאָלאָניע כמעט דער איינציקער, וואָס האָט געקענט, חוץ רוסיש, אויך דייטש רעדן, בין איך געוואָרן זיין דאָלמעטש און זיין וועג־וויייזער. איך האָב אים ארומגעפירט אין פּאריז, אים וויזנ־דיק פיל זאכן, וואָס זיינען ווערט צו זען און וועלכע פירן געוויינט־לאָך דערצו, אז מען זאָל די גרויסע שטאָט ליב קריגן, ווי שלעכט עס זאָל ניט געווען זיין דער ערשטער איינדרוק.

מאָסט צו יענער צייט איז פיזיש ניט פייאיק געווען וועגן עפּעס צו רעדן, ניט אריינברענגענדיק דעם סאָציאַליזם אין מיטן דערין. ער האָט דערפאר, שפּאַצירנדיק איבער פּאריז, אָנגעהויבן צו רעאָרגאַניזירן, וועדליק ווי דאָס וועט דארפן אויסזען נאָך דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. אזוי, צום ביישפּיל, האָט ער באשלאָסן, אז געוויסע זאלן אין דעם גרויסן לואוור זאָלן פארוואנדלט ווערן אין שפּייז־צימערן פארן פאָלק און דאָרטן, וואו הויך אויף די ווענט הענגען ניט קיין בילדער, זאָלן געבויט ווערן גאַלערייען פאר מו־זיקאנטן, כדי צו געבן דעם פאָלק „טאַפעלמוזיק". ווען איך האָב אים געפרעגט: ווער וועט שפּילן פארן אָרקעסטער בעת ע ר וועט עסן, האָט ער מיר געגעבן אַן ענטפער, וואָס האָט מיך ניט באַ־

„ופּעריאָד“, אַ צוויי־וואָכנטלאַכער זשורנאַל, וואָס פלעגט דער־שיינען אין לאָנדאָן מיט אַ פּאָר יאָר פריער, חוץ די יאָר־ביכער אונטער דעם זעלביקן נאָמען („ופּעריאָד“). פון מיר פערזענלאַך האָט מאָסט געוואוסט, אַז לאַווראָוו איז אין רוסלאַנד געווען צווישן די רעדאַקטאָרן פון דער ענציקלאָפּעדיע, פאַר וועלכער ער האָט גע־שריבן זיין בארימטן אַרטיקל „יעוורעי“.

פון דער אַנדערער זייט איז פאַר לאַווראָוו׳ן געווען מאָסט די פּאַרקערפּערטע רעוואָלוציע, אַ מאַרטירער, אַ פאָלקס־טריבון, אַ פורכטלאָזער קעמפער, וועלכן ער האָט געליבט. אויך האָט לאַוו־ראָוו׳ן געפעלן דאָס, וואָס ער האָט ביי מאָסט׳ן ניט געפונען קיין שום נאַציאָנאַלן עגאָאיזם, וועלכן ער, לאַווראָוו, האָט דעמאָלט גע־פונען ביי די דייטשן פון דער ביסמאַרק־עפּאָכע אַזוי פיל.

„ווייסט איר“, האָט ער צו מיר איין טאָג געזאָגט, ווען איך בין צו אים געקומען און האָב אים געפונען זיצנדיק איבער ער־געץ אַ וויסנשאַפטלאַכן דייטשן בוך, "דער נאַציאָנאַלער שטאָלץ, די גאווה קוקט אַרויס ביי די דייטשן אפילו פון זייערע וויסנשאַפט־לאַכע ווערק... דאָס איז שרעקלאַך“. דאָס האָט דעם אַלטן, ווי עס שיינט, הערצלאַך וויי געטאָן, ווייל ער אַליין איז געווען אַב־סאָלוט פריי פון יעדן מין שאָוויניזם און, חוץ דעם, איז ער געווען אַ באַוואונדערער פון דער דייטשער ליטעראַטור אין אַלע אירע צווייגן. בקיצור, מאָסט האָט ביי אים שטאַרק נושא־חן געווען, און דאָס האָט אונז געמאַכט פאַרגעניגן.

מען האָט זיך אונטערהאַלטן ביז שפּעט אין דער נאַכט און מען איז געווען איינשטימיק איבער דעם, אַז די פּאָליטיק פון די „לייפּ־ציגער“ טויג אויף כפּרות.

„ווי געפעלט אייך אונזער אַלטער?“ האָב איך געפרעגט מאָסט׳ן נאָך לאַווראָוו׳ס אוועקגיין.

„דער איז פאַרדאַמט צו באַשיידן“ האָט מאָסט געענטפערט און האָט דאָן, אויף זיין כאַראַקטעריסטישן אופן, אַנטוויקלט אַ לאַנגע טעאָריע וועגן דער שעדלאַכקייט פון „פאַרדאַמטע עניוות“ אין פּאָליטיק.

אין דעם פּרט בין איך מיט מאַסט'ן ניט געווען אינגאַנצן איינ־פאַרשטאַנען. אַזוי ווייט ווי איך געדענק, האָב איך געהאַלטן, אַז אַ מאַן ווי לאַווראָוו, אַ געלערנטער, וואָס קען שוין דערפאַר אַליין ניט זיין קיין קעמפער, מוז זיין אַזוי ווי ער איז.

איך וועל זיך צו מאַסט'ן נאָך אומקערן אין דעם נעקסטן קאַ־פּיטל. דאָ וויל איך נאָר זאָגן, אַז ער האָט אַרויסגעטראָגן אַ זייער אַנגענעמען איינדרוק פון יענעם אָוונט. מאַסט, פאַרבייגייענדיק, איז געווען מיט 10 יאָר עלטער פאַר מיר.

---

פון רוסלאַנד איז דערווייל יעדן טאָג געקומען עפּעס נייעס. דעם 14טן אַפּריל (1879) האָט סאָלאָוויאָוו געמאַכט זיין אַטענטאַט אויף דעם צווייטן אַלעקסאַנדער און עס האָט ניט פיל געפעלט, אַז ער זאָל זיך איינגעבן. פריער שוין אין דעם זעלביקן יאָר זיינען פאָרגעקומען באַוואָפנטע ווידערזעצונגען (וואָראָנזשאַניאַ סאָפּראָ־טיוולעניאַ) אין קיעוו, איינע דעם 7טן און די אַנדערע דעם 23טן פעברואַר. ביי דער ערשטער איז אַרעסטירט געוואָרן, די שפּעטער דורך איר פּראָצעס באַרימט געוואָרענע, סאָפיע לעשערן פאָן הערצ־פעלד. ביי דער צווייטער ווידערזעצונג זיינען פאַרהאַפטעט גע־וואָרן די ברידער איווויטשעוויטש, פאַרוואונדעט אויף טויט. נאָך אַזאַ „סאָפּראָטיוולעניע" איז פאָרגעקומען אין טאַגאַנראָג אַ פּאָר חדשים שפּעטער (18טן יולי) און ווידער איינע אין זשיטאָמיר.

אַ גאַנצע מאַסע אַנדערע רעוואָלוציאָנערע טאַטן זיינען פאָר־געקומען יענעם יאָר, באַגלייטעט פון אַ סך פאַרהאַפטונגען. מיר, וועלכע האָבן אין פּאַריז געוואוינט און האָבן געלעבט אַ טייל אין רוסלאַנד, אַ טייל אין דייטשלאַנד, האָבן ניט ווילנדיק כסדר פאַרגליכן די באַוועגונג אין די ביידע לענדער. און איצט, אַזוי ווי דער סאָציאַליסטן־געזעץ איז געווען אין קראַפט איבער דער גאַנצער מדינה, איז אין דייטשלאַנד ניט געווען אַ האָר בעסער ווי אין רוסלאַנד, וואָס איז שייך צו דער פאַרבאַרייטונג פון דעם סאָ־ציאַליסטישן געדאַנק, בנוגע צו דער יוניאָן־באַוועגונג, צו די ביל־דונגס־פאַראיינען און אַזוי ווייטער. אַלץ איז געווען פאַרבאָטן ניט

ווייניקער ווי אין דעם צארנרייך און ניט ווייניקער שטראָפבאַר. אויב מען איז אין דייטשלאַנד ניט אין אַזעלכע גרויסע מאַסן באַשטראָפט געוואָרן, איז דאָס בלויז געווען דערפאַר, וואָס מען האָט דאָרטן ווייניקער „געזינדיקט" ווי אין רוסלאַנד.

און עס איז דאָך נאָר ביז אַ געוויסן גראַד ריכטיק, אַז דעם דייטש פעלט דער רעוואָלוציאָנערער טעמפּעראַמענט. איבערהויפּט בערלין איז דאָך שטענדיק געווען לייכט צו ברענגען צום אויפברעכן. אָבער די גאַנצע פּרעסע, אַלע אַגיטאַטאָרן און אַלע פּאַרטיי־באַאַמטע האָבן דאָך פריער כסדר געשריגן, אַז מען דאַרף „פרידלאַכקייט און געזעצלאַכקייט", ביז דאָס פאָלק איז געוואָרן אַ מין וואָל־אויטאָמאַט, אַ וואַל־מאַשין, און דאָס אַריינוואַקסן אין דעם סאָציאַליזם איז געוואָרן די איינציקע רעליגיע, וואָס קען גליקלאַך מאַכן היינט און אויף להבא. דאָס איז געגאַנגען אַזוי ווייט, ביז די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע — עס איז אַ הארב וואָרט, אָבער עס מוז געזאָגט ווערן — איז געוואָרן דעם משוגענעם קייזער'ס לייב־גוואַרדיע. דאָס האָט ער אויך דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע צו פאַרדאַנקען, וואָס ער האָט אין נאָוועמבער, 1918, אַזוי גוט אָפּגעשניטן בעת קאַרל ליבקנעכט און ראָזאַ לוקסעמבורג, קורט אייזנער און הוגאָ האַאַזע זיינען געפאַלן קרבנות אויף דעם מזבח פון געגנער־האַס.

---

אין אָנהויב סעפּטעמבער 1879 האָב איך געקראָגן אַן איינלאַדונג צו קומען קיין לאָנדאָן אויף אַ פריינט'ס חתונה *). ארום יענער צייט איז פּאַריז האָב איך שוין געהאַט דערגרייכט די מדרגה פון עסן מיטאָג איינמאָל אַ וואָך. איצט שיקט מיר דער מאַן אַ טיקעט (אַהין און צוריק) צו קומען קיין לאָנדאָן. איך בין געפאָרן, האָב זיך דאָרטן אויפגעהאַלטן 14 טעג. ווען איך בין געקומען צום באַנהויף, וועלנדיק פאָרן צוריק פון לאָנדאָן קיין פּאַריז,

---

*) זע וויטער די ביילאַגע „די לאָנדאָנער העברעאישע שרייבער אין סוף פון די זיבעציקער יאָרן".

האָב איך געפונען, אַז מיין בילעט טויג שוין ניט מער, ווייל איך האָב געדאַרפט צוריק אַרויספאָרן מיט אַ טאָג פריער.

דעם דאָזיקן צופאַל פאַרדאַנק איך מיין 15־יאָריקן אויפהאַלטן זיך אין ענגלאַנד און מיין שפּעטערדיקן אַוועקפאָרן נאָך אַמעריקע.



מיר זאָגן זיך אָפּ פון נאָמען „סאָציאַל־דעמאָקראַטן". — מאָסט'ס שכרות און מרה־שחורה. — אַ „דע־לוקס" עקזעמפּלאַר פון אַן ערלאכן זעלבסט־אויפאָפּפערנדיקן פּראָלעטאַריער. — מאָסט'ס אַרויסטריט פאַר דער „דיק־טאַטור פונ'ם פּראָלעטאַריאַט". — פאַרוואָס מען האָט מאָסט'ן אויסגעשלאָסן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

גלייך נאָך מיין אָנקומען אין לאָנדאָן האָב איך באַזוכט יאָהאַן מאָסט. עטוואָס שפּעטער זיינען צוגעקומען די גענאָסן, וואָס זיי־נען אַרויסגעשיקט געוואָרן פון פּאַריז.

אין אַ דערקלערונג, וועלכע איז אַ וואָך שפּעטער אָפּגעדרוקט געוואָרן אין דער „פרייהייט", האָבן מיר זיך אָפּגעזאָגט פון דעם נאָמען „סאָציאַל־דעמאָקראַט" און האָבן אָנגענומען דעם נאָמען „סאָציאַליסטן רעוואָלוציאָנערן" (אָדער „סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן" — גענוי געדענק איך ניט). דאָס איז געווען אַ פייערלאַכער גוד־באַי צו די אַלטע פירער. כאַראַקטעריסטיש איז דערביי, אַז דער איינציקער, וואָס האָט די „דערקלערונג" ניט געוואָלט אונטער־שרייבן, איז אַ קורצע צייט שפּעטער צוגעשטאַנען צום ציריכער „סאָציאַל־דעמאָקראַט", איז דאַן געוואָרן אַ חובב־ציון" און איז היינט אַ גוטער געשעפטסמאַן, וואָס וויל פון קיין שום אידעאַליס־טישע „נאַרישקייטן" ניט וויסן. *)

---

*) דאָס איז דער אויבן דערמאָנטער אַ. וו. ראַבינאָוויטש („אור").

אין לאָנדאָן בין איך געוואָרן זייער טעטיק אין דער באַוועגונג. קיין סאָציאַליסטישע פּאַרטיי איז דעמאָלט ניט געווען אין ענגלאַנד, ווי עס איז ניט געווען אין פראַנקרייך. וואָס דאָרטן האָט עקזיס־טירט, איז געווען אַ דייטשער קלוב אונטער דעם נאָמען „קאָמוניס־טישער ארבעטער בילדונגס־פאַראיין“, וועלכער האָט געהאַט צוויי סעקציעס אין אַנדערע טיילן פון שטאָט. דער קלוב אַליין האָט זיך איינגעפונען אין נומ. 6 ראוז סטריט, סאוט סקווער, אַ גאַס, וואָס איך האָב שוין אין לאָנדאָן ניט געפונען, קומענדיק אַהין מיט 40 יאָר שפּעטער, אין 1919.

דאָס איז געווען, דער עיקר, אין דער סעקציע אויף דעם אָסט־ענד, וואו איך בין געווען אַממייסטן טעטיק. איך, וועלכער האָב ערשט מיט אַ האַלב יאָר פריער ניט געקענט געפינען דעם מוט צו שטעלן אַ רעדנער אַ פראַגע, בין געוואָרן אַ גאַנצער בעל־דברן, וועלכער האָט כמעט יעדע וואָך ענטוועדער גערעדט, אָדער איינגע־לייטעט אַ דיסקוסיע, אָדער געהאַלטן „אַ פּאָליטישע רונדשוי“, דאָס הייסט, אַ קורצע דרשה איבער טאַגעספראַגן. די דאָזיקע רונדשוי איז, זאָל מיר צו קיין גנאי ניט זיין, געווען אַ שיין שטיקל הומבוג מיט אַ גוטער כונה, מחמת קיין נאַטירלאַכן רעדנער־טאַלאַנט האָב איך ניט געהאַט און אַזאַ פּאָליטישע רונדשוי האָט כדרך־הטבע ניט געקענט ווערן פּאָרבאַרייטעט.

און אַזוי ווי איך האַלט גראַד דערביי, וועט מען מיר מוזן דערלויבן צו זאָגן אַ פּאָר ווערטער וועגן מיינע צוויי ערשטע פּראָבן צו קאָנקורירן מיט לאַסאַל'ן אַלס רעדנער.

ארום קריסטמעס־צייט אין יענעם יאָר (1879) בין איך פון מיינע דייטשן גענאָסן איינגעלאַדן געוואָרן צו האַלטן אַ פּאָרטראַג איבער קריסטמעס פון אַ סאָציאַליסטישן שטאַנדפּונקט, אין דער צווייטער סעקציע פון דעם בילדונגס־פאַראיין. מיט דער פּאַריזער דערפאַרונג איז מיר די איינלאַדונג פאָרגעקומען איינפאַך קאָמיש. פונדעסטוועגן האָב איך זיך געמאַכט אַ האַרץ, און אַזוי ווי איך האָב געהאַט פאַר זיך אַ וואָך צייט, און כמעט גאָרנישט צו טאָן— אי, האָט מיין יונגער מאָגן דעמאָלט געגראָמבלט! — האָב איך זיך

וועקגעזעצט און האָב דעם פּאָרטראָג אויפגעשריבן. דעם אָוונט פון ערב קריסטמעס האָב איך די דאָזיקע דרשה געדראָפּט האַלטן. אַז איך האָב זי ווירקלאַך געהאַלטן, האָב איך פונדעסטוועגן ארויסגעפונען ערשט שפּעטער, ווען איך האָב געענדיקט און דער עולם האָט מיר אַפּלאָדירט. איך האָב איינפאַך געהאַלטן דעם פּאַפּיר פאַר די אויגן און האָב מעכאַניש, ווי דורך אַ חלום, געלייענט, אַליין ניט וויסנדיק וואָס איך טו. ערשט ווען איך האָב דערהערט די אַפּלאָדיסמענטן, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס האָב איך טאַקע גערעדט פאַר אַן עולם. מיין פּאָרטראַג האָט שפּעטער, אויף „אַלגעמיינעם פאַרלאַנג“, געדראַפּט געדרוקט ווערן אין דער „פרייהייט“. צי דאָס איז ווירקלאַך געשען, געדענק איך ניט.

מיין ערשטע פּראָבע צו קאָנקורירן מיט לאַסאַל'ן אַלס רעדנער האָט מיר אויסגעזען טראַגי־קאָמיש. דאָך האָט עס מיר געגעבן מוט צו האַלטן אַ צווייטן פּאָרטראַג און דאָס איבער „די רוסישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג“. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון 1880. איצט האָב איך שוין ניט מער געלייענט, נאָר טאַקע גערעדט. די רעדע האָב איך געענדיקט מיט די ווערטער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט די דייטשע באַוועגונג ווערן ווי די רוסישע, דאָס פאָלק וועט זיך אַ הויב טאָן און וועט דערלאַנגען די האַנט דער רוסישער רעוואָלוציע. — כמעט האָב איך עס אין נאָוועמבער 1918 דערלעבט... יאָ, כמעט... דעמאָלט אָבער איז מאָסט אויפגעשפּרונגען פון זיין אָרט און האָט מיר דערלאַנגט די „ברודער־האַנט“.

---

דעם ערשטן אָקטאָבער, 1879, כמעט אַ פולן יאָר נאָך דעם ווי דער סאָציאַליסטן־געזעץ איז אין דייטשלאַנד אריין אין קראַפט, איז ענדלאַך אין ציריך דערשינען דער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“, געבענטשט פון די פּאַרטיי־פירער. איצט האָבן זיך אָנגעפאַנגען מאָרדערבארייען צווישן דעם דאָזיקן בלאַט און מאָסט'ס „פרייהייט“. איך וויל ניט זאָגן, אַז אין די שטרייטיקייטן איז מאָסט שטענדיק געווען גערעכט. דער „סאָציאַל־דעמאָקראַט“ האָט, חוץ דעם, באַלד

מיר פערזענלאך, האָב איך זייער גיך אויסגעפונען, אז איך קען דער „פרייהייט“ מער העלפן שרייבנדיק אדרעסן. דאָס פלעג איך טאָן איין טאָג יעדע וואָך צו דער גרויסער צופרידנהייט פון דעם מע־נעדזשער דזשאָהן נעווע, דעם גוטן, בראַוון נעווע, וואָס איז שפּע־טער נאָכגעגאַנגען מאָסט'ן אין דעם אַנאַרכיזם און אין טורמע אריין. פון טרייד איז ער געווען א סטאָליער און די „פרייהייט“ פלעגט ער מענעדזשען קומענדיק פון דער ארבעט. דאָס איז גע־ווען א „דע־לוקס“ עקזעמפּלאר פון אן ערלאכן זעלבסט־אויפּאָפּפערנ־דיקן פּראָלעטאריער.

---

עס טוט מיר לייד ניט צו האָבן קיין באווייזן פאר דעם, וואָס איך גיי איצט דערציילן. איך מוז מיך פארלאָזן אויף מיין זכרון, וועלכער שפּילט מיר אָפט מיאוס'ע טריקס. מען וועט מיר מוזן גלויבן אויפן וואָרט, סיידן אימיצער פון די לאָנדאָנער לעזער וועט זיך נעמען די מצוה נאָכצוזען דעם דייטשן „הערמאַן“, וואָס פלעגט דאָרטן דערשיינען צו יענער צייט און אין וועלכן עס פלעגן וועָרן געדרוקט רעפּאָרטס פון מאָסט'ס פּאָרלעזונגען. ווען איך זאָג יענע צייט, מיין איך פון ענדע 1879 ביז אָנפאַנג 1880. אפשר עטוואָס שפּעטער.

מאָסט פלעגט דעמאָלט האלטן פּאָרטראַגן יעדן זונטיק טיילס איבער געשיכטלאכע טעמעס, טיילס ריין־פּראָפּאַגאַנדיסטישע דרשות. פון די געשיכטלאכע איז מיר ספּעציעל איבערגעבליבן אין געדעכטניש זיין פּאָרטראַג וועגן די ברידער גראַקכי אין אלטן רוים. דאָ, פונדעסטוועגן, האנדלט עס זיך וועגן דעם אַנדערן סאָרט פּאָרטראַג. דער דאָזיקער האָט זיך באַשעפטיקט מיט דער סאָציאַלער רעוואָלוציע. מאָסט האָט געשילדערט מיט אלע איינ־צעלהייטן דעם שטורעם און די עקספּראָפּריאַציע פון דער בורזשואַ־זיע; די קאַמפן, וואָס וועלן קומען און אַרויסקומען דערפון; די באַ־וואָפנטע ווידערזעצונג פון דער בורזשואַזיע און די געוואַלט, וואָס וועט מוזן געברויכט ווערן געגן איר. ער האָט פאָראויסגעזען פאר־ראַט מצד געוויסע ארבעטער און האָט באַהויפּטעט, אז אין אזא

אָנגענומען אַ שאַרפּערע שפּראַך. אויך איז מאָסט כסדר אַלץ מער און מער נערוועז געוואָרן. דער גרונט דערפון איז געווען אין דעם פראַנצויזישן ווערטל: „זוכט די פרוי“. מאָסט האָט אַרום יענער צייט געהאַט פאַרלוירן זיין קלאַראַ, ווען זי האָט אים איין שבת־צו־נאַכט פאַרלאָזן, אַוועקגייענדיק מיט אַ שוואַרצער גענאָסע, וועלכן זי האָט, ווי עס שיינט, געליבט. אייניקע וואָכן פריער האָט קלאַראַ צו מיר געזאָגט: „8 יאָר זיינען מיר פאַרהייראַט און דערפון האָט האַנס צוגעבראַכט גאַנצע 4 יאָר אין תפיסות“. דערפאַר האָט איר אַוועקגיין פון מאָסט'ן ניט איבעראַשט. מאָסט'ן אָבער האָט דאָס געגעבן אַ מורא'דיקן קלאַפּ, אים טרעפנדיק ווי אַ דונערשלאַג אין אַ העלן קלאָרן טאָג. איינע פון די פאָלגן, וואָס דאָס האָט מיט זיך געבראַכט, איז געווען מאָסט'ס אָנהויבן טרינקען מער ווי פריער, אַן אַנדערע פאָלגע דערפון איז געווען זיין מרה־שחורה'דיקע שטימונג.

אונטער אַזעלכע אומשטענדן איז לייכט צו פאַרשטיין, אַז ער האָט אָפט אויסגעדרוקט מיינונגען, פאַר וועלכע אים וואָלט שווער געווען אָפּצוגעבן דין וחשבון. דערפאַר זיינען טאַקע ביי אונז אינם בילדונגס־פאַראיין געווען אַ סך אומצופרידענע מיט דער „פרייהייט“. אַ געוויסע צייט פלעגט העגריך ראַקאָוו, אַן אויסגעוויזענער פון בערלין און „פירער“ פון דערהיים, געגן מאָסט'ן אויפטרעטן דירעקט און אינדירעקט. עס זיינען אויך געווען אַנדערע אומצופרידענע, וואָס האָבן געגן מאָסט'ן אינטריגירט. ער האָט אָבער אויך צווישן אונז געהאַט ערלאַכע, איבערצייגטע געגנער, וועלכע זיינען פשוט מיט זיין טאַקטיק אָדער מיט זיין טאָן געווען ניט איינפאַרשטאַנען, הגם זיי זיינען צו אים געווען פריינטלאַך. אַ דאַנק אָט דער דאָזיקער לאַגע האָב איך פאַר אַ קורצער צייט געהאַט ביי דער „פרייהייט“ אַ דזשאָב. איך בין געווען דערוויילט ווי אַ מין פרעס־קאָמיטע, וואָס האָט געהאַט די אויפגאַבע אויפצופאַסן אויף מאָסט'ס אַרטיקלען איידער זיי גייען אריין אין דרוק. מיר האָבן געזאָלט זיין וואָס די רוסן רופן „פּרעדוואַריטעלנאַיאַ צענזורא“. דאָס האָט אָבער ניט „געאַרבעט“. וואָס איז שייך צו

פאל טאָר קיין פאלשע געפילאכץ ניט דערלויבט ווערן. אין דער צייט פון דער סאָציאַלער רעוואָלוציע און אזוי לאנג ווי זי האלט אָן האָט ער געוואָלט סוספענדירן די פערזענלאכע פרייהייט, די מילדיקייט, די מענטשלאכקייט לגבי פאררעטער, „גרעפטערס“, ספעקולאנטן און פוילערס.

בקיצור ער האָט געשילדערט די רעוואָלוציע און דעם איבער־גאנגס־פעריאָד אזוי, ווי מיר האָבן דערלעבט אין רוסלאנד אין די ערשטע 18 חדשים פון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. ער האָט דאָס גערופן: „דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט“, דאָס אָדער עטוואָס ענלאכעס. שפעטער, ווען ער איז געוואָרן אן אנארכיסט און האָט אָנגעפאנגען צו פרעדיקן די „פראָפאגאנדא דער טאט“, איז ער מיט זיין טעאָריע אוועק אין האָצע־פּלאָצע. ער האָט באהויפּ־טעט, אז מיר לעבן שוין אין דער סאָציאַלער רעוואָלוציע — שטעלט זיך נאָר פאָר: דער מאן האָט דאָס געשריבן אין אמעריקע! — און אז דאָס אומברענגען פון יעדן רעאקציאָנער איז גוט פאר דער רעוואָלוציע! *) די אבסורדיטעט פון דער דאָזיקער לערע האָט אים אָפּגעטיילט און דערווייטערט ניט בלויז פון זיינע אמאָליקע דייטשע גענאָסן, נאָר אויך פון מענטשן, וואָס האָבן געגלויבט אין דער דיקטאטור פונם פראָלעטאריאט און אין דער רעוואָלוציע, אָבער האָבן ניט געוואָלט וויסן פון דער „פראָפאגאנדא דער טאט“. און באמערקט מוז דאָ ווערן, אז דער מאָסט פון דעם אמעריקאנישן פעריאָד באשעפטיקט אונז דאָ כלל ניט. דאָ בין איך מיט אים אין קיין שום באנירונג ניט געקומען, מחמת איך בין אין אמעריקע אָנ־געקומען ערשט אין 1894, און איך שרייב דאָ ניט געשיכטע, נאָר עראינערונגען.

לאָמיר זיך איצט אומקערן צו די יאָרן 1880—1881.

---

*) נאָך בעקערמאַנ׳ס אַטענטאַט אויף פריק׳ן, אין 1892, האָט מאָסט זיך אָפּגעזאָגט פון זיין פריערדיקן שטאַנדפּונקט. ער האָט דערקלערט, אַז אַזאַ טאַט ווי בעקערמאַנ׳ס ברענגט אין אַמעריקע מער שאָדן ווי נוצן. — ק. מ.

עס איז אַ ווייט־פאַרשפּרייטע מיינונג, אַז מאָסט'ס „פרייהייט“ איז געווען אַן אַנאַרכיסטישע צייטונג גלייך פון אָנהויב אָן. דער אמת איז, אַז ער איז נאָך געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט אין אויגוסט 1880, ווען דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי־טאָג פון ווידען (אין דער שווייץ) האָט אים אויסגעשלאָסן פון דער פּאַרטיי. די דאָזיקע רעזאָלוציע לייענט זיך אַזוי:

„אין אָנבאַטראַכט, אַז מאָסט שטייט אַ צייט שוין אין גאַנג־זאַץ מיט די פּאַרטיי־פּרינציפּן, פאַר וועלכע ער אַליין פלעגט זיך נאָך האַלטן אפילו אונטערן סאָציאַליסטן־געזעץ, און ווערט גע־פירט פון זיין טעמפּעראַמענט, וואָס האַלט זיך אין איין בייטן;

„אין אָנבאַטראַכט, אַז מאָסט פאַרשפּרייט אַלערליי פאַרלוימ־דונגען געגן דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, פון וועמען זיי זאָלן ניט קומען, און האָט געשיצט באַקאַנטע פּאָליציי־אַגענטן, געגן וועלכע ער איז געוואָרנט געוואָרן, נאָר ווייל זיי האָבן געשימפּט אויף די אַזוי־גערופענע פּאַרטיי־פירער;

„אין אָנבאַטראַכט, שליסלאָך, אַז מאָסט האָט געטאָן זאַכן, וואָס זיינען אין גאַנצן צו אַלע געזעצן פון ערנהאַפטיקייט, —

„דערקלערט דער קאָנגרעס, אַז ער ווייזט צוריק יעדן מין סאָ־לידאַריטעט מיט יאָהאַן מאָסט און באַטראַכט אים פאַר אויסגע־שלאָסן פון דער סאָציאַליסטישער אַרבעטער פּאַרטיי“. — די רע־זאָלוציע איז אָנגענומען געוואָרן מיט אַלע געגן צוויי (עס זיינען אַלזאָ דאָך געווען צוויי!) שטימען דאַגעגן.

וואָלט מאָסט און זיין „פרייהייט“ שוין דאַן געווען אַנאַר־כיסטיש, וואָלט די גאַנצע רעזאָלוציע ניט נויטיק געווען. עס וואָלט איינפאַך געהייסן: מאָסט איז אַן אַנאַרכיסט.

דאָס, ווי געזאָגט, איז פאָרגעקומען אין אויגוסט 1880. אין מערץ 1881 — קנאַפּע 7 חדשים שפּעטער — איז מאָסט שוין גע־ווען אין טורמע פאַר זיין אַרטיקל „ענדלאַך!“, וועגן וועלכן עס וועט שפּעטער גערעדט ווערן. אין די קורצע עטלאַכע חדשים וואָלט דאָס מאָסט געוואָרן אַן אַנאַרכיסט. פון דער ענגלישער געפענגע־

ניש איז ער ארויסגעקומען דעם 26טן אָקטאָבער 1882 און איז גלייך אוועק קיין אמעריקע.

ניט אכטענדיק אויף דעם, וואָס דער ווידענער קאָנגרעס האָט מאָסט'ן דערקלערט „אלס אויסגעשידן פון דער פּארטיי“, האָט מען אים, פונדעסטוועגן, געמאכט דעם קאָמפּלימענט אויסצושטרייכן דאָס וואָרט „געזעצלאכע“, וואו דאָס פּארטיי־פּראָגראם רעדט וועגן די מיטלען, מיט וועלכע דער סאָציאליזם ווערט פארווירקלאכט. מחשבות'ן, דעם פאָרשלאג צו שטרייכן יענעם וואָרט האָט דעמאָלט געמאכט דער שפּעטערדיקער רעדאַקטאָר פון אונזער דייטשער „פאָלקסצייטונג“, הערמאַן שליטער.

אויף דעם זעלביקן קאָנגרעס האָט א רעדנער געזאָגט: „ערשט מאָסט האָט געוויזן דעם וועג, אויף וועלכן די ארבעטער מוזן גיין. דער „סאָציאל־דעמאָקראט“ איז אין אָנהויב געווען צו בלאָס, דאָס פאָלק איז רעוואָלוציאָנער“. — נאָך עפּעס:

גוטסמאַן (פון באַזעל אין דער שווייץ) האָט דערקלערט, אז די שווייצארישע פּארטיי איז דורך דעם געקומען נעענטער צו מאָסט'ן, וואָס דער צענטראַל־אָרגאַן **איז ניט גלייך דערשינען אין אויסלאנד**. די פּארטיי „מוז בלייבן אויף דעם פּראָלעטאַריש־רעוואָלוציאָנערן שטאנדפונקט“.

דאָס זיינען שטימען, וואָס גיבן מאָסט'ן, דעם אויסגעשלאָסע־נעם, רעכט. אן אנדער שווייצער גענאָסע, שובערט, באמערקט: „א טייל פון די שווייצער פּארטיי־גענאָסן האָבן דערוואַרטעט (נאָכן אריינקומען אין קראַפט פונם סאָציאליסטן־געזעץ) „א גוואַלט־זאַמע רעוואָלוציע“. דער דאָזיקער רעדנער האָט, פארבייגייענדיק, פארדאַמט מאָסט'ס „שימפּערייען“.

אן אנדער גענאָסע האָט געזאָגט, אז עס איז געווען א גרוי־סער פעלער, וואָס מען האָט ניט פאָרטגעזעצט דעם פּארטיי־אָרגאַן אין אויסלאנד. די אונטערברעכונג וועט איצט קאָסטן פיל מי, די צייטונג אומעטום איינצופירן.

א ייד־דייטשער גענאָסע האָט אויסגעדריקט די מיינונג, אז עס איז ניט געווען נויטיק **צו וואַרטן א פולן יאָר**,

כדי צו גרינדן דעם „סאָציאַל־דעמאָקראַט“. מען האָט לייכט גע־קענט פּאָראַויסזען, וואָס וועט קומען פון די רייכסטאַג־דעבאַטן. דאָס איז ניט די פירער צו פאַרדאַנקען, וואָס די פּאַרטיי עקזיס־טירט נאָך. די פּאַרטיי־געגנאָסן אַליין האָבן געדרונגען דערצו, אַז אַ פּאַרטיי־אָרגאַן זאָל געשאַפן ווערן. מיט דעם „לאָנדאָנער שונד“ (מיינענדיק די „פרייהייט“) איז מען זייער גיך פאַרטיק געוואָרן.

ווי מען זעט — און דאָס זיינען לויטער ציטאַטן פון דעם אָפּי־ציעלן פּראָטאָקאָל — זיינען די מערסטע געגנער פון דער פּאַרטיי־פירערשאַפט דורכאויס ניט קיין פריינט פון מאָסט. — קיין נעמען זיינען אין פּראָטאָקאָל ניטאָ חוץ אין דעם פאַל פון שווייצער חברים. דער קאָנגרעס איז געווען אַ געהיימער.

די פּאַרטיי האָט אַלזאָ געדאַרפט אַ יאָר צייט אַרויסצוקומען מיט איר צענטראַל־אָרגאַן, וואָס האָט געזאָלט פאַרנעמען דעם אָרט פונם אונטערדריקטן לייפּציגער „פאָרווערטס“. דאַגעגן האָט מאָסט, פון טורמע אַרויס דעם 16טן דעצעמבער 1878, שוין געהאַט זיין „פרייהייט“ אויף דער גאַס צען טעג שפּעטער מיט קאָפּיעס, וואָס זיינען אָנגעקומען אין אָנהויב 1879 אין דייטשלאַנד.

מען האָט זיך געערגערט, וואָס ער האָט ניט געוואַרט אויף דער הסכמה פון זיינע אַלטע גענאָסן. מאָסט האָט זיי זייער גוט גע־קענט. צי ער איז געווען אַ שד, אָדער ניט, ער איז זיכער געווען אַ טיכטיקער ענערגישער מענטש, בעת זיינע חברים האָבן גאָרנישט געטאָן און כסדר געיאָמערט איבער די „רואינירטע עקזיסטענצן“ דורך דעם סאָציאַליסטן־געזעץ.



# דער סאָציאַליזם פון די אַכציגער יאָרן

די וויסנשאַפטלאַכקייט און די אידן. — מאַרקסיזם מי יודע? — די פיינטלאַכע ברידער. — דער פּראָגראַם פונ׳ם „ארבעטער פריינד“ און דער פארעווער לאַקשיזם. — מיין פאָרשטעלונג פון די ביידע ענדצילן.

עס איז קיין צווייפל ניטאָ, אז דער דורכשניטלאַכער קריטיקער פון היינטיקן דור וואָלט, לייענענדיק די ערשטע אידישע אויסגעשפּראָכן־סאָציאַליסטישע צייטשריפט, קומען צו א פאלשן שלום. ער וואָלט זיכער ווערן איבערצייגט, אז די אידישע סאָציאַליסטן זיינען דאמאָלט נאָך געווען זייער „רוי“ אין דעם „וויסנשאַפטלאַכן“ סאָציאַליזם און אז זיי האָבן וועגן פיל זאכן געהאַט א גאנץ נאַאיווע, ערטערווייז זאָגאר „אוטאָפּיסטישע“ אויפפאסונג.

וואָלט דער דאָזיקער קריטיקער דערצו נאָך געווען איינער פון יענע אידישע זעלבסט־שמייסערס, וועלכע זיינען כסדר אַנטוישט פון אידישע באוועגונגס־רעזולטאַטן, וועלכע האלטן כמעט די אידישע סאָציאַליסטן פאראנטוואָרטלאַך פארן עיכוב־הגאולה אין דער וועלט בכלל, וואָלט ער אף דער אונטערזוכונג פונ׳ם „ארבעטער פריינד“ געבויט א גאנצע טעאָריע, כדי צו באווייזן, אז דער איד איז א מין סאָציאַל־פּאָליטישער לא־יוצלח, אן אויבערפלאַכלאַכער גמרא־קעפּל און אלס א פארטיי־מאַן איינער, וואָס דער טייטש רופט ניט „זאטלפעסט“.

צו דעם דאָזיקן פאלשן שלום וואָלט ער געקומען נאָר דער־פאר, ווייל ער וואָלט באאורטיילט די צייט פון א פערטל יאָר־הונדערט צוריק, ארויסגייענדיק פון דעם שטאַנדפּונקט, אז דער

מאַרקסיזם איז פאַר דעם אידישן „סאָציאַליסט־משכיל“ געווען נאָך צו שווער (הגם אַ גמרא־קעפּל באַנעמט, דאַכט זיך, אַלץ!) און אַז דער איד איז בטבע אַן עקסצענטריק, אַ נאַטירלאַכער פאַרקריכער אין האָצע־פּלאָצע, אַ בעל־חלומות, וואָס מוז אין דער יוגנט, ווי יוסף, חלומ'ן פון ווערן פון אַ פּאַסטוכל איינער וואָס צו אים בוקן זיך אַ זון, אַ לבנה און עלף שטערן, בקיצור, אַן אַנאַרכיסט, וואָס זיין אידעאַל איז דער העכסטער און אַ כפּרה די וועלט.

דער אמת איז, אַז אין דער צייט, ווען אונזער „אַרבעטער פריינד“ איז געגרינדעט געוואָרן, זיינען מיר אידן אויף קיין פאַל ניט געווען רויער און ריקשטענדיקער ווי אַנדערע און אַז דער גאַנצער היינטיקער*) סאָציאַליזם, ווי ער ווייזט זיך אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע פון אַלע פינף ערד־חלקים, איז נאָך דאַן געווען אַ מין צוקונפט־מוזיק אַ סך ווייניקער אַלגעמיין אנערקענט ווי וואַגנערס — מיט צען־פופצן יאָר פריער.

די וואָס האָבן ניט דורכגעלעבט די קינדער־יאָרן פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע דאַרפן נאָר בלעטערן אין מעהרינג'ס געשיכטע אום צו זען, אַז אפילו אין דייטשלאַנד איז די אויפקלערונג און דאָס וואָס בא אים, מעהרינג, הייסט די „וויסנשאַפטלאַכע“ זאַמלונג געקומען שפּעט און געגאַנגען לאַנגזאַם.

אין זיין הקדמה צו „די קלאַסנגעגנזעצע אים צייטאַלטער דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן“ זאָגט קאַרל קאַוטסקי, אַז אין דעם 1883 ווען די „נייע צייט“ (די וויסנשאַפטלאַכע צייטשריפט פון דער דייטשער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע) איז געגרינדעט געוואָרן און — לאָמיך פון זיך צולייגן — ווען מאַרקס איז געשטאָרבן, איז דער היסטאָרישער מאַטעריאַליזם און דער מ א ר ק ס י ז ם ב כ ל ל נאָך געווען ווייניק „באַאַכטעט“ און נאָך ווייניקער פאַרשטאַנען אין סאָציאַליסטישע קרייזן.

---

*) אין יאָר 1910.

קאוטסקי וויל האָבן, אַז די „צוקונפט", אַ סאָציאַליסטישע מאָ־נאטשריפט, וועלכע איז דערשינען אין 1877—1878 און איז געווען דער וויסנשאפטלאכער אָרגאַן פון דער פּאַרטיי, הגם ניט אָפיציעל, האָט קיין שום באַגריף ניט געהאַט פון דער מאַרק־סיסטישער געשיכטס-אויפפאסונג. ערשט אין 1889 געפינט קאוטסקי אַ קלאָר פארשטענדעניש פונם מארקסיזם בא געד און לאַפּאַרג אין פראנקרייך, בא אַקסעלראָד און פּלעכאַנאָוו אין דער רוסישער סאָציאַליסטישער ליטעראַטור און אָט-דער מארקסיזם איז דאַן שוין אַלגעמיין פארשפרייט אין אַנדערע לענדער.

און ניט נאָר איז די „צוקונפט", נאָך קאוטסקיס מיינונג, געווען פריי פון מארקסיזם, נאָר אויך דער „יאָרבוך" פון דר. ריכטער, וועלכער האָט אין דעם אָנהויב פון די אַכציקער יאָרן פאַרנומען דעם אָרט פון יענעם זשורנאַל, איז געווען אונטער אַלע קריטיק נאָך דער מיינונג פון מארקס אַליין. באַטראַכט גוט „דאס עלענדע פּאַבריקאַנט" — שרייבט ער צו זאָרגע קיין ניו יאָרק אין דעם יאָר 1879 און רעדט דערפון מיט פאראַכטונג אַ יאָר שפּעטער. אין דעם דאָזיקן „יאָרבוך" אָבער האָט קאוטסקי, אויב איך האָב ניט קיין טעות, געשריבן זיינע ערשטע באַדייטנ־דיקע מאמרים — דערזועלביקער קאוטסקי. ..

**
*

איך האָב שטארק מורא צו לאַנגווײַלן דעם לעזער, אָבער איך מוז זיך אָפּ דעם דאָזיקן פּונקט אָפּשטעלן אַ האַרעלע לענ־נער. מיר איז וויכטיק קלאָר צו מאַכן און אַזוי ווייט ווי מעג־לאָך צו באַווייזן מיין באַהויפּטונג, אַז אין דער צייט, אַרום וועלכער דאָ ווערט געבראכט, איז נאָך דער היינטיקער מארקסיזם געווען „קאַוויאַר פארן גענעראַל" און דער גרויסער סאָציאַליסטי־שער עולם האָט נאָך געטאַפּט אין דער פינסטער.

אין דעם יאָר 1880 געפינט מאַרקס, אַז מאָסט — דעמאָלט נאָך אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט — איז ניט נאָר שרעקלאַך איינגע-

בילדעט און פול פון גאוה, נאָר אַז ער פאַרשטייט אבסאָלוט ניט „די דאָקטרין", דאָס הייסט, נאַטירלאַך דעם וויסנשאַפטלאַכן סאָ־ציאַליזם. דערביי האָט אָבער מאַסט ניט נאָר געהאַט אין יע־נער צייט הינטער זיך אַן אינטערעסאַנטע פאַרגאַנגענהייט, אין וועלכער עס ווארפן זיך אין די אויגן אַ האַלב טוץ פאָפּולערע בראָשורן, עטלאַכע אַלגעמיין באַקאַנטע און געזונגענע פאָלקס־לידער, צוויי רייכסטאַג־פּעריאָדן, אין וועלכע ער איז געווען צוויי מאָל געוויילט צום פאַרלאַמענט, חוץ פינף־זעקס יאָר טורמע, — אַלזאָ ניט נאָר דאָס אַליִ, נאָר עטוואָס, וואָס איז דאָ פאַר אונ־זער ענין נאָך וויכטיקער.

דער דאָזיקער מאָסט וועלכער האָט אין מאַרקס'עס אויגן קיין באַגריף ניט פון דער „דאָקטרין", האָט פונדעסטוועגן אין דער דאָזיקער פאַרגאַנגענהייט דער ערשטער פּאָפּולאַריזירט די עקאָנאָמישע לערע פון מאַרקסן. אמת, מעהרינג און, נאָך אים, אַנדערע ווערן ניט מיד ארונטעררייסנדיק מאָסט'ס מאכווערק, אָבער דאָס דאָזיקע מאכווערק איז, ווי מיר ווייסן איצטער, גע־דרוקט געוואָרן מיט דער הסכמה און אונטער דער השגחה פון מ א ר ק ס א ל י י ן. עס קלינגט דערפאַר קאָמיש, ווען דער „פּאָפּולאַריזאַטאָר" פון מארקס ווערט באַשולדיגט אין „אבסאָלוטער אונקענטנים" פון דער לערע. אויב דאָס איז אַזוי — און דאָס ליינט זיך אָפּן שכל צוליב די שווער־פאַרשטענד־לאַכקייט פון דער „דאָקטרין" אין יענער צייט — דאַן וואָלט דאָס אַליין באַוויזן, אַז מ'האָט קיין רעונט ניט געהאַט פיל מער צו פאַרלאַנגען פון א ו נ ז.

צום סוף פונם יאָר 1881, ריידנדיק וועגן היינדמאַנ'ס בראָ־שור „ענגלאַנד פאַר אַלעמען", ערקלערט מארקס דעם מחבר פון דער בראָשור פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט אפילו ניט די געדולד עטוואָס צו שטודירן ווי מען דאַרף. זיין בראָשור, פונדעסטוועגן, אַזוי ווייט ווי זי „לאַטכעט" („פילפערס" — דער בריוו איז אין ענגליש) פונם „קאַפּיטאַל" איז גוט פאַר דער פּראָפּאַגאַנדע. היינדמאַן איז איבעריגנס אי פאַר מארקס, אי פאַר ענגעלס די

גאנצע צייט פון זייער לעבן א דארן אין אויג, אבער דאס איז דא פאר אונז ניט וויכטיק.

אנדערהאלבן יאר שפעטער, אין אפריל 1883 שרייבט ענ־געלס צו זארגע וועגן דער ניו יארקער „פאלקס־צייטונג" און ער פארדאמט אלס מענטשן וואס ווילן אלץ בעסער ויסן און ווייסן אין אמת'ן „פארדאמט ווייניק, אלע צוזאמען און יעדער באַ־זונדער", אזעלכע מענטשן ווי שעוויטש, קונא, הוא און אדאלף העפנער, הוא העפנער, וואס פיגורירט אין דעם בארימטן לייפציגער האכפעראט־פראצעס, און וואס איז שוין מיט אכט יאר פריער געווען א מיטארבעטער אין דעם צענטראל־ארגאן פון דער פארטיי אין דייטשלאנד.

אבער אפילו אין 1886, דאס הייסט ארום דער צייט ווען דער „ארבעטער פריינד" איז שוין אלט געווען א יאר, גיט ענ־געלס א באריכט וועגן דער אלגעמיין־ענגלישער באוועגונג, אין וועלכן ער רופט היינדמאנען און זיינע חברים „פאליטישע שטרעבער", וועלכע אלץ „פארדארבן". וויליאם מאריס'ן רופט ער א „געפילס־סאציאליסט" און בעלפארט באקס'ן — א „פי־לאזאפישן פאראדאקסן־יעגער". באקס, לאמיך דא, אגב אורחא, באמערקן, האט נאך ביז היינטיקן טאג ניט אינגאנצן אנערקענט דעם היסטארישן מאטעריאליזם און איז אין דעם פרט געווען א רעוויזיאניסט. עס וואלט זיך זאגן, א בערנשטייניאנער, פאר בערנשטיינען.

אין דעמזעלביקן יאר שרייבט יאזעף דיעטצגען, דער אר־בעטער־פילאזאף פון דער דייטשער סאציאל־דעמאקראטיע, וועל־כער האט זיך דאן געהאט באזעצט אין שיקאגא, צו דעמזעל־ביקן זארגע, אייניקע ציילן (אין א בריוו), וועלכע איך ציטיר דא, כדי פטור צו ווערן פון זארגע'ס בריפוועקסל, הגם די צי־טאטע וועט מיר ערשט שפעטער צוניץ קומען אין דעם ראזיקן ארטיקל. דיעטצגען זאגט דארטן בזה הלשון:

„איך אליין לייג זייער ווייניק געוויכט אף דעם אונטער־שייד צווישן „אנארכיסט" און „סאציאליסט", ווייל מיר שיינט

אַז מען מאַכט געוויינלאך פון דעם דאָזיקן אונטערשייד צופיל
ווערט. אויב די אַנאַרכיסטן האָבן צווישן זיך משוגענע גע־
וואַלט־מענטשן, זיינען די אַנדערע דערפאַר געבענשט מיט
פּחדנים (אַנגסטמייער), דערפאַר זיינען זיי מיר גלייך ליב —
די איינע ווי די אַנדערע; די מייסטע באַ ביידע פּראַקציעס
דאַרפן נאָך ערשט דערצויגן ווערן. מיט דער דערציאונג וועט
שוין דער אויסגלייך צווישן זיי ממילא קומען".

באַמערקן וויל איך נאָך, אַז דיעטצגען, דער רואיקער גע־
לערנטער, דער שטילער דענקער און קאַבינעט-פילאָזאָף, איז גע־
ווען אַף אַזוי וייט קאָנסעקווענט, אַז ווען די שיקאַגער אַנאַר־
כיסטן און צווישן זיי די פירער פון דער „ארבעטער צייטונג"
אין יענער שטאָט, זיינען אַרעסטירט געוואָרן נאָך דעם באַ־
קאַנטן הײמאַרקעט־מיטינג, איז ער, דער אַלטער דיעטצגען, אריינ־
געשפּרונגען אין דעם קאַמף, איבערנעמענדיק די רעדאַקציע פון
אַ פּראָלעטאַרישן קאַמף־אָרגאַן, פאַר וועלכער ער האָט בטבע
ניט געהאַט ניט קיין לוסט, ניט קיין ספּעציעלע פייאיקייט און
אויך ניט קיין דערפאַרונג.



בדרך כלל וועט ניט שאַדן צו געדיינקען, אַז כמעט דורך
די גאַנצע אַכציקער יאָרן מערקט זיך פון איין זייט אַ צעטומל־
טער לעבן אין די קעמפנדיגע רייען פון די סאָציאַליסטן פון אַלע
ריכטונגען, און אַנטוויקלונג אין דער טעאָריע. זינט די אַנאַר־
כיסטן האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטן אין
דעם יאָר 1873, איז אייראָפּע, אָדער ריכטיקער דער אייראָפּיי־
אישער קאָנטינענט (ווייל ענגלאַנד איז פאַר אַ געוויסע צייט מיט
דעם אונטערגאַנג פונם אינטערנאַציאָנאַל כמעט אַרויסגעגאַנגען
פון דער באַוועגונג) געווען אַזוי צעטיילט, אַז דער צפון איז
געוואָרן וואָס אַ יאָר אַלץ מער סאָציאַל־דעמאָקראַטיש און דער
דרום אַלץ מער אַנאַרכיסטיש. דאָס האָט געדויערט ביז דעם
יאָר 1889.

א סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אַלס פּאַרטיי מיט אַ מער אָדער ווייניקער קלאָר אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם און מיט אַ באַדייטנדיקע צאָל מיטגלידער האָט געהאַט נאָר דייטשלאַנד. אין די לענדער אויף דעם סקאַנדינאַווישן האַלב-אינזל און אין עסטרייך האָט די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע זיך פעסט באַזעצט אַרום דער צייט, ווען מיר האָבן אַרויסגעבראַכט דעם „אַרבעטער פריינד“, און אין רוסלאַנד האָט די גרופּע „אָסוואָבאָזשדעניע טרודאַ“ אָנגעפאַנגען זיך צו לאָזן הערן מיט אַ יאָר פריער, אָבער איר באַדייטונג איז געווען מער טעאָרעטיש ווי פּראַקטיש און אירע וואָרטפירער זיינען געווען אין אויסלאַנד. די סאָציאַל-דעמאָקראַטיע (די „אַרבעטער-פּאַרטיי“) אין בעלגיען פייערט ערשט איצט *) איר 25-יעריקן יובילײַ, וואָס דאָס האָט צו באַדייטן, אַז זי האָט אויך ערשט אָנגעפאַנגען צו ווירקן אין דער זעלבער צייט ווי „ישראַליק“ האָט זיך באַוויזן אין דער וועלט מיט זיין פרעס-אָרגאַן אין די הענט, אַרום יענער צייט איז אויך שוין געמאַכט געוואָרן די ערשטע פּראָבע צו גרינדן אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אין ענגלאַנד. די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע פעדעריישאָן, מיט היינדמאַן אַלס פירער, איז דערשינען אויף דער אַרענאַ, און איר וועכטנלאַכע צייטונג „דזשאַסטיס“ איז אַרויסגעקומען צום ערשטן מאָל אין דעמזעלביקן חודש, אויב ניט דיזעלביקע וואָך, ווי מיין „פּוילישער אידל“. די פעדערייש‍אָן איז אָבער לאַנג געבליבן דער פּאָליטישער אויסדרוק פון אַ סעקטנבאַוועגונג און האָט ביז היינטיקן טאָג דער עיקר אַ ווערט אַלס פּראָפּאַגאַנדע-געזעלשאַפט.

אויף דעם אופן איז אין די אַכציקער יאָרן נאָר אין דייטשלאַנד געווען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטיע אין דעם פולן זין פונם וואָרט. אָבער אפילו דאָרטן איז די זון, ווי אין די ערשטע דריי טעג פון די ששת ימי בראשית, געווען אין איר שייד פון הערבסט 1878 ביזן זומער פון 1890 און ערשט מיט דעם פאַל פון דעם

*) אין 1910

אנטי-סאָציאַליסטן נעזוצט האָט איר ליכט, מיט זיינע מאַרקסיס־טישע שטראַלן, געגומען לייכטן און וואַרעמען דייטשלאַנד און אַלע אַנדערע לענדער, וועלכע האָבן געלעבט פון איר השפעה.

אונטער די דאָזיקע אומשטענדן איז געווען ניט מער ווי נאַטירלאַך, אַז בא די אידישע סאָציאַליסטן זאָל זיין ניט פיל מער קלאָרקייט ווי אַנדערשוואו.

און איצט נאָך אַ וואָרט און איך בין מיט דער דאָזיקער אַלגעמיינער שילדערונג פון די פאַרהעלטענישן צו־ענד. איך וויל אַליין אויך שוין צוריקקומען צו „זיך".

אין דער גאַנצער צייט פון די אַכציקער יאָרן האָט געהערשט אַ סך אומקלאָרקייט ניט נאָר בא די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, נאָר אויך בא די אַנאַרכיסטן. מען איז געווען אַרויסגעוואַקסן פון פרודאָנס אידייען: מען איז ניט געווען גאַנץ זיכער, וואָס פאַר אַן אינהאַלט די פון מויל־צו־אויער־געשעפּטשעטע פּראָפּאַגאַנדע דער טאַט דאַרף האָבן און מען האָט אָנגעפאַנגען צווייפלען אין דעם כלל אַז „וואָס ערגער איז בעסער". די נייע קאָמבינאַציע פון אַנאַרכיזם־קאָמוניזם האָט זיך ניט געלייגט אַלעמען אַפן שכל, מחמת דער גענוס־קאָמוניזם זעצט פאַראויס און מאַכט פאַר נויטיק אַ פּראָדוקציע־קאָמוניזם און פילע וואָלטן, ווי פריער באַ־קונין, זיך ערקלערט פאַר געגנער פונם קאָמוניזם און פאַר אָנ־הענגער פונם קאָלעקטיוויזם ווען די דאָזיקע קאָמבינאַציע וואָלט ניט געווען אַזוי פּאָפּולער אין אַנאַרכיסטישע קרייזן. דער אמת איז, אַז בא אַ קאָלעקטיוויסטישע אָרדענונג, וואו יעדער קריגט אַזוי פיל, וויפיל ער פאַרדינט לויט נאָך זיין טייל אַרבעט אין דער געזעלשאַפט, איז לייכטער מעגלאַך אַ העכער גראַד פון פערזענלאַכע פרייהייט ווי בא קאָמוניזם, וואו יעדער טוט וואָס ער קען און קריגט וואָס ער באַדאַרף. אין דעם ערשטן פאַל בין איך פריי צו טאָן וואָס איך וויל און ווען איך וויל און וויפיל איך וויל, מחמת איך פאַרלאַנג ניט קיין לוין חוץ פאַר דאָס, וואָס איך האָב אויפגעטאָן פאַרן כלל. אין דעם צווייטן פאַל (באַם קאָמוניזם) בין איך מאָראַליש פאַרפליכטעט צו טאָן וואָס

איך קען, צי איך וויל צי ניט, ווייל איך קריג אלץ וואס איך באדארף צי מיינע לייסטונגען גיבן מיר א רעכט דערצו אדער ניר



צו דערזעלביקער צייט איז דער אינדוסטריעלער אנטוויקלונגס־פראצעס געגאנגען זיין גאנג, זיך ניט קימערנדיק וועגן דעם, וואס אנארכיסטן און סאציאל־דעמאקראטן ווילן און וואס זיי זאגן. מען האט אין אנארכיסטישע קרייזן אלץ מער און מער געפילט, אז אויב „איש הישר בעיניו יעשה“ איז געווען מעגלאך אין די גוטע אלטע צייטן פון איינצלנע באלמעלאכעס מיט העכ־סטענס א „פאדמאסטעריע“ און א לערן־איינגל בא ווארשטאט, איז דאס געווארן אלץ שווערער און שווערער וואס קאמפליציר־טער עס איז געווארן די פאבריק און וואס מער עס איז געווארן צעטיילט די ארבעט. איצט, למשל, ווען איין שוך ווערט גע־מאכט פון 95 מענטשן אין איין פאבריק אף איינמאל; איצט הייסט דאס, ווען א שוך־ארבעטער מאכט ניט מער ווי א 95טן טייל פון א שוך און זיין ניט־ארבעטן וואלט אפשטעלן די אר־בעט פון אנדערע 94, איז דער איש־הישר א. אז. וו. א פסוק מיט אן ארויסגעקלאפטן דעק, לאנג שוין אן אן אינהאלט.

און עס האבן זיך צו יענער צייט געפונען אנארכיסטן, וועלכע האבן (אף אן אנדער אופן און פאר אן אנדער צוועק ווי דער אין דעם פריערדיקן קאפיטל געשילדערטער יונגערמאן) געחלומט וועגן אזא געצייג, וואס זאל זיין אזוי פולקום, אז איין מענטש, ארבעטנדיק פאר זיך אליין, — ווען, וואו, און ווי ער וויל, נאטירלאך! — זאל קענען אויפטאן אזויפיל ווי היינט אן ארבעטער אין א גרויסער פאבריק.

וועגן דעם דאזיקן „פארפולקומטן געצייג“ האט דאן גע־חלומט און מיר דערציילט, זיצנדיק בא מיר איין זונטאג אין

דער פּרי, אַזאַ קלוגער, פּאַרנינפטיקער און ניכטערער מענטש, ווי ניקאָלאַי וואַסיליעוויטש טשאַיקאָווסקי.

און איצט קען איך ענדלאַך קומען צו אונזער אייגענעם פאַל.

צי עס איז אמת, וואָס בערנשטיין זאָגט וועגן מאַרקסן אָדער ניט, היינו, אַז ער איז ביזן סוף געבליבן אַ האַלבער בלאַנקיסט (רעוואָלוציאָנער) און אַ האַלבער עוואָלוציאָניסט, דאָס הייסט, אַ סאָציאַל־רעוואָלוציאָנער מיט און אָן אַ קלאַדדעראַדאַטש — און איך גלויב, אַז אין דעם פּרט איז בערנשטיין זיכער גערעכט — יעדנפאַלס, איז דאָס ריכטיק בנוגע צו אונז, די אידישע סאָציאַליסטן פון יענער צייט. די נפקא־מינה צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן איז הויפּטזאַכלאַך באַשטאַנען דאַרין, וואָס די ערשטע האָבן געשריען: „עס לעבע די סאָציאַלע רעוואָלוציע!“ דערביי נעמענדיק אַן אַנטייל אין דער פּאָליטיק אַלס אַ מיטל — איינעם פון די מיטל — צוצוגרייטן די דאָזיקע סאָציאַלע רעוואָלוציע, בעת די לעצטע, די אַנאַרכיסטן, האָבן פון קיין אַנדער זאַך ניט געוואָלט הערן ווי אַ פולשטענדיקע „אומוועלצונג“ און... צום טייוול מיט אַלע פּאַליאַטיוון, באַבסקע רפואות, פּאָליטיק און גאַלקעס!

אָבער אי די, אי יענע האָבן ערנסט געשטרעבט צו אַ גע־וויסן, קלאָר־אויסגעמאָלטן אידעאַל — צייטנווייז אויסגעמאָלט מיט אַלע קליפּערלאַך, וועלכער האָט געזאָלט פּאַרווירקלאַכט ווערן ניט אין דער ווייטער, ווייטער צוקונפט דורך אַ לאַנגע, לאַנגע רייע פון עוואָלוציאָנס־עטאַפּן, נאָר טאַקע אף אַמאָל, בבת־אחת „אים האַנדאַומדרייען“ — ווי די טייטשן זאָגן, אי די אי יענע האָבן געקלערט, אַז די רעוואָלוציע וועט מוזן זיין אַ געוואַלט־זאַמע, אַ בלוטיקע מער נישט, די אַנאַרכיסטן האָבן דאָס גע־שריען, וואו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן עס געזאָגט אָדער זיי האָבן עס ,געזאָגט, וואו יענע האָבן עס פּאַרשוויגן הצד השוה שבהם, אַז זיי האָבן ביידע געגלויבט אין „דעקעטורען“ די אָפּשאַפונג פון פּריוואַט־אייגנטום, לוין־סיסטעם און דערגלייכן

און האָבן העכסטנס דערלויבט אַ קורצן איבערגאַנגס-פּעריאָד, נאָך וועלכער די סאָציאַליסטישע אָרדנונג וועט זיין „איינגעפּיקסט" — פּיקס און פאַרטיק. און דאָס איז געווען דער פאַל ניט בא אונז אידן אליין: די דריי „טשירס פאַר דער סאָציאַלער רע-וואָלוציע" וועלכע פלעגן געגעבן ווערן אויף יעדן מיטינג פון די סאָצ. דעמ. פּעדערײשאָן, זיינען יעדעסמאָל געווען געגנוי אַזוי הארציק און ענטוזיאַסטיש ווי בא די אַנאַרכיסטן. מענטשן פלעגן זיך פילן צום סוף פון יעדן מיטינג פונקט אַזוי עקזאַל־טירט און באַגייסטערט דורך די דאָזיקע דריי„טשירס", ווי עס פילן זיך, למשל, אמת־פרומע אידן נאָך דעם לעצטן שמע ישראל יום-כפּור צו נעילה.

פונדעסטוועגן איז בא די אומות־העולם אַרום אונז, איבער־הויפּט בא די ענגלענדער און אַנגליזירטע טייטשן, געווען אַ מחיצה צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אַנאַרכיסטן: די פּאָליטיק. עס איז אמת, שטימען האָבןביידע ניט געקראָגן: די האָבן ניט געוואָלט קריגן, יענע האָבן האָבן ניט געקענט. אָבער בירגער זיינען זיי געווען, שטימבארעכטיגטע אונטערטאַנען פון וויקטאָ־ריא, קעניגין פון גרויסבריטאַניען און אירלאַנד, קייזערין פון אינ־דיען א. אז. וו., א. אז. וו. — בא אונז אָבער איז דאָס אויך ניט געווען דער פאַל. עס איז קיין איבערטרייבונג ניט צו זאָגן, אַז ניט נאָר צווישן אונז, די אידישע סאָציאַליסטן, נאָר אפילו צווישן די איינגעוואַנדערטע אידן בכלל איז אַרום יענער צייט ניט געווען ניט איין איינציגער בירגער. אויף דעם אופן איז בא אונז דער גאַנצער פּאָליטישער קאַמף געווען אַן אַקעדעמישע פראַגע, אָן יעדער שייכות מיט דעם לעבן, דאָס הייסט מיט דעם לעבעדיגן לעבן, אין דער אמת'ער וועלט, אַרויס פון אונזערע ד' אמות.



אָבער אויב דער פּאָליטישער קאַמף איז צו אונז דירעקט

ניט נוגע, איז די פראַגע —

ערשטנס, וואָס דען טיילט פאַנאַנדער אונזערע סאָציאַל־דעמאָקראַטן פון אונזערע אַנאַרכיסטן;

צווייטנס, אויב דאָס וואָס טיילט זיי פאַנאַנדער איז מער־טיקער ווי דאָס וואָס זיי האָבן בשותפות און

דריטנס, אויב דאָס, אין וואָס זיי זיינען אייניק איז וויכ־טיקער ווי דאָס, וואָס טיילט זיי פאַנאַנדער, צי איז ניט מעג־לאַך, אַז זיי זאָלן פאַר זיך געפינען אַ געמיינשאַפטלאַכע טעטיג־קייט, און אין וואָס זאָל די דאָזיקע טעטיקייט באַשטיין?

אַף די אַלע פראַגן איז דער ענטפער געווען — דאָס הייסט אין אָנהויב, בשעת דער „אַרבעטער פריינד“ איז געגרינדעט גע־וואָרן — פאָלגנדער:

אמת, די אַנאַרכיסטן קענען קיינמאָל ניט זיין איינפאַרשטאַ־נען מיט סאָציאַל־דעמאָקראַטן אין דער טאַקטיק אַזוי גוט ווי אין פּרינציפּ, ווייל זיי ערקענען ניט אָן דאָס רעכט פון רע־פּרעזענטאַציע פון מענטשן דורך אַ מענטשן; ווייל זיי לאָזן ניט צו, אַז אַ מאַיאָריטעט זאָל „הערשן“ איבער אַ מינאָריטעט און, ענדלאַך, דערפאַר ווייל זיי ערקענען ניט אָן אין דער געזעל־שאַפט קיין געזעצ, קיין אויטאָריטעט, קיין פּאָליציייסקן און קיין פירער.

פונדעסטוועגן פאַראייניגט ביידע ריכטונגען אַ באַשטרע־בונג צו אַ גערעכטערן און פרייערן געזעלשאַפט סיסטעם, וואָס דאָס דאַרף זיך אַרויסווייזן מעכטיגער און צוזאַמענהאַלטן, ווי די דיפערענצן אין פאַנאַנדערטיילן, און —

דערפאַר דאַרפן זיי קענען צוזאַמענגייען אין אַלע פראַגן, וואָס זיינען נוגע צום לעבן פונם אַרבעטער היינטיקן טאָג, אין דער איצטיקער געזעלשאַפט, און זייער הויפּט־טעטיקייט אַף אַ גע־מיינשאַפטלאַכן באָדן דאַרף פאַר זיי זיין די גרינדונג פון די יו־ניאָנס, די פירונג פון סטרייקס, די אויפהאַלטונג פון אַ געמיינ־שאַפטלאַכער פּרעסע, אַ קלוב און אַנדערע זאַכן, ווי, למשל, אַ ביבליאָטעק, אַ לעזעצימער וכדומה. דאָס איז נאָך לייכטער דורכ־

צופירן דערפאר, ווייל דער פאליטישער קאמף איז ניט נאר איצט ניט מעגלאך, נאר וועט פאר אידישע ארבעטער אויך אין דער צוקונפט בלייבן אן אקאדעמישע פראגע, ווייל דער ווערן א בירגער קאסט אין ענגלאנד מער געלט וויפיל אן ארבעטער קען פארדינען אין פינף־זעקס וואכן.

און קומענדיג צו אט־דעם שלום, האבן מיר, סאציאל־דעמאקראטן און אנארכיסטן, צוזאמען ארויסגעגעבן דעם ערשטן נומער „ארבעטער פריינד" — מיט דער פארשטענדיגונג, אז קיין ריכטונג זאל ניט זיין די הערשנדיקע, ניט אין קלוב און ניט אין דער צייטונג. אין „ארבעטער פריינד" איז אפגעגעבן געווארן אין דעם ערשטן נומער די פייערלאכע דערקלערונג אז —

„דער „ארבעטער פריינד" וועט איבערהויפט ניט זיין א פארטייאישע צייטונג, דאס הייסט, ער וועט אננעמען אלע וויכטיגע מיינונגען איבער פארשיידענע סאציאלע פראגן, אפילו ווען דיזאזיקע מיינונגען וועלן ניט שטימען מיט אונזערע. אונזער פארטיי איז נאר געגען דער איצטיגער געזעלשאפט... אבער מיר זיינען פריינט פון אלע סאציאליסטן (!) וואס פאר מיינונגען זיי זאלן ניט האבן איבער איניגע סאציאליסטישע פראגן, וועלכע צעטיילן זיי איצט. סאציאל־דעמאקראטן, קאלעקטיוויסטען, קאמוניסטן, אנארכיסטן און אלע מענטשן ווי זיי רופן זיך, ווען זיי אנערקענען נאר די גרונדלאגע, די פרינציפן פון סאציאליזם, זיינען סאציאליסטן און געהערן גענצלאך צו איין פארטיי, צו דער גרויסער ארבעטער־פארטיי, וועלכע מוז דערלייזן די פעלקער פון אלע טיראנען, עקספלואטאטארן און בלוטצאפערס און מוז ברייננגען פרייהייט, גלייכהייט און ברידערלאכקייט אין דער וועלט".

און אויב איך האב קיין טעות ניט, איז די דאזיגע דערקלערונג פארפאסט געווארן פון קראנץ און מיר, און איז אנגענומען געווארן אן א געגנשטים.

און אף דעם דאזיקן פראגראם האט זיך דאס בלאט געהאלטן קרוב פון זעקס יאר. דאס וויל אבער ניט זאגן, אז עס

זיינען ניט געווען קיין „רייבונגען" צווישן אונז. אין דעם פינפטן נומער איז ארויסגעקומען יאָפּאַ אלס אויסגעשפּראָכענער אנאַרכיסט; דער אנאַרכיזם האָט אַלזאָ געפונען אַ פּאַרטרעטער און אַ וואָרטפירער. קראַנץ האָט געמוזט ארויסקומען פון זיין צוריקגעהאַלטנקייט און דער אויסגעשפּראָכענער אנאַרכיסט האָט ארויסגערופן געגן זיך אַן אויסגעשפּראָכענעם סאָציאַל־דעמאָקראַט. עס האָט זיך אָנגעפאנגען אַ סכסוך, צו וועלכן איך האָב זיך געהאַלטן אומפּאַרטייאיש.

שפּעטער האָט דער קראַנץ-פליגל און דער יאָפּפּאַ-פליגל מיט זייערע אָנהיינגער פוןביידע זייטן די זאַך ארויפגעטריבן אַזוי הויך, אַז מיר (צווישן אונז זיינען שפּעטער, פיל שפּעטער, געווען נאַלאָפּ, פייגענבוים און בּאַראַנאָוו חוץ מיר) האָבן גענומען אַ שטעלונג געגן זייביידן און אַף דעם אופן זיינען אנטשטאַנען די אומפּאַרטייאישע, אָדער „פּאַרעווע לאָקשן" דער שפּאַס פון דער זאַך איז באַשטאַנען אין דעם, אַז מיר האָבן אַף אידיש ניט געהאַט קיין אנדער וואָרט פאַר „בעזפּריסטראַסטנע" (אַף דייטש „אונאיינגענאמענע" *) ווי אומפּאַרטייאיש און דער עולם האָט דאַרונטער פאַרשטאַנען: מענטשן אָן אַ פּאַרטיי, אָדער אַזוינע, וואָס זיינען אין פּריציפּ געגן פּאַרטייען.

אלה תולדות פונם „פּאַרעוון לאָקשיזם".

***

און איצט אַ וואָרט וועגן זיך אַליין.

איך האָב זיך אין דעם דאָזיקן פּרט ביסלאַכווייז ארויפגעאַרבעט אַף אַזאַ מין שטאַנדפּונקט:

בעצם איז אין דעם א י ד ע א ל איינגנטלאַך קיין שום אונטערשייד ניטאָ צווישן סאָציאַל־דעמאָקראַטן און אנאַרכיסטן. נעמט, למשל, די נעמען: „אנאַרכיסט" הייסט איינער, וואָס

*) פּריוו פון פּאַראורטיילן.

ווייל ניט קיין הערשער. „דעמאָקראַט“ איז אַ מענטש, וואָס פאַר־לאַנגט פאָלקס־הערשאַפט.

ווער הערשט דאָרטן, וואו קיינער הערשט ניט? אַלע. וואָס הייסט אַלע ? דאָס פאָלק.

ווער הערשט דאָרטן, וואו דאָס פאָלק הערשט, דאָרטן, וואו אַלע הערשן ? קיינער ניט.

דאָס הייסט ,אַלזאָ, אַז אַנאַרכיע און דעמאָקראַטיע באַדייטן דאָס זעלביקע: איין וואָרט אין אַ נעגאַטיווער פאָרם, דער אַנדע־רער איז אַ פּאָזיטיווער. דער תוך איז דערזעלביקער.

וואָס אַנבאַטרעפט זייער אידעאַל איז אויך אַזוי:

די אַנאַרכיסטישע פרייהייט אָן אָרדנונג און אָרגאַניזאַציע איז ניט מעגלאַך, ניט דענקבאַר.

דערפאַר מוז לאָגישערווייז, די איינע ווי די אַנדערע סוף כל סוף פירן צו דעמזעלביקן רעזולטאַט.

דאָס האָט זיך אין מיין קליינעם מוח אויסגעמאָלט אַ ביסל ווייטער.

למשל: דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער שטאַט און די אַנ־אַרכיסטישע פרייוויליגע אָרגאַניזאַציע מוזן צום סוף זיין זייער ענלאַך איינס צו די אַנדערע, קוים זיינען די עקאָנאָמישע פאַר־העלטענישן אַנדערש ווי היינט. הערט נאָר אויף צו עקזיסטירן גנבה, גזלה, רציחה און עקספּלואַטאַציע, דאַן איז דער שטאַט ניט מער אַ נאַכט־וועכטער (זע לאַסאַל), איז ער ניט מער אַ רע־גירער איבער מענטשן, נאָר איבער זאַכן (זע ענגעלס), דאַן באַ־דאַרף ער ניט מער קיין טורמעס און קיין ריכטער און קיין פּאָ־ליצייסקע, נאָר דאָקטוירים און אויפּפּאַסער.

געזעץ! אַנאַרכיסטן ווילן ניט האָבן קיין שום געזעץ. אָבער וואָס הייסט אַ געזעץ? דאָך ניט מער ווי אַ סאָציאַלער קאָנטראַקט צווישן בירגער, אַז אָפּמאַך, אויסגעשפּראָכן אָדער זעלבסטפאַר־שטענדלאַך געוויסע זאַכן ניט צו טאָן, ווייל זיי זיינען שעדלאַך פאַרן כלל, און געוויסע זאַכן יאָ צו טאָן, ווייל זיי זיינען נוצלאַך פאַרן כלל, איןביידע פאַלן אפילו ווען דער ניט־טאָן אָדער דער

טאָן איז אומבאַסוועם פאַרן יחיד, ווייל אים ווילט זיך דער היפּך דערפון.

אויטאָריטעט! בלינדערהייט פאָלגן הייסט מיר קיין סאָציאַל־דעמאָקראַט ניט, און פאָלגן אַ גייסטיג גרעסערן, איינעם, וואָס ווייס מער ווי איך, וואָס פאַרשטייט דאָס וואָס איך פאַרשטיי ניט, טוט אַן אַנאַרכיסט אויך.

אין וואָס דען באַשטייט דער גרויסער אונטערשייד?

אין דעם, פיליכט, וואָס דער סאָציאַל־דעמאָקראַט איז גע־גרייט צו פאָלגן אַ מאַיאָריטעט, אויב ער געפינט זיך אין אַ מי־נאָריטעט און דער אַנאַרכיסט ניט? איז דאָך דאָס ווידער נאָר אַ ניט־גנעאַנדערשטער אונטערשייד, וועלכער מוז זיך אַרויסשטעלן אין זיין גאַנצער באַדנלאָזער פּוסטקייט, אַזוי גיך ווי איר שטעלט זיך די זאַך פאַר קאָנקרעט, אַף דעם באָדן פון אַ פריי, סאָ־ציאַליזירטע געזעלשאַפט. די סאָציאַלדעמאָקראַטישע מאַיאָרי־טעט זיינען ניט אייביגע, ניט שטענדיגע און די אַנאַרכיסטישע שפּאַלטונגען (דאָרטן וואו עס קען ניט זיין קיין איינשטימיגע איינשטימונג) מוזן אויך זיין אין דער פּראַקטיסע אַזוי זעלטן און אַזוי אומבאַדייטענד, אַז אַף אַזעלכע דאַרף מען זיך רעכענען בײַ סאָציאַל־דעמאָקראַטן אויך.

אָבער די צענטראַליזאַציע?

ווידער אַן איינבילדונג. מיר האָבן שוין היינט אין כמעט אַלע מער אָדער ווייניגער דעמאָקראַטיש־רעגירטע לענדער די אויטאָנאָמיע פון דער פּראָווינץ אין דער מדינה, פון דער שטאָט אין דער פּראָווינץ, פון דעם קוואַרטאַל אין דער שטאָט, פון דער הויז אינם קוואַרטאַל און פון יעדן מענטשן אין הויז. וועט אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישע געזעלשאַפט זיין אַזוי רעאַקציאָנער, אַז זי וועט וועלן שטיין נידעריגער ווי די היינטיגע שווייץ, ווי די היינטיגע פאַראייניגטע שטאַטן פון אַמעריקע? זיכער ניט.

בלייבט דער פּאָליטישער קאַמף. דער דאָזיקער האָט, ווי געזאָגט, מיך דאָן ניט אינטערעסירט, ווייל די פראַגע איז פאַר מיר צום ערשטן מאָל געוואָרן אַקטועל ווען איך האָב אין 1894 גע־

שטעלט א פוס אף דעם אמעריקאנער באָדן און בין געקומען פּנים אל פּנים מיט שטימבארעכטיגטע אידישע פּראָלעטאריער. איך האָב דאָן געקראָגן צו ענטפערן אף די צוויי פראגן: זאָל איך שטי-מען, און ,אויב יאָ, טאָ פאר וועמען? איך האָב זיך ניט פאר־טראכט און האָב געענטפערט שטימט און טוט דאָס אין דעם אינטערעס פון דער סאָציאַליסטישער פּארטיי.

אין ענגלאַנד האָט קיינער ניט געפרעגט אזעלכע פראגן און מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אז מען דארף זיי ניט אויפהויבן, ווייל דער אומגליקלאַכער סאָציאַל־דעמאָקראטיש־אנאַרכיסטישער ברודער־קאַמף האָט חרוב געמאכט די יוניאָנס, דאָס איינציגע, וואָס מיר האָבן געקענט אויפטאָן צווישן אידישע פּראָלעטאריער.

ווי מען זעט איז אין דעם פּארעוון לאָקשיזם געווען מעטאָדע, אפילו אויב ער איז געווען משוגע און איצט לייענט נאָך אמאָל דאָס, וואָס איך האָב ציטירט פון יאָזעף דיצגען.



# די לאָנדאָנער העברעאישע שרייבער אין סוף פון די זיבעציקער יאָרן

זונען, לבנות און שטערן. — דער אינדעק־מענטש. — אַ אידישער גלח: שוואַרץ און ווייס. — מיין אַנגריף אויף יוסף כהן־צדק. — אַ אידישער דור־הפלגה.

ביי מיין אָנקומען אין לאָנדאָן, אין מערץ 1879, האָב איך געפונען אַ חוץ נפתלי הלוי, מיט וועלכן מיינע לעזער זיינען שוין באַקאַנט, נאָך העברעאישע ליטעראַטן. איך האָב זיך באַקאַנט מיט זיי און מיט זייערע אַרומיקע... ווי זאָל איך זיי רופן? אפשר... שטערנס, יאָ, זייערע אַרומיקע שטערנס, מחמת יעדער פון די שרייבער, אומבאַדייטנד ווי ער איז פאַר זיך געווען, האָט דאָרטן מיט זיך פאַרגעשטעלט אַ מין זון, וואָס האָט איר (צווייפיסיקע) לבנה, מיט אַ שיין, וואָס זי, אָט־די לבנה, האָט געהאַט בדרך השפעה פון איר מאור הגדול, די זון, און חוץ דעם אַ גאַנצן פולק שטערן און שטערנדלאַך, יעדער פון זיי בלישטשענדיק אין דער פינסטער און פאַרשווינדענדיק אַזוי גיך, ווי די זון אליין פלעגט דערשיינען אויף דעם ליטעראַרישן פירמאַמענט.

עס וואָלט געלוינט זיי אַלע צו באַשרייבן, אָבער איך האָב נאָך פאַר זיך אַ גאַנצע רייע פון פּערזאָנען און זאַכן פיל וויכטי־קער ווי די דאָזיקע.

דערמאָנט מוזן אָבער ווערן פון די דריי זונען, חוץ נפתלי הלוי, דער „רעוורענד" יוסף כהן־צדק און דער שפּעטערדיקער שוחט הירשביין.

דער לעצטער איז דעמאָלט געווען זייער אַ סימפּאַטישע פּערזאָן און, נאָך זיינע נייגונגען נאָך, וואָלט ער זיכער געוואָרן אַ מענטשנפריינט און אַ פריי־הייטסקעמפער. זיין מזל האָט אים אָבער געמאַכט פאַר אַ קאַלעגע פון נפתלי הלוי און ער האָט גע־קוילעט בהמות גסות אָנשטאָט זיי צו באַקעמפן. אָבער אפילו אַלס שרייבער־שוחט איז ער מיר נאָך געווען אַ צייט לאַנג זייער

ליב. ווי מען וועט שפּעטער זען, בין איך כמעט צוליב אים גע־קומען צום צווייטן מאָל קיין לאָנדאָן.

אינטערעסאַנטער אַלס אַ טיפּ איז געווען דער רעוורענד יוסף כהן־צדק. מיט אים האָב איך אין עטלאַכע חדשים אַרום געהאַט אַ גאַנצע מלחמה. אפשר וועל איך וועגן אים רעדן אויספירלאַך, אָבער ניט אַזוי גיך, און איך וועל דערפאַר, מיט דעם לעזער׳ס דערלויבניש, גלייך דאָ זאָגן עטלאַכע ווערטער וועגן יוסף כהן־צדק אַלס פּערזאָן.

אים האָב איך פיינט געהאַט.

ער איז געווען אַ גאַליציאַנער, הויך געוואַקסן, מיט שאַרפע, שפּיציקע אויגן, מיט אַ טונקלער געזיכטס־פאַרב, מיט אַ פּנים, וואָס האָט אויסגעזען מעשה גזלן, ווען זיין אייגנטימער איז גע־ווען ערנסט — און מיט אַ געשוירענעם בערדעלע.

אַלס אַ גאַליציאַנער איז ער געווען אַן עסטרייכער, אַלס עס־טרייכער — אַ טייטש.

אַלס טייטש זיינען זיינע דרושים געווען „פּרעדיגטען" און ער אַליין — אַ פּרעדיגער.

אַלס פּרעדיגער פלעגט ער ניט רעדן, נאָר „שפּרעכען", הגם זיין סגנון־הלשון איז געווען מער ענלאַך צו די טייטש פונם צאינה־וראינה ווי פון געטהע׳ס „פויסט".

דערביי איז ער געווען פרום, אָבער — „פערשטעהען זי מיך וואָהל, מיין ליבסטער" — אויפגעקלערט! צווישן דער פרומקייט און דער אויפקלערונג האָט ער ניט, ווי נפתלי הלוי, געזוכט צו מאַכן פּשרות, זיי זיינען ביי אים געווען צונויפגע־וואַקסן ווי דער סיאַמער צווילינג. ער האָט ניט דערקלערט וויסנ־שאַפטלאַך די מעשה פון קריעת ים־סוף, האָט ניט פּרובירט גע־פינען אַ היסטאָרישע סמיכת הפּרשה צווישן אחשורוש און קסער־קסעס, אָדער צווישן דעם פּרעה מלך מצרים, וואָס האָט געקראָגן די מכות, און איינעם פון די רעמסס׳עס, כדי צו באַווייזן... דאָס וואָס פאַר דעם אמת־פרומען דאַרף מען ניט באַווייזן און פאַר דעם אמת ניט־פרומען קען מען ניט באַווייזן. עס איז פּשוט געווען היפּאָקריטסטווע.

שוין דער נאָמען אַליין „כהן־צדק“ און ניט קאַץ, ד. ה. כ״ץ, ווי עס רופן זיך אין דער סקאַזקע אַלע כהן־צדק׳ס אין אונזערע מקומות, וואָלט גענוג געווען פאַר מיר, כדי אים פיינט צו קריגן אַלס א בעל־גאוה, חוץ דעם וואָס דאָס האָט אים געשטעמפּלט אַלס היפּאָקריט. און א בעל־גאוה אי זער געווען פון דעם סאָרט, וועלכן מען טרעפט וואַרשיינלאך היינט שוין ניט מער. צו זאָגן, אַז ער האָט ניט געוואוסט ווי דעם קאָפּ צו האַלטן; אַז ער האָט געבלאָזן פון זיך; אַז ער האָט באטראכט יעדן איינציקן ווי די נאכט, וואָס איז געמאכט נאָר כדי צו ווייזן ווי דער טאָג, דאָס הייסט, ער, יוסף כהן־צדק, זעט אויס; אַז ער האָט זיך אָנגעבלאָזן ווי אַן אינדעק און האָט פון דער בימה שטאָלץ געכאָלדערט זיינע דרשות — דאָס צו זאָגן איז ריכטיק אַלס א באשרייבונג פון דעם מאַן, אָבער זייער אומפּולקאָם.

אביסל גענויער וואָלט אים כאראקטעריזירן אָט, כאַפּט אייך אָן, אזא מין קליניקייט. ווען ער האָט אייך געטראָפן א שבת פאַרנאכט און האָט אייך באערט מיט אַן ענטפער אויף אייער באגריסונג, האָט ער אייך גלייך געפרעגט, צי איר האָט הנאה געהאַט פון זיין דרשה און, ניט וואַרטענדיק אויף אייער יאָ אָדער ניין, וואָס איז אים יעדנפאַלס געווען זייער ניט וויכטיק, האָט ער אייך דערקלערט, אַז דאָס איז געווען א קונסטווערק „ערסטער גרעסע“ און האָט, א קנייטש טוענדיק דעם שטערן, אייך דערציילט, אַז דאָס איז זיין 385טע פּרעדיגט אין לאָנדאָן בפרט און די 496טע אין ענגלאַנד בכלל.

* * *

יוסף כהן־צדק איז דאַן שוין געווען אַן עלטערער מאַן אין די זעכציקער *). גאוה און היפּאָקריטסטווע ביי אַן אַלטן מאַן

---

*) יוסף כהן־צדק איז געבוירן געוואָרן אין 1827 אין לעמבערג. ער האָט אויך געשריבן אין אידיש און אַליין אַרויסגעגעבן צוויי אי־דישע צייטונגען: „דער יודענפריינד“ און „די נייעסטע נאַכריכטן“ (לעמבערג, 1866). — ק. מ.

זיינען אין מיינע אויגן נאָך פּאַרצייִלאַך: עטוואָס האָט מען אין עטלאַכע און זעכציק יאָר אַלס „עפּנטלאַכע פּערזאָן“ פּאַרט אויפ־געטאָן, און דאָס קען מען לייכט צו הויך איינשאַצן, וואָס דערפון קען זיך ביי יעדן מענטשן יאָוועגען גאוה, הגם ניט אין אַזאַ הויכן גראַד ווי ביי דעם מאַן. די היפּאָקריטסטווע ווידער איז פאַר־אַכטלאַך געגוג, אָבער מען פאַרצייט דאָס, קוקנדיק אויף גרוי־ווייסע האָר און קלערנדיק, אַז דער בעל־דבר איז פּילייכט שוין צו אַלט צו קעמפן מיט מענטשלאַכע דומהייטן און דערפאַר עסט ער טאָקע אַ לינקן אָנבייסן, אָבער ער מאַכט אַ ברכה אויף די טרפות. און אַגב טאָמער איז דעם מלאך דומה'ס דאָפּראָס נאָכן טויט ווירקלאַך אַ שטרייננגער... ווער קען, נאָך אַלע מעשות, וויסן?

פונדעסטוועגן האָב איך דעם אַלטן, ווי געזאָגט, פיינט גע־האַט, און כמעט פון דעם ערשטן אויגנבליק אָן.

אים אָבער אויף קיין פאַל און צו קיין צייט ניט אַזוי שטאַרק ווי די יונגע אידישע גלחים, וועלכע דער לאָנדאָנער סעמינאַריום פלעגט אַרויסגעבן אַלע יאָר.

ספּעציעל איינער פון זיי (זיין נאָמען און זיינע פּרימעטעס זיינען דאָ ניט וויכטיק) האָט מיך דאַן און אין די שפּעטערדיקע עטלאַכע יאָר גענערגערט דורך זיין עקזיסטענץ. איך האָב אים אין איין פּרט באַשריבן אין אַ רייע קופּלעטן („דער קריכער“) אין דעם יאָר 1884, אָבער נאָר אין דעם איין פּרט פון קריכעריי, פאַרשטעלנדיק אַ טיפּ, וועלכער וואָלט אַ לעזער פון דיקענס ער־אינערן אָן יוראַיאַה (אוריה) היעפּ.

דאָ, רעדנדיק וועגן היפּאָקריטן, זע איך אים נאָר אין זיין ראָלע אַלס אידישער גלח.

אָט שטייט ער אויף אַ בימה, וואָס זעט אויס ווי אַ קאַנצל, אין אַ טעמפּל, וואָס זעט אויס ווי אַ קירך. זיין דאָפּלטע מאָרדע איז געגאָלט — משה בן עמרם אויף להכעים — און זיין שוואַרצע קאַפּאָטקעלע איז פאַרשפּילעט אויף אַלע קנעפּלאַך, ערשטנס כדי אויסצוזען ווי אַ קריסטלאַכע, און, צווייטנס, כדי צו פאַרשטעלן ענטוועדער דעם טלית־קטן, וועלכן ער טראָגט, אָדער דעם אָרט,

וואו דער דאָזיקער טלית־קטן האָט באַדאַרפט זיין און איז ניטאָ.

און דאָ שטייט ער און פּרעדיגט זיין „סערמאָן" — אין יע־דער מינע, אין יעדער תנועה, אין יעדן טאָן פון זיין שטימע אַ פאָלקאָמענער גלח, רעדנדיק צו אַ געמיינדע, וואָס וואָלט נעבאַך זייער געוואָלט זיין קריסטלאַך געבוירן, וועלכע, ניט קענענדיק זיין אַ קריסטלאַכע קהילה, וויל לכל־הפּחות אַזוי אויסזען.

און ער שטייט און פּרעדיגט, ניט גלויבנדיק אין זיינע איי־גענע רייד, וויסנדיק, אַז דאָס וואָס ער פּראָפּאַגאַנדירט איז אַן אומזין, אויב ניט אַ ליגן, איז אַ פּוסטע פראַזע, אויב ניט אַן אומזין, איז עטוואס, וואָס די ווענט פון די קירכן הערן מיט פאַר־אַכטונג שוין טויזנטער יאָרן.

און אים, וועלכער פאַראייניקט אַ גלאַט־ראַזירטע מאָרדע מיט אַ קרום־געבויגענעם האַרץ; אַ שניי־ווייסן שליפּס מיט אַ פּעך־שוואַרצן געוויסן, פּראַזן פון זעלבסט־אויפּאָפּפערונג מיט דער איבערצייגונג, אַז דאָס איז ניט מעגלאַך, יעדנפאַלס ניט פאַר זיין געמיינדע, — אים, דעם דאָזיקן אידישן גלח, קען איך אפילו ניט פאַרצייען דאָס, וואָס איך וואָלט שוין מוחל זיין דעם רעוור־רענד יוסף כהן־צדק.

אַ אידישער רב איז פאַר אונזער איינעם אַן איבעריקע זאַך; אַ אידישער פּריסטער איז אַן עקלדיקע זאַך; אַ יונגער אידישער גלח איז אַ פאַראַכטלאַכע זאַך.

* * *

זייענדיק אין פּאַריז, האָב איך פון דאָרטן געשריבן אינם „הקול" „פּאַריזער בריוו", ווי ער... (מיין אומדערגרייכבאַרער בערנע) אַליין, מער ניט די בריוו מיינע זיינען ניט געווען אפילו פון מ י י נ ע בעסטע שרייבערייען... ליידער, ניט, אפילו פון מיינע ניט.

די לאַגע אין פּרייסן האָט געמאַכט אוממעגלאַך צו רעדן אין אַ דאָרטיקער צייטשריפט אַ פריי וואָרט. איך האָב דערפאַר אָפּזייענדיק אַ פּאָר וואָכן אין פּאַריז אויפגעהערט שרייבן אפילו פעליעטאָנען (יגלי'ס „משוגעת'ן"), הגם אין זיי האָט אַריינגע־

פּאַסט דער פאַרשטלעטער סאָרט שרייבן פּאַר מענטשן, וואָס לייענען צווישן די שורות, דאָס הייסט, אין זיי האָט געקענט ארומשוועבן די נשמה ארום דעם לעמפּעלע, ווי ביי איינעם, וואָס זיצט שבעה, זיך לאָזנדיק פילן „בלא ראיה".

אונטער אַזעלכע אומשטענדן האָט זיך דער שד אין מיר צעשטיפט און איך האָב אויפגעשריבן א פעליעטאָן אין צוויי ארטיקלען, וועלכער האָט ארויסגערופן א שרעקלאכן שטורם... אין א גלאָז וואַסער, דאָס איז אמת, אָבער דאָך א שטורם.

דאָס איז געווען אַן אומבארמהארציקע, בייסנדיקע קריטיק אויף דעם ספר „מוסר השכל" פון יוסף כהן־צדק.

ווי זאָגן די ווייבער? וואָס איך האָב געהאַט אויף מיין האר־צען, אויף מיין לונג און לעבער; וואָס האָט געזאָלט אויסגיין צו ביסמארק'ן צו זיין לייב און לעבן, איז אויסגעגאַנגען צו דעם דאַזיקן ספר, צו זיינע הענט און זיינע פיס...

אַזוי פּאָפּולער בין איך דערמיט געוואָרן, אַז אין דער וואָך, ווען דער צווייטער טייל פונם פעליעטאָן איז אָנגעקומען אָפּגע־דרוקט אין לאָנדאָן, האָט זיך געפונען אַן ענטוזיאַסט, וועלכער האָט מיר צוגעשיקט א טיקעט (בילעט) צו קומען פון פּאַריז קיין לאָנדאָן און צוריקפאָרן. דאָס האָט געדארפט הירשביין — דער אויבן־דערמאָנטער שרייבער־שוחט — חתונה האָבן און איך האָב „געמוזט" קומען צו דער חתונה.

ניט האָבנדיק וואָס אָנצואווערן, בין איך געפאָרן, ווידער־אַמאָל אריבערגייענדיק דעם קאַנאַל לאַמאַנש, ווידעראַמאָל פול מיט אַמביציעזע פּלענער, טרויעריקע עראינערונגען, פּוסטע קע־שענעס און מיט א מאָגן, וואָס נודעט און ברעכט און שיינט זיך צו ערגערן, וואָס ער האָט אייגנטלאך גאָרניט וואָס ארויסצוגעבן: מען פלעגט אים ניט איבערשטאָפּן אין יענע צייטן.

* * *

דער קאַנאַל לאַמאַנש (דער ארבל־קאַנאַל, בלע"ז) איז איינג, איינגאַנצן א מייל צוואַנציק צווישן דאָווער און קאַלע, א מין קאַרליק צווישן די ימים פון דער וועלט. מען זאָגט, אַז גראָדע

דערפאַר, וואָס ער איז איינג און שמאָל, וואָס די וועלן האָבן אין אים קיין פּלאַץ ניט זיך אויסצוציען, איז ער אַ שרעקלאַכער כעסן און ווארפט די שיפן און שליידערט זיי און גיט זעע-קראַנקהייט אַזעלכע מענטשן, וואָס זיינען אַריבערגעגאַנגען פּריש און געזונט דעם גרויסן אַטלאַנטיק.

צי די טעאָריע וועגן די כוואַליעס אין איינגע ערטער איז אמת צי ניט, ווייס איך ניט, אָבער וואָס איינגער און שמאָלער אַלץ מער טיראַן — דאָס איז זיכער אמת בנוגע צו אונז, זינדיקע מענטשן.

אָבער ניט אַרום דעם האָב איך דעמאָלט גֵעטראַכט. אפשר האָב איך דאָס נאָך ניט פאַרשטאַנען. *)

* * *

איך בין אַלזאָ צוריקגעקומען קיין ענגלאַנד אייגנטלאַך נאָר צוליב הירשביינ׳ס חתונה און דערביי איז דער מאַן מיר ניט געווען ניט קיין קרוב און ניט קיין גואל, אפילו ניט קיין גוטער פריינט. ער איז, ווי געזאָגט, מיר געווען סימפּאַטיש און צו אַ געוויסן גראַד אויך זיין כלה, און דאָס בירושה פון איר פאָטער, דעם באַקאַנטן מגיד דיינאָוו. *)

---

*) זע אויבן זייטן 69—71.

*) דער „סלוצקער מגיד“, הירש דיינאָוו, איז געווען איינער פון די מוטיקסטע קעמפער פאַר אַ נייעם לעבנסשטייגער. ער פלעגט אויסלאַכן און אַרונטעררייסן דאָס לעבן פונם „לופט־מענטשן“, דעם חדר און זיין דערציאונגס־סיסטעם. ער האָט אַגיטירט פאַר דער וועלטלאַכער פאָלקסשול, פאַר מלאכה און אינדוסטריע, פאַר בילדונג און וויסנשאַפט. דערביי פלעגט ער אויך ניט שאַנעווען די פירער און פאָרשטייער פון אָט־דעם אידישן אַרט לעבן. איז ער נאַטירלאַך שטאַרק פאַרפאָלגט געוואָרן און געמוזט פאַרלאָזן די צאַרישע מדינה. דער דיכטער י. ל. גאָרדאָן האָט פאַר אים אויסגעווירקט אַ שטעלע אין לאָנדאָן. נאָר זיינע שונאים האָבן אים אויך דאָרט גע׳רודפ׳ט און אויפן דריטן יאָר איז ער דאָרט געשטאָרבן, אינם עלטער פון 45 יאָר, אין 1877. — ק. מ.

דעם דאָזיקן מאַן האָבן נעמלאַך פאַרפאָלגט די פינסטער־לינגען, דעם רבונו של עולמ'ס שווארצע מאה פון דער ליטע, די גאַנצע לעצטע צען־פופצן יאָר פון זיין לעבן. דאָס אליין וואָלט געגנוג געווען מיר צו געבן א געוויסע פאַרערונג פאַר זיין אָנדענ־קען, הגם עס איז זייער לייכט מעגלאַך, אַז ווען איך וואָלט אים אין יענער צייט געקענט פערזענלאַך — אלס קינד האָב איך אים אמאָל אין קאָוונער „נייעם" בית־מדרש געהערט דרשנ'דיק און האָב דערפון געהאַט גרויס התפעלות — וואָלט מיר מיט אים פּאַסירט דאָס זעלביקע, וואָס עס פּאַסירט אונזער איינעם מיט א בוך, וועלכן מיר האָבן אמאָל געלייענט אלס א פאַרבאָטענע זאַך און לייענען עס מיט יאָרן שפּעטער אין פרייע מדינות אָן דער ספּעציעלער זיסקייט פון „מים גנובים", אָן דער פורכט פאַרן זשאַנדאַרמסקי פּאָלקאָווניק.

אויף הירשביינ'ס חתונה, וועלכע איז געווען אין א האַללע, האָב איך צום ערשטן מאָל געזען א אידישן ערב־רב מיט אלע מעגלאַכע אַקצענטן און דיאַלעקטן אין דעם אידישן לשון, — א מין מישמאַש, ווי מען האָט דאַן וואַרשיינלאַך נאָר געקענט זען ענטוועדער אין לאָנדאָן, אָדער אין ניו יאָרק. נאַטירלאַך זיינען דאָ פּינסקער אין ווילנע, און ווילנער אין פּינסק, בעת אין די גרעסערע אידישע שטעט, ווי, למשל, בערדיטשעוו, ווילנע אָדער וואַרשוי, זיינען פיל צונויפגעפּאַרענע פון אלערליי מקומות אפילו דענטשמאָל שוין געווען. אָבער דאָרטן איז די הויפּט־באַפעלקע־רונג פון ווילנע באַשטאַנען פון ווילנער, די מינסקער הויפּט־באַפעלקערונג — פון מינסקער. אין לאָנדאָן, דאַגעגן, איז געווען פון אומעטום צו־ביסעלע — אַן עטנאָגראַפישער תיקון־שבועות.

און קאָמיש — ד. ה. נאַטירלאַך טראַגי־קאָמיש — איז דער־ביי געווען דאָס, וואָס אידיש־שפּרעכנדיקע האָלענדער אידן דאָרטן האָבן מיט פאַראַכטונג אַרונטערגעבליקט אויף די פּוילישע, די דאָזיקע ווידער האָבן זיך געהאַלטן גרויס געגן די ליטווישע אידן. דאָס האָט אָפּט געפירט דערצו, אַז פּוילישע עלטערן, למשל, האָבן באַטראַכט פאַר אַן אומגליק, ווען א טאָכטער זייערע האָט

זיך פאַרליבט אין אַ „לעטוואַק", אַ צלם־קאָפּ", אָדער ווען אַ קינד פון אַ „דאָטש־פּאָלאַק" האָט זיך מתחתן געווען מיט אַ סור־באַלקער אידישן „שוואַרץ־יאַר". דער הויפּט־שפּאַס איז באַשטאַנען דערין, וואָס די „לעטוואַקעס" האָבן טאַקע אַליין אויך גע־האַלטן די פּוילישע פאַר פיינערע לייט און אַ ווילנער, אָדער אַ קאָוונער האָט זייער אָפט פּרובירט רעדן ווי די מענטשן פון די „העכערע ראַסן". אויסדריקן פון „אינ'ם מאַן" אָנשטאָט „אייער מאַן" און פאַר'חיריק'טע מלאפום'ס און צעטומלטע אַנדערע נקודות, האָבן זיך געהערט פון ליטווישע מיילער אויף שריט און טריט.

* * *

אויף דער דאָזיקער חתונה האָב איך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן געהערט „ספּיטשעס" (דרשות), ווי ביי אַ באַנקעט. מיר איז אויסגעקומען צו זאָגן עטלאַכע ווערטער און זיי זיינען ביי מיר אַרויסגעקומען בעסער ווי מען וואָלט געקענט דערוואַרטן נאָך מיין פאַריזער דעביוט. *) פאַר מיין טעקסט האָב איך גענו־מען אַ פּאָעטישע שטעלע פון בערנע מכוח דעם, אַז וואו מען טאַנצט, טאַנצט מען אויף קברים, און די דרשה האָט געהאַט אַ סאָציאַליסטישן קאָלאָריט.

עטוואָס שפּעטער האָט גערעדט, ד. ה. „געשפּראָכן" דער „רעוו." כהן־צדק און עס האָט זיך גלייך פאַרקאָכט אַ קאַשע, וועלכע איז געבליבן דעם עולם אין מאָגן אַ לאַנגע צייט.

מיט אַ לייכטן טריט איז ער מיר, נעמלאָך, אַרויפגעטראָטן אויף אַ נאַגנאָטקע, עפּעס אַזוי ווי פאַרבייגייענדיק ענטפערנדיק אויף מיין דערמאָנטער קריטיק אינם „הקול". מיך האָט דאָס אויפגעבראַכט, אָבער, ניט וועלנדיק מאַכן קיין סקאַנדאַל, האָב איך באַשלאָסן צו לאָזן מיינס איבערגיין. אַלץ וואָלט זיך געענ־דיקט בכי־טוב, ווען די לאָנדאָנער ליטעראַטן וואָלטן ניט געוואָלט

*) זע אויבן זייט 50.

אויסנוצן מיין „פרידלאכקייט“ צו פּרואוון „שטיפּטן פרידן“. און אַט־וואָס האָט פּאַסירט:

אינם פאַרלויף פונם אָוונט האָט מען אונז צוגויפגעבראַכט ביי איין טיש און בּיסלאַכוויוז האָבן מיר כמעט אָנגעהויבן צו רעדן. כהן־צדק האָט זיך אָבער ניט איינגעהאַלטן און האָט פאַר־פירט א געשפּרעך וועגן שרייבעריי בכלל און קריטיק בפרט. ער האָט געגעבן אָנצוהערעניש, אַז מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין מוח און קיין טאַלאַנט אַליין עפּעס צו שרייבן, כאַפּן זיך קריטי־קירן אַנדערע, גרעסערע, עלטערע מענטשן מיט א נאָמען, וואָס הערט זיך ווייט און ברייט.

דאָס האָט מיך „אָנגעצויגן“. אַזוי גוט ווי עס האָט זיך געלאָזן, האָב איך דעם עולם דערציילט די פאָלגנדיקע קליינע מעשה׳לע:

„בשעת איך בין שטיערהייט, מיט גרוים אימה אין הארצן, מיט דער היטל אין דער האַנט, אויף די ציפּקעס און דורך א הינטער־טיר אַריינגעקומען אין דעם גרויסן אַלטן בנין, וואָס רופט זיך אידישע ליטעראַטור, האָב איך גענומען קלערן, וואָס קען איך מיט מיין שוואַכן טאַלאַנטעלע דאָרטן טאָן. מען דאַרף מיך ניט צום געזימס אין דער הויך, ניט ביי די בילדער אויף די ווענט, ניט ביי דער מוזיק אינם אָרקעסטער, ניט אויף דער בימה, ווען מען רעדט, ניט ביים טיש אַלס א תכשיט. איך וואָלט מיט א טרומייט אין די ליפּן, מיט א פידל אין דער האַנט, מיט געצייג צו שאַפן, כלי־זין צו שיצן דאָ גאָר ניט געטויגט. וואָס וואָלט איך קענען טאָן. מיין בליק האָט, דערשראָקען, באַשעמט, געוואַנדערט אַרום און אַרום אינם זאַל און האָט גאָר ניט געפונען.

„איך האָב געהאַלטן ביים אַרויס׳גנב׳ענען זיך א פאַר־צווייפלטער, א זיך־אַליין־אַרויסגעוואָרפענער פונם בנין, ווען ביי דער טיר, אין א פאַרשטעלטן, דונקעלן ווינקעלע, האָב איך מיט אַמאָל דערזען א בעזים.

„אהא! איך האָב מיין פונקציע! עס לעבע דער בעזים!! האָב איך זיך גראַטולירט.

„זינגען קען איך ניט, בויען קען איך ניט, מאָלן קען איך ניט, שיסן קען איך ניט, קלעטערן קען איך ניט — אמת, אמת! אָבער ק ע ר ן דאַרף איך קענען; קערן שמוץ, ליטעראַרישן שמוץ, קערן שפּינוועבס, רעליגיעזן שפּינוועבס, קערן אָנגעטראָגענע בלאָטע פון בעל־גאוה'שע טראַמפּעל־פים — דאָס דאַרף זיין ווערליק נאָך מיינע כוחות נאָך.

עס לעבע דער בעזים!"

„איך האָב זיך דערצו גענומען און מיטן בעזים אין דער האַנט שטיי איך אויף מיין פּאָסטן און קער... פון יענעם טאָג אָן קער איך אַלץ, וואָס איז שמוציק און עקלדיק אין דעם גרויסן אַלטן בנין און אַרום אים.

„איך קער".

דער לעזער וועט פאַרשטיין, אַז די דאָזיקע ריידע מיינע איז דאָ, שרייבנדיק, אַ שיין־ביסל אויסגעפּוצט און אַרומגעשליפן געוואָרן. דאָס האָט פאַרלאַנגט דער ליטעראַרישער „פיניש". אָבער אומגעפער אַזוי איז געווען דער אינהאַלט פון מיין ענטפער און דער פּועל־יוצא — אַ פאַרדאָפּלטער גרימצאָרן פון דעם סיי־ווי שוין שווער־געקרענקטן אַלטן מחבר־מגיד.

אין דריי וואָכן אַרום איז דערשינען אַ גאַנצער בוך, דער עיקר געגן ראַדקינזאָן, אָבער אויך געגן מיין אָרימער פּערזאָן, וואו עס איז אויף אונז אויסגעגאָסן געוואָרן אַ מבול פון שוועבל און פעך.

איך האָב דערויף געענטפערט אינם „הקול" מיט צוויי אַר־טיקלען: „ר' יאָסילע מגיד וספריו", און מיין קורס (אין מיינע אויגן) איז אויף דער לאָנדאָנער ווייטשעפּעלער ליטעראַרישער בערזע געשטיגן ווייניקסטענס צען פּראָצענט.

יוסף כהן־צדק'ס נייער בוך האָט זיך גערופן „שפת אמת".

* * *

צווישן די געסט אויף דער חתונה זיינען געווען פילע אינ־טערעסאַנטע טיפּן, אָבער איך וועל זיך דאָ אויף זיי ניט אָפּ־שטעלן. מיט אַ וואָרט וועל איך דערמאָנען איינעם פון זיי.

ער איז געװען אַ שוחט, װי נפתלי הלוי, און האָט געהאַט די אַמביציע צו זײַן אַ מגיד. ער פּלעגט קוילענען בהימות גסות און עס האָט אױסגעזען עפּעס אַזױ װי די נשמות זײַערע װאָלטן אַלע אַרײַן אין אים נאָך דער שחיטה. ער איז געװען אַ בהמה גסה מיט אַ גס רוח אױף צװײ פיס, אָבער װײניקער ערלעך. פונדעסטװעגן האָט ער אײגנטלעך קײנעם קײן עולות ניט געטאָן. זײַן אומערלעכקײט איז נאָר באַשטאַנען אין זאָגן ליגן און—די ליגנס זײַנען אַלע געװען ניט כדי צו באַטריגן, נאָר כדי זיך צו באַרימען—װאָס מען רופט אומשולדיקע ליגנס; װײניקסטענס רופן זײ אַזױ די אומשולדיקע ליגנערס. װען ער האָט אימיצן געליען אַ שילינג, איז דאָס געװען, װײַל ער האָט געהאַט צוגעזאָגט צו אַנטלײַען 10, און באַרימט האָט ער זיך, אַז ער האָט געגעבן (ניט נאָר געליען) 50 אפשר 100, „אָבער... למען השם... צװישן אונז זאָל דאָס בלײַבן“, װאָס דאָס האָט געהאַט צו באַטײַטן: פּויקט עס, זײַט מוחל, פאַנאַנדער אַזױ הױך און אַזױ װײַט װי איר קענט.

פונדעסטװעגן װאָלט איך אים, ניט אַכטנדיק אױף זײַן רעספּעקטאַבעלע פיגור, מיט זײַן קצינישער פּאָטעלניצע, װעלכע האָט אָן װערטער עדות געזאָגט אױף זײַן האַלז, אַז זי האָט שױן פאַרשלונגען אַ שײַן־ביסל העלזעלעך, חוץ קישקעלאַך, מיט לונג־און־לעבערלאַך כמנהג שוחטים, — איך װאָלט אים, זאָג איך, ניט אַכטנדיק אױף דאָס אַלעס, שױן לאַנג פאַרגעסן, װען ניט דער פאָלגנדיקער כאַראַקטעריסטישער אַנעקדאָט:

אײנמאָל, אַזױ האָט מען מיר דערצײלט, האָט ער אָנגעהױבן אַ פײערדיקע דרשה מיט די װערטער:

„רבותי! ישעיה הנביא האָט זיך אַ שטעל געטאָן אױפן באַרג סני און האָט אױסגעשריען: היתקע שופר בעיר — צי װעט געבלאָזן װערן אַ שופר אין אַ שטאָט — ועם לא יחרד! — און דאָס פאָלק זאָל ניט ציטערן!“

דאָס װאָלט געװען זײַער שײן, אָבער צום אומגליק איז דער זאָגער ניט געשטאַנען אױף דעם באַרג סני, איז געװען ניט ישעיה,

נאַר עמוס, און אַנשטאַט „היתקע“ האַט ער געזאָגט „אים יתקע“.

עס איז ניט נויטיק צוצולייגן, אַז אַזאַ שטיקל עם־ארצות, וועלכע וואָלט ניט געווען דענקבאַר ניט אין גירטעגאַלע און ניט אין בייסעגאַלע, שוין גאַר ניט רעדנדיק פון באַלטראַמאַנץ, איז געווען אַ גאַנץ נאַטירלאַכע זאַך אין דער אידישער קהלה פון לאָנ־דאָן אין יענע צייטן: בימים ההם ובזמן הזה.

יעדער היימישער בעל־עגלה, וואָס איז געווען עגוואוינט צו טרייבן פערד, אַזי אין לאָנדאָן געוואָרן אַ פירער פון מענטשן, אַ מלמד פון קינדער אָדער אַ שוחט פון בהמות — צייטנווייז די אַלע דריי זאַכן אינאיינעם. וואַרשיינלאַך איז דאָס דאַ אין אַמע־ריקע ערטערווייז אויך ניט פיל בעסער געווען. אפשר פּאַסירט דאָס נאָך היינט, ווער ווייס...



# אַלס שתדלן פאַר אידישע עמיגראַנטן

אַן ענדערונג אין מיין לאגע. — א פאַלשער בן־נץ. — איך ווער א שתדלן. — אַן אָרעמער פילאַנטראָפּ.

א קורצע צייט פריער איידער ליבערמאַן איז אָפּגעפאָרן פון לאָנדאָן קיין אַמעריקע, איז פאָרגעקומען אַן ענדערונג אין מיין לעבן.

אין לאָנדאָן האָט זיך אויפגעהאַלטן א קורצע צייט א קע־ניגסבערגער טאַבאַקהענדלער, א געוויסער מיכעלזאָן. אים האָב איך פערזענלאַך אין פרייסן ניט געקענט, אָבער ער האָט מיך געקענט: צי אַלס העברעאישן שרייבער, צי אַלס פיינבערג'ס „קאָ־רעספּאָנדענט"—ווייס איך ניט. אין לאָנדאָן האָט מיך מיט אים באַקאַנט געמאַכט דער אַלטער שטיין (הערצענשטיין, דער פאָטער פון דעם באַרימטן קאַדעטנפירער פון דער ערשטער גאָסודאַרסט־ווענער דומא, וועלכן איך האָב שוין פריער אמאָל דערמאָנט), אָבער פיל האָב איך מיט מיכעלזאָנען אפילו אין לאָנדאָן קיין עסקים ניט געהאַט.

א קורצע צייט נאָך מיין צוריקקומען קיין פרייסן האָב איך איין טאָג געהאַט אַן אַנגענעמע איבערראַשונג.

פון דעם אַלטן פיינבערג איז מיר אָנגעקומען א בריוו מיט 8 פונט שטערלינג (40 דאָלאַר) און אין א מער ווי פריינטלאַכן טאָן קלוגע, פּראַקטישע עצה אוועקצואוואַרפן די דאגות הכלל און זיך צו נעמען צו דאגות פרנסה. דערביי האָט ער מיך געבעטן אָנצונעמען די עטלאַכע גראָשן, וואָס ער שיקט מיר.

איך האָב ליידער געקענט אָננעמען נאָר דאָס געלט, לאָזנ־דיק זיין קלוגן ראַט אָן א זייט. לאָמיך האָפן, אַז ער האָט מיר

דאָס מוחל געווען, ווייל פאַר מיר צו ווערן קלוג און פּראַקטיש איז ווירקלאַך געווען צו שווער.

עטוואָס פריער בין איך דורך אַ גאַנצער קייט פון צופאַלן באַקאַנט געוואָרן מיט דאָקטאָר לעווי, דעם סעקרעטאַר פון דער אַנגלאָ־דזשואיש אַסאָסיאיישאָן (די ענגלישע שוועסטער־אָרגאַני־זאַציע פון דער „אַליאַנס איזראַעליט"), און די באַקאַנטשאַפט, ווי די פאָלגן דערפון, איז געווען אַזאַ אומגעוויינטלאַכע, אַז מען וועט מיר מוזן דערלויבן דאָס צו דערציילן אין עטלאַכע ווערטער.

ווען אייגענסאָן און איך זיינען אַוועקגעפאָרן קיין פּאַריז אין דעם פרילינג פון 1879, האָבן מיר איבערגעלאָזט אין לאָנדאָן מרגילות'ן מיט הורוויטש'ן. איין טאָג איז מרגליות, פאָרנדיק אויף דער פערדבאַן, אַראָפּגעפאַלן פון דער קאַר און איז מיט אַ צעבראָכענער ריפּ אַריינגעקומען אין האָספּיטאַל — אין דעם דייטשן האָספּיטאָל.

אַ געוויסער דר. טוכמאַן, אַ טייטש מזרע היהודים און אַ גוטער מענטש, וועלכער האָט אים באַהאַנדעלט, האָט אין האָספּי־טאַל פון אים ערפאַרן זיין געשיכטע, זיין פאַרהאַפטונג אין פרייסן און זיין אויסווייזונג.

דעמאָלט איז געווען אין לאָנדאָן אַ אידישער „פּאָליטישער פליכטלינג" אַ זעלטענער פויגל, און דר. טוכמאַן איז געוואָרן אַ שתדלן פאַר מרגליות'ן, האָט פאַר אים אויסגעווירקט אַ וועכנט־לאַכע סובסידיע, כדי ער זאָל קענען ווייטער שטודירן מעדיצין.

די סובסידיע פלעגט ער קריגן אַלע זונטיק פון דר. לעווי, און דער דאָזיקער האָט זיך פאַראינטערעסירט אין זיין סאָציאַ־ליזם. איך בין דאַן שוין לאַנג געווען צוריק אין לאָנדאָן און איין זונטיק איז צו מיר געקומען מרגליות, האָט מיר דערציילט די משעה און מיך געפרעגט, וואָס גיט מען דעם אַלטן לייענען.

איך האָב אים אויסגעקליבן שעפעל'ס „קווינטעסענץ דעם סאָציאַליזמוס" פון מיין קליינער ביבליאָטעק, ווייל איך האָב אונטער דער צייט געקראָגן מיינע ביכער פון פּאַריז.

אַ וואָך שפּעטער איז מרגליות געקומען פון דר. לעווי מיט

דער ידיעה, אז דער אלטער הערר וויל מיך זען. עס האט זיך ארויסגעוויזען, אז אים זיינען געפעלען געווארען מיינע ראנדנאטיצען אויף פילע שטעלען אינם ביכל, וואו איך האב, לייענענדיק, גע־פונען שעפעל׳ס סאציאליזם ניט קלאר, אדער ניט שארף גענוג, און האב געמאכט אנמערקונגען.

אין דער זעלביקער צייט האבען פאסירט צוויי זאכען:

ביי די זעליגמאנס אין לאנדאן זיינען געוועזן, צווישן אנדע־רע, צוויי קלערקס. איינער—א זון פון דר. לעווי, א צווייטער—א פראנצויזישער יונגערמאן, וועלכער איז געוועזן פארמישט אין דער פאריזער קאמונע (מיט 9 יאר פריער) און וועלכער האט שוין פון עטלאכע יאר געדינט ביי די זעליגמאנס. פון די דאזיקע צוויי יונגע לייט דארף דר. לעווי׳ס זון צוליב געוויסע גרונדען באַ־גיין זעלבסטמארד, בעת דעם פראנצויז דארף זיך פארוועלען צו־ריקפארן קיין פאריז, ווייל די רעפובליק האט ענדלאך מוחל גע־ווען די אלטע חטאים פון די פארשיקטע און פארוואגלטע קאמו־נארן און האט ארויסגעגעבן אן אלגעמיינע אמניסטיע.

אזוי ווי דורך דעם זיינען ביי די דאזיקע לאנדאנער באנ־קירן פריי געווארן צוויי שטעלן און דר. לעווי איז, טאקע דורך זיין זונ׳ס טויט, נאך נעענטער צונויפגעקומען מיט זיינע בעלי־בתים און —

אזוי ווי איך בין דערווייל מיט אים זייער גוט באקאנט גע־ווארן, האט דער דאקטאר מיר צוגעשאנצט א גוטע שטעלע, אויף וועלכער איך בין פארבליבן 14 יאר ביז איך בין אוועקגעפארן (אין 1894) קיין אמעריקע.

צו רעזומירן:

א מענטש פאלט אראפ פון א קאר — א האספיטאל דאקטאר ווערט זיין פראטעקטאר — א דר. לעווי וויל וויסן וואס איז סאָ־ציאליזם — זיין זון באגייט זעלבסטמארד — פראנקרייך גיט ארויס אן אמניסטיע — קריג איך א שטעלע.

* * *

די פאגראמען אין רוסלאנד, אין אנהויב פון די אכציקער

יאָרן, האָבן פילע פון אונז, הגם ווייט, ווייט פונם שלאַכטפעלד, באַרירט דירעקט, פערזענליך. זיך קליידנדיק און בילדנדיק פאַר עכטע רוסן — אפילו ניט רוסן „מאָזאַאישער רעליגיאָן", ווייל אין די פרייע מדינות, וואוהין דער גוטער יאָר האָט אונז פאַרטראָגן, האָבן מיר געמעגט זיין פריידענקער — זיינען מיר מיט אמאָל דורכן פּאָגראָם אַרונטערגעשליידערט געוואָרן פון דער הויך פון דער רוסישער בירגערשאַפט צוריק אין דער אידישער קאַנורע, וואו מיכאַאיל גרינגאַריעוויטש איז פון דאָס ניי געוואָרן מיכה הערשעל'ס, און עס איז נאָר געבליבן די איין שטיקעלע נחמה, וואָס זייענדיק אין ענגלאַנד, וואו מען פרעגט ניט קיין פּאַסחאַרטן און צום משנה־שם זיין דאַרף מען ניט ווערן געפערלאַך קראַנק — ניט אין קיין אידישער הויז געדאַכט — איז מיכה הערשעל'ס לייכט געוואָרן מייקעל הערדים, וואָס דאָס קלינגט האַלב ענגליש, האַלב איריש.

* * *

אין רוסלאַנד האָט זיך אין דעם יאָר 1882 אָדער 1883 געיאוועט אַ פאַלשער בן־נץ. ער האָט אויף מיין חשבון געשנאָרט אין קאָוונער און מינסקער גובערניע, דאַן אין קיעווער און שפּעטער אין דער שטאָט אָדעס, וואו ער איז—האָט מען מיר געשריבן—אריינגעפאַלן, ניט ווייסנדיק, אַז ליליענבלום קען מיך פערזענלאַך. אין קיעווער גובערניע, איך געדענק ניט אין דעם דאָזיקן אויגנבליק דעם נאָמען פון דער שטאָט, האָט ער באַזוכט יהלל'ן, ביי וועלכן ער האָט זיך געלאָזט גוט גיין עטלאַכע טעג, האָט געבאָרגט געלט און האָט מיר געמאַכט אַ שם פאַר אַ מענטשן, וואָס קען ניט רעדן גראַמאַטיקאַליש קיין שום אייראָפּעאישן לשון.

אַרום דער זעלביקער צייט, אָדער עטוואָס פריער, איז דער זעלביקער יונגערמאַן געקומען קיין קאָוונאָ. דאָרטן האָט ער מיר געמאַכט אַן אַנדער מין שם, — אַזעלכן, וואָס האָט מיר שפּעטער פיל מער געדרייט אַ מוח ווי די רעפּוטאַציע פאַר אַן עם־הארץ אין דקדוק, וועלכע ער האָט מיר איבערגעלאָזט אין יהלל'ס שטעטל.

אין קאָוונאָ האָט מען, נעמלאַך, פון אים ערפאַרן, אַז איך

בין די „רעכטע האנט" פון לאָרד ראָטשילד, עפּעס אַ גאַנצער מאַכער ביי די מיטל־זיילן פון דעם פינאַנץ־קעניגטום, איינער וואָס איז אַן איינגייער ביי דעם שר (סער) משה מאָנטעפיאָר'ע און... וואָס איר ווילט אַליין. דאָס אַלעס איז, נאַטירלאַך, געווען ניט געשטויגן, נישט געפלויגן, אָבער אַזוי ווי אפילו מיין פאָטער האָט ניט געקענט לייקענען, אַז איך אַרבעט ווירקלאַך ביי ענגלישע „מיליאָנערן" (די זעליגמאַנס), האָט מען דעם בעל־דבר געגלויבט, קלערנדיק, אַז דעם פאָטער מיינעם לוינט ניט (צוליב וואָס, ווער מען באַלד זען), אַז מען זאָל וויסן דעם „אמת". אין קאָוונאָ, פאַרשטייט זיך, האָט דער בעל־דבר זיך ניט אַרויס־געגעבן פאַר בן־נין; ער האָט זיך אָנגערופן ביים אייגענעם נאָמען, און אַזוי ווי קיינער האָט ניט געקענט זען אַ שלעכטן מאָטיוו אין זיין לויבן און זינגען מיין נאָמען און מיינע מעשים טובים, האָבן אים פילע געגלויבט.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט און מיין פאָטער האָט גענומען קריגן טעגלאַכע געסט פון שטאָט און פון אַרומיקע שטעטלאַך. דאָס האָט מען געדאַרפט האָבן דעם אַדרעס פון „לאָרד ראָט־שילד'ס רעכטער האַנט" אין לאָנדאָן, און וואָס מער מיין גוטער, קלוגער, אַלטער טאַטע, ניט וועלנדיק מיך באַלעסטיקן, האָט גע־מאַכט שוועריקייטן, אַלץ מער איז מען געוואָרן איבערצייגט, אַז איך מוז עפּעס זיין ווער ווייס וואָס פאַר אַ וויכטיקע פּערזענ־לאַכקייט.

דער פּועל־יוצא איז יעדנפאַלס געווען, אַז איך בין, ווילנדיק —ניט ווילנדיק, ווירקלאַך געוואָרן אַ גאַנצער שתדלן פאַר אידי־שע עמיגראַנטן פון דער ליטאָ און פון פּוילן, ווערנדיק דורך דעם אין אמת'ן אַן איינגייער, הגם אַזאַ אומליבער גאַסט ווי דער שפּריכווערטלאַכער טאַטער אין רוסלאַנד, ביי די אידיישע פּרים־טער און הויך־פּריסטער פון דער גילדערנער קאַלב.

אגב־אורחא וועל איך דאָ זאָגן, אַז אויב מיר פּלעגט זיך אַמאָל איינגעבן צו קריגן אַ חשוב'ע אונטערשטיצונג פאַר אַן אומגליקלאַכער עמיגראַנטן־פאַמיליע, איז דאָס כמעט תמיד גע־

ווען, כדי זיי אוועקצושיקן פון ענגלאַנד. דער גרעסטער טייל פון דעם באַרימטן „מענשיאָן־הויז־פאָנד“ (אַ האַלבער מיליאָן דאָלאַר) איז פאַרווענדעט געוואָרן צו דעם צוועק, אַז מען זאָל וואָס גי־כער פּטור ווערן פון די „פּאַלאַקים“.

* * *

אָט איז אַ פאַל פון שתדלנות, וועלכער איז ווערט, אַז מען זאָל אויף אים שפּענדן אביסל צייט, טינט און פּאַפּיר.

אין לאָנדאָן איז, צווישן פילע אַנדערע, אין דעם יאָר 1882 אָנגעקומען אַ סלאָבאָטקער פאַמיליע פון 4 אָדער 5 פּערשוין. דער פאַמיליענפאָטער, אַ תלמודיסט, אַ מחבר און אַ פריידענקער (בשתיקה) האָט געהאַט צו מיר אַ בריוו פון מיין אַלטן. דאָס איז געווען וואָס מען רופט אויף דעם פילאַנטראָפּישן לשון „אַ דרינ־גענדער פאַל“.

איידער זיי זיינען געקומען צו מיר, האָט זיי דער שלים־מזל. דער הויפּט־אָרגאַניזאַטאָר פון דער אידישער עמיגראַציע נאָך היינטיקן טאָג, פאַרפירט אין אַ כשר׳ער אכסניא אין מענסעל סטריט, ניט ווייט פון דער טעמזע, וואו מען האָט איינוואַנדערער רעגלמעסיק באַריסן, געפליקט און געשונדן — אפילו אַזעלכע וואָס האָבן געהאַט זייער ווייניק הויט, פעדערן און קליידער אויף זיך, וועלכע עס זאָל לוינען צו שינדן, צו פליקן, צו רייסן.

די אויפגאַבע פאַר מיר איז געווען אַ דאָפּלטע: מען האָט זיי געדאַרפט באַשיצן געגן דעם בעל־אכסניא און זיי אַזוי גיך ווי מעגלאַך אוועקשיקן קיין אַמעריקע, וואוהין זיי וואָלטן לכתחילה דירעקט געווען געפאָרן, ווען זיי וואָלטן געהאַט מיט וואָס.

דאָס איז אָבער ניט געגאַנגען אַזוי גיך ווי מיר און זיי האָט זיך געוואָלט, דערהויפּט ווייל צו די שיפסקאַרטן האָט זיך געבעטן אַ קליינע סומע געלט, כדי זיי זאָלן ניט אָנקומען אין דער נייער וועלט, ווי מען קומט אָן אויף יענער וועלט: מיט ליידיקע הענט.

און אין אַ צייט פון אַ וואָך אָדער 10 טעג איז די אומ־גליקלאַכע פאַמיליע געווען צונויפגעשפּאַרט אין אַ קליינעם, שמוציקן צימערל, וואו דער דלות האָט געפּייפט פון אַלע לעכער,

שפּילנדיק אַ מוראַ׳דיק-טרויעריקן „הנני העני ממעש״; וואו איין בעט האָט אין זיך פּאַמיעסטשעט אַלעמען און איין טרוקענער ביס, האָט אַלעמען געזעטיקט.

אָבער ניט דאָס בין איך אויסן.

איין אָוונט קום איך באַזוכן מיינע לאַנדסלייט. איך געפין אין צימער אַ יונגען מאַן, אַ בחור פון אַ יאָר 20, זייער אָן אָפּ־געריסענעם, זיצנדיק ביים טישל, אויף וועלכן עס האָט געברענט אַ קעראָסין-לאָמפּ, און דוקא ניט קיין זייער שלעכטער, זיצנדיק און לייענענדיק אַ בוך.

אויפן ערשטן אויגנבליק האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך בין אין אַ פרעמדן צימער. איך פרעג דעם בחור און געפין אַרויס, אַז איך האָב ניט פאַרבלאָנדזשעט. מיר ווילט זיך פרעגן, ווי אַזוי ער קומט אין זייער צימער, נאָר איך האַלט זיך צוריק.

איך גיי אַרויס. מיר קומט אַנטקעגן מיין פריינט. איך דער־צייל אים, אַז דער עסק גייט כשורה, אַז ער וועט מיט זיין פאַמי־ליע באַלד קענען אָפּפאָרן נאָך אַמעריקע.

„קסטאַטי! — זאָג איך צו אים — ווער איז דאָס דער בחור ביי אייך אין צימער?״

— ער? — ענטפערט מיין פריינט — ער האַלט זיך דאָ אויף ביי אונז.

— ביי אייך? — פרעג איך אַ פאַרוואונדערטער.

דער מאַן ווערט מבולבל, עפּעס אַזוי ווי איך וואָלט אים גע־כאַפּט ביי אַ גנבה, און ענטפערט, שטאַמלענדיק:

— פאַרשטייט איר... האָט ער דאָך געבלאָנדזשעט ביינאַכט אין ווייטשעפּעל... הונגעריק, אָפּגעריסן... האָב אים געפונען אַזוי אָן אַ... אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ, האָב אים אַריינגענומען. מיט איינעם מער... סיי־ווי־סיי ניט גראַם. וואָס זאָל מען טאָן?



# צוגאבן

צו זייט 19

הורוויטש דער „אַריסטאָקראַט“ אונזערער האָט די ערשטע צייט געזוכט אַרבעט. אַ פּאַריער־באָס (פּעלצהענדלער) ווידער האָט געזוכט „הענט“. איז הורוויטש, כדי יוצא צו זיין פאַר זיין געוויסן און פאַר אונז, וועלכע האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פוילן, צו אים געקומען נאָך אַרבעט.

גוט. ער האָט אים אוועקגעשטעלט ביי פּעלצלאַך און דער אָרימער אומגליקלאַכער האָט ביי דער אַרבעט אויסגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג. פאַרנאַכט רופט אים צו דער באָס.

— ווייזט,—זאָגט ער,—אייערע הענט אויף טשיקאַוועס.

הורוויטש, קלערנדיק, אַז ער וויל אים מאַכן אַ פּאַרוואורף פאַר ניט האַלטן ריין די הענט ביי אַזאַ אַרבעט ווי פּעלץ, האָט שמייכלענדיק אויסגעשטעלט זיינע ביידע פינף־פינגערדיקע אַר־בעטס־אינסטרומענטן.

— ווייסע הענטעלע — האָט יענער אונטערן נאָז געבור־בעלט — צו ווייס, צו איידל, קומט בעסער מאָרגן ניט... אַרבעט צו גראָב פאַר אייך... קומט בעסער ניט...

קיין ליטווישער חדר־אינגל איז קיין דאַנקבאַרער פאַרטאָג פון קיין חדר ניט אַרויס מיט אַ פריילאַכערן האַרצן, ווי אונזער הורוויטש.

צו זייט 26

דאָס ענגלישע שפּריכוואָרט הייסט אין אָריגינעל:

March winds and April showers
Bring forth May flowers.

צו זייט 106

גלייך ווי ליבערמאַן איז אָנגעקומען אין לאָנדאָן (אין מיטן ווינטער 1880) האָט ער מיך באַקאַנט געמאַכט מיט סמירנאָוון *), דעם רעדאַקטאָר פונם „וופּעריאָד“, און אייניקע אַנדערע רוסי־

*) אַ היבשער טייל פון ליבערמאַנ׳ס בריוו אין די יאָרן 1876—1877 זיינען געשריבן צו סמירנאָוו׳ן. — ק. מ.

שע חברים—פון איין זייט, און פון דער אנדערער זייט—מיט אייניקע פון זיינע עלטערע תלמידים פון דעם יאָר 1876, ווען ער איז אין לאָנדאָן געווען צום ערשטן מאָל.

צו זייט 110

וואנדערנדיק מיט מיר איבער די גאסן פון דעם לאָנדאָנער אָסט־ענד צווישן דלות און שכרות און דעם סאָרט פאַר'בהמה'טע מענטשן, וועלכע די נויט ברייננט ארויס און דער שענק דער־ציט, — דאָרטן מיט מיר וואנדערנדיק פון אָוונט, פלעגט לי־בערמאַן, אַלץ מער, אַלץ אָפטער איצט רעדן פון רחל'ען. ווי קומט זי, אשטייגער, צו אָסבאָרן סטריט, דעמאָלט איינע פון די אָרימסטע, שכור'סטע גאסן אין ווייטשעפעל? ווי קומט זי,—זי, רחל,—צו אזא מאַן, צו אזא פרנסה, צו אזא „סביבה" — ווי מיר וואָלטן היינט זאָגן?

נאטירלאך, האָט ער זי שוין דאַן אביסל אידעאַליזירט; אָבער זיין פראגע, זיין „בתמיה" איז ניט געווען צו שטארק איבער־טריבן, ווי מען וועט באלד זען.

* * *

מיין קוזינע רחל איז געווען די מוזשינקע פון מיין פעטער הירשל מארקאָווסקי, דער „לאנד חכם", דער גרעאָטנסטער פון מיין באָבע צלה'ס ברידער.

ווי שוין באַשריבן, האָט דער פעטער הירשל געוואוינט מערסטענס אויפן לאנד, וואו ער האָט געהאט א „מאַיאָנטעק" און געשפּילט די ראָל פון א אידישן פריץ.

און אין זיין הויז אין קאָוונע, וואו ער פלעגט וואוינען אַ גרויסן טייל פון יאָר, זיך משפט'נדיק אָדער קורירנדיק, האָט זיך אויסגעהאָדעוועט זיין ליבלינג, די מוזשינקע רחל, שפילנדיק די ראָל פון א יונגער דאמע, לייענענדיק א בוך, טראָגנדיק גלאַסעי־הענטשקעס, א זונענשירם, מאַכנדיק א קניקס על־פּי חוקי העטיקע־טע, גראציעזו, שמייכלענדיק און רעדנדיק — צי גראמאטיקאַליש, צי ניט, ווייס איך ניט — פויליש, און אידיש מיט א דייטשן אַקצענט.

אָט־די אַלע מעלות האָבן איר זייער פיל געשאַדט.

אזוי לאנג ווי דער פאָטער האָט געלעבט איז ער געווען אין קאָוונאָ, וואו עס האָט זיך פאַר איר געקענט מאכן אַ שידוך, נאָך אין דער געזעלשאַפט פון אדוואָקאטן און דאָקטוירים. דעם פאָטער פלעגן, אמת, באזוכן יונגע פּריצים, אָבער זיי רעכנט מען ניט צו אַ מנין און מיט זיי טוט מען ניט קיין שידוך. חוץ דעם איז זי געווען זיין „סידעלקא" אין קראנקהייט און זיין סעקרעטאַר אין די משפטים. דער קלוגער, קראנקער מאַן האָט ניט געקענט אַרום איר טראכטן, און אַגב איז זי, זיין רעכטע האנט, געווען צו וויכטיק פאַר אים אליין, אַז מען זאָל איר קענען איבערגעבן צו אַ מאַן פאַר אַ ווייב. קלוגע און קראנקע מענטשן זיינען גרויסע עגאָאיסטן.

און דאָ איז ער געשטאָרבן.

דער מאַיאָנטעק, מיט דער לאנד־חכמה, מיט דער גדולה ביי די פּריצים, מיט די גרויסע געשעפטן, מיט די פּראָצעסן, וואָס מען האָט אָט־אָט געדאַרפט געווינען, מיט אַלץ־מיט־אַנאַנדער איז מיט אַמאָל איינגעפאלן ווי קאָרטנהייזל אין אַ ווינט. רחל איז געבליבן אַן אָרימע יתומה — כאָטש גיי בעטל מיט די גלאַסע־הענטשקעס אָף די איידעלע הענט.

און ווי דער סדר־עולם איז, האָט רחל געענדיקט ווי קריילאָוו'ס בראַקוניכע־כלה און זי, וואָס האָט ניט געוואָלט קוקן אויף פילע „פיינע" יונגע לייט, האָט חתונה געהאַט מיט אַ קאַליעקע — אַ מאַראַלישן, אינטעלעקטועלן קריפּל.

מיט אים איז זי דאָס פאַרוואָגלט געוואָרן קיין לאָנדאָן. מיט אים האָט זי „אָפּגעפינסטערט" אירע יונגע יאָרן. נאָך עפּעס אַזוי ווי איר אַמאָל צו לאָזן אָפּציען דעם אָטעם, פלעגט ער פון צייט צו צייט אַנטלויפן.

* * *

דאָס אַלעס און אַ סך אַנדערע אינטערעסאַנטע און כאַראַקטעריסטישע איינצעלהייטן וועגן איר, וועלכע קענען דאָ ניט דערציילט ווערן, האָט ליבערמאַן פון מיר ערפאַרן יענעם אָוונט אין דער צייט פון אונזער שפּאַצירגאַנג, — דאַן און ביי אַנדערע געלעגנהייטן.

# אינהאַלט פון צענטן באַנד:

## דער „פּוילישער אידל".

## דער „אַרבעטער פריינד"



## מיין אָנקום אין אַמעריקע.

# בילדער און אילוסטראַציעס: